# אינהאַלט

# י. ל. גרוזמאַן באַזוכט טשילע

אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן, האָט טשילע באַזוכט י. ל. גרוזמאַן.

גרוזמאַן איז אָנגעקומען קיין אַרגענטינע פון בעסאַראַביע, פון יעדענעץ. ער האָט זיך דערצויגן אין דער מאָדערנער ישיבה פון אָדעס און זיך געוואַרעמט אין די קוילן פון ח. נ. ביאַליק (איך דריק זיך אויס מליצהדיק, אין דעם באַליבטן סטיל פון גרוזמאַנען).

ער האָט געפּרובירט זיין פּען אויף העברעישע לידער, אין די גאָר יונגע יאָרן. קאָנטיק, אז פון דעם פּרווו איז גאָרניט אַרויסגעקומען. אָבער זיין גרויסער, אינערלעכער באַגער צו זיין אַ שרייבער ביי יידן, האָט זיך ביי אים קיין מאָל ניט אויסגעלאָשן.

ווען ער איז אָנגעקומען קיין אַרגענטינע, אין די אָנהויב צוואַנציקער יאָרן, האָט ער זיך דאָרטן לכתחילה גענומען צו לערערײַ. שפּעטער־צו האָט ער אָנגעהויבן מיטצואַרבעטן אין דעם וועכנטלעכן זשורנאַל „פּנימער און פּנימלעך״, וואָס משה שפּריגבערג האָט רעדאַקטירט און אַרויסגעגעבן.

גרוזמאַן איז אַוועק פון די „פּנימער און פּנימלעך״ און האָט אַרום 1929—1930 געגרינדעט זיין זשורנאַל „דער שפּיגל״ — אויך אַ וועכנט־לעכער. („דער שפּיגל״ איז נאָך דעם איבערגעאַנגען צו אַ חודשלעכן זשורנאַל און דערשיינט נאָך עד היום. היינט גיט אים אַרויס מרים גרוזמאַן).

פאַרשטייט זיך, אַז קיין גוטע פריינדשאַפט האָט שוין מער ניט געהערשט צווישן שפּריגבערגן און גרוזמאַנען.

גרוזמאַנען האָבן בכלל ניט געפעלט קיין קעגנער. ער איז דעמאָלט געווען יונג און היציק. בטבע איז ער געווען אַ מענטש מיט גרויסע אַספּיראַציעס. ער האָט זיך אַליין געוואָלט אַריבערשפּרינגען און ניט געקענט.

ער האָט געגאַרט צו ווערן אַ בעלעטריסט, און אַז ער האָט געזען אַז ער קען צו דעם ניט דערגיין, האָט ער זיך גענומען צום זשורנאַליזם.

ער האָט ליב געהאַט צו שרייבן אין הויכן טאָן. ער פלעגט זוכן כשרות ביי אַלעמען און ליב געהאַט דאָס מליצהדיקע מוסר־וואָרט.

און ווער האָט עס ליב מוסר ?!

שלום־עליכם האָט שוין לאַנג געזאָגט: איר האָט עפּעס ליב מוסר ? — איך ניט.

פּיניע קאַץ, דער דעמאָלסטדיקער רעדאַקטאָר פון „די פּרעסע", האָט גרוזמאַן ניט טאָלערירט. מיט באָטאָשאַנסקין איז אויך ניט געווען קיין גוט לעבן.

ניט קוקנדיק וואָס איך בין דאַן געווען אַ מיטאַרבעטער אין „די פנימער און פנימלעך" און מ. שפּרינגבערג האָט פאַר מיר געשטעלט אָפן זיין זשורנאַל פאַר אַלעם וואָס איך האָב נאָר געוואָלט שרייבן, האָב איך דאָך אויפגענומען גרוזמאַנען אויף זיין באַזוך אין טשילע, קאָלעגיאַליש און חבריש.

די יידן אין טשילע, גאַסטפריינטלעכע, ווי דאָס זיינען די איינגעבוי־רענע, האָבן זייער שיין אויפגענומען גרוזמאַנען. ער האָט אויך ניט געקאַרגט קיין שבחים פאַרן יידישן ישוב פון טשילע.

אָבער ווען ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים פון זיין רייזע, האָט ער פאַרעפנטלעכט אַן אַנגרייפערישן אַרטיקל קעגן דעם טשילענער ישוב.

גרוזמאַן האָט קיין ליגן ניט געשריבן וועגן יידישן ישוב. נאָר דער אמת איז געווען צו פיל אַן איינזייטיקער. קיין גוט וואָרט ניט.

עס קען זיין, אַז טיף אין האַרצן האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן דער אייפער־געפיל פאַר דעם יידישן ישוב אין טשילע. איך בין דאָך שוין געווען אַ שטיקל תושב זיינער און אים געדינט ביי אַ צען יאָר. איך האָב ניט געקענט פאַרטראָגן די עוולה קעגן ישוב:

— פאַרוואָס האָט גרוזמאַן ניט געזאָגט דאָס וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן, ווען ער איז געווען אין טשילע און האָט דאָרטן געהאַט זיינע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען? פאַרוואָס האָט ער זיי דאַן, די טשילענער יידן, געלויבט און געבענטשט, און אונטער די אויגן שילט ער זיי?

האָב איך דאַן אָנגעשריבן אַן אַרטיקל „פּע פּאַניע גרוזמאַן, ניט שיין פון אייך" און אים פאַרעפנטלעכט אין „פנימער און פנימלעך". דאָרטן האָב איך אַרויסגעבראַכט די אויבנדערמאָנטע טענות מיינע. אויך מיר האָט צו יענער צייט ניט געפעלט קיין טעמפּעראַמענט ביים ריידן און ביים שרייבן. איך האָב אויך געקענט גאַנץ גוט אַ ביס טאָן אייגעם, ווען איך האָב זיך אויף אים צעבייזערט.

די אומפריינדשאַפט צווישן מיר און גרוזמאַנען האָט שוין דאַטירט פון פריער.

ער האָט נאָך פון פריער ניט געקוקט אויף מיר מיט קיין גוטע אויגן.

ווען איך האָב צוזאַמען מיט ריזענבערגן אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט דעם חודש־זשורנאַל „ביי די אַגדן״, האָט גרוזמאַן דאָס דערשייבען פון דעם דאָזיקן זשורנאַל ניט גוט אויפגענומען און ניט באַגריסט, נאָר זיך געטשעפּעט צו אייניקע אויסדריקן פון מיין אַ ליד פון עם ציקל, וואָס מיר האָבן דאָרטן פאַרעפנטלעכט אונטערן נאָמען „אין די קאָלינער בערג״, אין דער זעלבער צייט וואָס נחמן מייזיל האָט אין די „ליטעראַרישע בלעטער״ געבענטשט אונדזערע הענט וואָס בויען אויף אַזאַ זאַמדיקן באָדן.

ווען איך האָב אָנגעגריפן גרוזמאַנען אין דעם אַרטיקל אין „פּנימער און פּנימלעך״, האָט פּאַסירט אַ זאַך וואָס האָט ניט געדאַרפט געשען. אין מיינע אַלע אַרטיקלען, פעליעטאָנען, דערציילונגען און לידער וואָס איך האָב ביז דאַן פאַרעפנטלעכט אין „פּנימער און פּנימלעך״ — סיי אונטער מיין נאָמען, סיי אונטער פּסעוודאָנימען — האָט שפּרינגבערג זיך קיין מאָל ניט דערלויבט עפּעס צו ענדערן אין זיי. ער האָט פון זיי ניט אַראָפּגענומען קיין וואָרט און ניט צוגעגעבן.

אָבער דאָ — אין מיין אַרטיקל וועגן גרוזמאַנען — האָט ער זיך ניט געקענט גובר זיין, און צוגעגעבן עטלעכע באַליידיקנדיקע אויסדרוקן קעגן גרוזמאַנען. ער האָט צוגעגעבן אַזעלכע זאַכן וואָס איך האָב זיי אַפילו בדעה ניט געהאַט צו זאָגן בעת אַ מחלוקת.

קיין פאַרענטפערונג פאַר גרוזמאַנען וואָלט מיר ניט געהאָלפן.

פאַר דעם שרייבן קעגן אים, איז ער מיר געוואָרן אַ שונא, און איז מיר ניט געבליבן קיין בעל־חוב. ביי אַ געלעגנהייט האָט ער מיר צוריקגעפּאַטשט מיט זיין שאַרפער פען.

די אומפריינדשאַפט צווישן אונדז האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר.

אין 1940 האָב איך פאַרעפנטלעכט מיינע רייזע־איינדרוקן פון צפון־אַמעריקע.

איך האָב דאָרטן דערציילט וועגן דעם גרויסן שלום אַש, וואָס האַלט זיך אַזוי שטאָלץ צווישן זיינע יידישע קאָלעגן־שרייבער, אַז ער פאַרגינט זיך אַפילו ניט צו זעצן צו זייער אַ טישל, ווו עס געפינט זיך זיין יוגנטחבר און פריינד אברהם רייזין — ווי אַזוי איך טרעף אים מיט עטלעכע

טעג שפּעטער אין אַן אַפּאַרטאַמענט־סטאָר זיצן און אונטערשרייבן מיט ליבנסווירדיקייט זיין אונטערשריפט, אויף יעדן געקויפטן בוך זיינעם.

איך האָב אויך געשילדערט דאָס אויסזען און די האַלטונג פון אב. קאהאן נעגאַטיוו. גרוזמאַן האָט זיך דאַן אָנגענומען דעם כבוד פון די יידישע שרייבער, וועלכע איך זאָל כלומרשט האָבן באַליידיקט.

דאָס איז געווען זיין לעצטער אַרויסטריט קעגן מיר.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער ווידער באַזוכט טשילע — און נאָך דעם נאָך עטלעכע מאָל — און ווען ער האָט מיר נאָר באַגעגנט, איז ער מיר אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס. פון דאַן אָן זיינען מיר פאַר־בליבן גוטע פריינד, עד יום מותו.

גרוזמאַן איז גלייך אַריבער אויף „דו״, ווי זיין שטייגער איז געווען. איך בין געבליבן ביי מיין „איר״.

מיר איז זייער שווער אריבערצוגיין אויף „דו״. עס זיינען דאָ גע־ציילטע מענטשן אויף דער וועלט וועמען איך זאָג „דו״ און דאָס דאַרפן זיי זיין פון דער פאַמיליע. ווען איך גיי שוין אַפילו אַריבער אויף „דו״, קער איך זיך גלייך צוריק אום צו דעם „איר״.

אין אונדזער פריערדיקער אומפריינדשאַפט איז אַ סך שולדיק געווען די פאַרטיקע צוגרייטונג וואָס איך האָב געהאַט וועגן גרוזמאַנען, און מסתּמא אויך פון דער זעלבער צוגרייטונג וואָס ער האָט געהאַט וועגן מיר.

דערפאַר איז אין אונדזער שפּעטערדיקער אומאיבערגעריסענער פריינד־שאַפט געווען דער גורם די קעגנזייטיקע דערקענטעניש צווישן זיך.

י. ל. גרוזמאַן איז געווען אַ ברייטער, הייסער, בעסאַראַבער ייד, מיט אַ פולזודיקן האַרץ. ער איז דאָס געווען סיי אין לעבן, סיי אין שרייבן. ער האָט תמיד געשריבן אין הייסן, פּאַטעטישן טאָן. דערפאַר איז ער אין שרייבן דערגאַנגען צו דעם מליצהשן נוסח. מליצה האָט ליב דעם אויסגעשריי־צייכן, און גרוזמאַן האָט אין זיין שרייבן אויסגע־שריען זיין ווייטיק, זיין צער, זיין פּראָטעסט איבער די עוולות און די פאַלשקייטן וואָס האָבן זיך אָפּגעטאָן אַרום אים.

ער האָט געהערט צו די מענטשן וואָס קענען קיין עוולות ניט פאַר־טראָגן און דאָס האָט אים געמאַכט שווער זיין לעבן.

גרוזמאַנס פּאַטעטישע, געהויבענע וואָרט, איז געווען צו הויך פאַר די געזעלשאַפטלעכע אומרעכטן וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן אין בוענאָס איירעס אין עפּעס אַ יידישער אינסטיטוציע, און ער האָט אָפט מאָל אויסגעזען דאַן קיכאָטיש, אָדער גראָטעסק.



י. ל. גרוזמאַן, מיט אַ גרופּע טשילענער יידישע שרייבער, בעת איינעם פון זיינע באַזוכן.
פון רעכטס אויף לינקס: זיצנדיק — יצחק בלומשטיין ע״ה, י. ל. גרוזמאן ע״ה און נח וויטאל ע״ה.
שטייענדיק: מ. ד. גיסער ע״ה, דער מחבר, דוד דובינאָווסקי ע״ה און יונה אַבאַדאָווסקי.

ער איז געווען אַן אומרויִקער מענטש. ער האָט תמיד געזוכט עפּעס צו מתקן זיין, עפּעס אויפצוטאָן גרויסעס, עפּעס אַזוינס וואָס זאָל מרעיש עולם זיין.

ער האָט ליב געהאַט צו ריידן וועגן זיך אין דער דריטער פּערזאָן. אַ מאָל פלעגט ער זיך אָנרופן גרוזמאַן און אַ מאָל פּשוט ביי זיין נאָמען — לייבעלע.

מיר זיינען אַ מאָל געגאַנגען איבער די סאַנטיאַגישע גאַסן. זיי זיינען געווען פאַרפלייצט מיט ליכט און באַצירט מיט בלומען און בוימער. גרוזמאַנען האָט אַרומגענומען אַ חדווה פון גאָטס ליכטיקער שיינענדיקער וועלט, און ער רופט זיך אָפּ צו מיר מיט עקסטאַז, ווי ער וואָלט צו זיך אַליין גערעדט:

— וואָרט, פּילאָווסקי, לייבעלע האָט נאָך ניט געזאָגט זיין לעצטע וואָרט. ער וועט נאָך אַ מאָל אַזוינס אַ זאַג טאָן, אַז דאָס וועט די וועלט אויפרודערן.

ער האָט אַזוי גערעדט, ווייל דאָס איז געווען זיין שטאַרקסטער באַגער, זיין שטאַרקסטער ווילן. ער האָט זיך געריסן צו דער הויך.

„דער שפּיגל" איז פאַר גרוזמאַנען געווען דאָס טייערסטע אויף דער וועלט, זיין יום־טוב. ער האָט אים גערופן „מיין קינד", נאָך איידער ער האָט אַליין געהאַט קינדער, און ער האָט אים געכאָוועט, געצערטלט און ליב געהאַט ווי אַ קינד. איך האָב אין מיין לעבן ניט באַגעגנט נאָך איינעם וואָס זאָל זיין אַזוי פאַרליבט אין זיין ווערק, ווי גרוזמאַן. קיין זאַך איז אים ניט שווער געווען פאַר זיין זשורנאַל. צוליב דעם „שפּיגל" האָט ער געגנע־ונדעט איבער דער וועלט, און קראַנקערהייט — אויף אַלע פיר ווי מען זאָגט — אַרומגעקראָכן, אָן כוחות, און אים רעדאַקטירט, ביז ער איז געפאַלן.

מיר האָבן זיך איבערגעשריבן צווישן זיך, און ווען איך פלעג זיך נאָר אַראָפּכאַפּן קיין ב. איירעס, בין איך געווען זיין גאַסט און דער גאַסט פון זיין פאַמיליע.

אין 1960 בין איך געפאָרן אויף אַ באַזוך קיין ישראל. אַהין וועגס בין איך דורכגעפאָרן ב. איירעס.

גרוזמאַן האָט ביי מיר דאַן גענומען דאָס וואָרט, אַז די בכורה צו פאַרעפנטלעכן מיינע אַרטיקלען וועגן מדינת ישראל, זאָל געהערן דעם „שפּיגל", און איך האָב געהאַלטן וואָרט, כאָטש ער האָט שוין ניט דערלעבט צו לייענען די לעצטע קאַפּיטלעך פון מיינע איינדרוקן.

ער האָט זיך אָפּגערופֿן מיט באַגייסטערונג וועגן מיינע ערשטע פֿאַרצייכענונגען פֿון דעם וואָס איך האָב געזען אין ישראל.

און אָט באַקום איך פֿון אים אַ בריוו, אַז ער איז פּלוצלינג איינגעפֿאַלן, אַז דאָקטוירים ווייסן נאָך ניט וואָס אים איז. פֿון בריוו האָב איך געזען אַז פֿון דעם ערשטן אָנפֿאַל האָט זיך דער באָדן אונטער אים אַ וואַקל געטאָן.

ער האָט אויך קראַנקערהייט, אין זיינע בריוו, וועגן קיין זאַך זיך אַזוי ניט געזאָרגט ווי וועגן זיין אַרבעט, וועגן דעם גורל פֿון זיין זשורנאַל „דער שפּיגל״.

אין אַ בריוו פֿון דעם 23־סטן נאָוועמבער 1960, שרייבט ער מיר:

„אין דער צייט פֿון מיין שווערער קראַנקייט, האָבן מיר באַזוכט 200 מענטשן, צווישן זיי אויך קאָלעגן און אַפֿילו קעגנער. פֿריינד און לייענער האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך איידעלע באַציִונג צו מיר. אָבער ווען איך האָב געבעטן אייניקע קאָלעגן, זיי זאָלן רעדאַגירן דעם אָקטאָבער־נומער „שפּיגל״, האָבן זיי צוגעזאָגט דאָס צו טאָן, נאָר קיינער, קיינער איז ניט געקומען, אַפֿילו אַ נאָטיץ צו מאַכן. בין איך, יענע וואָך, אַראָפּ פֿון בעט און מיט אַ סך שוועריקייטן — און נאָך מער ליבשאַפֿט — האָב איך אַליין, אַליין רעדאַגירט דעם נומער, וואָס וועט די וואָך דערשיינען״.

גרוזמאַן האָט זיך מיט זיין ליבשאַפֿט צו זיין לעבנס־ווערק — „דער שפּיגל״ — אויך פֿאַרמאָסטן קעגן דעם מלאך־המוות, זיך געראַנגלט מיט אים און אַ שטיק צייט אים ניט צוגעלאָזן צו זיך, צו באָענט.

עקשנות, שרייען — חסרונות דוכט זיך — זיינען גאָר געווען גרוז־מאַנס מעלות.

מיט עקשנות האָט ער אַרויסגעגעבן זיין זשורנאַל און מיט עקשנות האָט ער דאָרט געזאָגט וואָס ער האָט געוואָלט.

שרייען, וואָס העלפֿט עס? דאָס שרייען איז נישט שיין! אָבער אַז עס טוט וויי, שרייט מען...

ניט פֿאַר זיך אַליין האָט גרוזמאַן אָפּגעהיט און אויפֿגעהאַלטן זיין טריבונע, נאָר ער האָט זי אויך געהאַלטן אָפֿן און צוטריטלעך פֿאַר אַנדערע. ער האָט אויך אַנדערע געוועקט און געמאָנט, זיי זאָלן קומען צום וואָרט.

אין זיינס אַ בריוו פֿון 20־סטן פֿעברואַר 1961, שרייבט ער מיר פֿון זיין טויטן־בעט:

„פֿאַרוואָס שרייבט איר ניט פֿאַר יעדן נומער אַ מאמר, וואָס

זאָל רעאַגירן אויף געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע עוולות? פעלן זיי דען ביי אונדז? עס הערשט אַזאַ הפקרות אויף דעם געביט — און אַלע שווייגן! מעג מען? מיר אויך? (אונטערגע־שטראָכן פון גרוזמאַנען). איך באַקום לעצטנס, נאָר שמור לי ואשמור לך־אַרטיקלען. גוואַלד, ר׳ יעקב, וואָס טוט מען מיט דער חניפה, וואָס האָט זיך צעשפּרייט, איבער אַלע אונדזערע גע־מאַרקן? צוליב דעם דאַרף מען אַרויסגעבן יידישע זשורנאַלן? היה לא תהיה!״

י. ל. גרוזמאַן איז געווען איינער פון די פאַנאַטיש־פאַרליבטע אין יידישער שאַפונג און אין יידישן פאָלק, וואָס איך האָב אין מיין לעבן באַגעגנט.

זיינע עטלעכע און דרייסיק יאָר לעבן אין אַרגענטינע, געהערן צו דעם פונדאַמענטאַלן מאַטעריאַל, אויף וועלכן עס האַלט זיך און עס שפּאַרט זיך אָן דאָס יידישע לעבן אין דעם דאָזיקן לאַנד.

## ד״ר בערמאַן

איך האָב שוין איין מאָל גערעדט וועגן ד״ר בערמאַן און עס וועט נאָך מיר אויסקומען צו דערמאָנען זיין נאָמען, טאָ לאָמיר אייך באַקענען מיט דער דאָזיקער פיגור, וואָס האָט געשפּילט אַ ראָליע אין דעם לעבן פון דעם יידישן ישוב אין טשילע.

ד״ר בערמאַן איז אָנגעקומען קיין טשילע מיט זיינע עלטערן, פון רוסלאַנד, אין 1915. ער איז דאַן אַלט געווען 12 יאָר. זיינע עלטערן האָבן זיך באַזעצט אין דער פּאָרט־שטאָט וואַלפּאַראַיסאָ.

ד״ר בערמאַן האָט געהאַט אַן אומגליקלעכע יוגנט. ער פאַרלירט אין אַ פּאָר יאָר אַרום נאָך זייער אָנקומען קיין טשילע זיין פאָטער און אין אַ קורצער צייט שפּעטער אַ פוס, ביי אַ טראַמוויי־אַקצידענט.

דער יונגער בערמאַן איז אָבער געווען פון אַ שטאָלענעם כאַראַקטער. ער האָט נאָך בעסער געלערנט און איבערגעשפּרונגען איבער די קלאַסן אין זיין גימנאַזיע. אַחוץ דעם האָט ער אין זיך דערפילט דעם כוח פון צו זיין אַ פירער פון אַנדערע. אַלס 17־יעריקער יינגל באַווייזט ער זיך

אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן פון טשילע, און לאָזט זיך אויף הערן.

זיין פאַמיליע פאָרט אַריבער אין דער הויפּטשטאָט, סאַנטיאַגאָ, ווו ער דיפּלאָמירט זיך, אַלס מעדיצינער, אין עלטער פון 24 יאָר. ער איז שוין דאַן דער רעדאַקטאָר פון דעם חודשלעכן זשורנאַל אין שפּאַניש, „נאָסאָטראָס" (מיר), און דער פירער פון דער יידישער יוגנט.

אין 1930 איז ער געקומען צום ציוניסטישן קאָנגרעס אַלס פּאָרזיצער פון דער טשילענער יידישער יוגנט, „אכי", („אַסאָסאַסיאָן דע כאָווענעס איזראַעליטאַס" — פאַרבאַנד פון דער יידישער יוגנט).

דער דאָזיקער פאַרבאַנד האָט אונטער זיין פירערשאַפט דאַן געציילט מיט 600 מיטגלידער. מיט די עטלעכע און פערציק דעלעגאַטן פון דער יוגנט צום ציוניסטישן קאָנגרעס, מיט די שטימען פון די פּועלי־ציון, וואָס האָבן זיך דאַן געגומען באַווייזן, און מיט נאָך עטלעכע שטימען, איז בערמאַן אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע.

ווי איך האָב שוין דערציילט, האָט מען אים אָבער ניט צוגעלאָזט צום סוף:

— אַ יונגער און אָרעמער דאָקטאָרל!

בערמאַן האָט זיך אויך פון דעם ניט פאַרלוירן. ער פאָרט דאַן אַוועק צו פּראַקטיצירן אין קאָנסעפּסיאָן (איינע פון די גרעסטע שטעט פון טשילע). דאָרטן ווערט ער שנעל פּאָפּולער, סיי ווי אַ דאָקטער, אַ מושיע — ביי אָרעמע נעמט ער קיין געלט ניט — סיי ווי אַ פּאָליטיקער.

ער אָרגאַניזירט דאָרטן דעם פאַך פון די שוכפוצער און צייטונגס־פאַרקויפער, וואָס קיינער האָט זיך אויף זיי ניט אַרומגעקוקט און אין גיכן גייט ער אַריין אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס איז געגרינ־דעט געוואָרן אין טשילע דורך עוכעניאָ מאַטטע. בערמאַן ווערט צוויי מאָל אַרעסטירט פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, אין 1935 און אין 1936 (שפּעטער אויך אַ דריטן מאָל). דער פּרעזידענט אַלעסאַנדרי האָט ביי אים אויך אָפּגענומען זיין בירגערשאַפט, וואָס ער האָט באַקומען אין 1925.

ער איז אַ סך מאָל אויסגעקליבן געוואָרן פון זיין פּאַרטיי צו גיין אין פּאַרלאַמענט. שפּעטער גרינדעט ער, צוזאַמען מיט סעסאר גאָדאָי אורוטיאַ, די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון די אינקאָנפאָרמיסטן (נאָן קאָנ־פאָרמיסטן). אין די פערציקער יאָרן גיסט זיך די אינקאָנפאָרמיסטישע פּאַרטיי צוזאַמען מיט דער קאָמוניסטישער. אויך פון די לעצטע צוויי פּאַרטייען איז ער געשיקט געוואָרן אין פּאַרלאַמענט אַריין.

אין 1952, בעת די דאָקטוירים־אָפּערע אין מאָסקווע, פאַרלאָזט בערמאַן די קאָמוניסטישע פאַרטיי און אין אַ פינף יאָר אַרום פאַרלאָזט ער אויך די וועלט.

ער האָט אויף זיין גאַנצן פּאָליטישן וועג ניט פאַרגעסן אַן זיין יידישקייט. ער איז תמיד אַרויסגעטראָטן ווי אַ ייד און איז געבליבן געטריי זיין פאָלק, אין יעדער צייט.

אין זיין סאָציאַליסטישער עפּאָכע איז ער אַפילו געבליבן אַ ציוניסט, און זיך באַטייליקט אין די ציוניסטישע צוזאַמענפאָרן.

ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן האָבן אים די טשילענער יידן פאַרערט. ווי אַ צרה, איז מען געלאָפן צו בערמאַנען. ער איז קיין מאָל ניט מיד געוואָרן פון זיך עוסק צו זיין אין יידישע ענינים. און ער האָט דאָס געטאָן מיט שטאָלץ און מיט ווערדע.

ד״ר נאַטאַליאָ בערמאַן איז געווען דער לאַנג־יעריקער ערן־פּרעזידענט פון דעם יידישן רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט אין טשילע.

אַחוץ פּאָליטיקער, איז ער אויך געווען אַ שרייבער — דער מחבר פון עטלעכע ביכער — און אַ גלענצנדיקער רעדנער, וואָס פלעגט אָנצינדן זיינע צוהערער.

זיין באַליבטער מאָטאָ איז געווען: איך זאָג דאָס וואָס איך טראַכט און טו דאָס וואָס איך זאָג.

מיט ד״ר בערמאַן איז מיר אויסגעקומען צו אַקטואירן צוזאַמען — און דווקא ניט אויף דער יידישער גאַס — ביים אָרגאַניזירן קאָמיטעטן וואָס זיינען געווען געבונדן מיט יידישע ענינים.

דאָס בילד פון בערמאַנס פאָטער, וואָס איך האָב געזען ביי אים אין שטוב, איז געווען אַ קאָפּיע פון בער באָראָכאָוו. אויך בערמאַן איז געווען ענלעך צו באָראָכאָוון, אָבער ניט אַזוי ווי זיין טאַטע. בערמאַן האָט געטראָגן געראָטענערע וואָנצעס פון באָראָכאָוון און פון זיין פאָטער.

מיט זיין שמייכל צווישן זיינע דיקע שוואַרץ־גלאַנציקע וואָנצעס, פלעגט ער קויפן זיינע פריינד און געווינען ביי זיי זייער צוטרוי.

## דער אימיגראַנטן־שוץ־קאָמיטעט

אין 1930 איז אין טשילע געגרינדעט געוואָרן אַן עמיגראַנטן־קאָמיטעט אונטער דעם נאָמען „היקעס״ — די ראשי־תיבות פון האַיאַס,

ייקא און עמדירעקט. זיין גריינדער אין טשילע איז געווען יוסף לוצקי. אין אַ יאָר אַרום איז אים געקומען פאַרשטאַרקן, איינער אָרענשטיין, פון אורוגוואַי. די זעלבע אינסטיטוציע האָט מען אויך אָנגערופן „אימיגראַנטן־שוץ־קאָמיטעט".

ווען דער קאָמיטעט איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין טשילע, האָט מען אים ניט געדאַרפט. ביז וואַנען היטלער איז ניט געקומען צו דער מאַכט, איז אַהין ניט געווען קיין דירעקטע יידישע עמיגראַציע. די יידן וואָס האָבן זיך געפונען אין טשילע זיינען געקומען פון אַנדערע דרום־אַמעריקאַנער לענדער, אָדער זיי זיינען געווען קרובים פון די תושבים. דער הויפּט־דירעקטאָריום פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך געפונען אין פּאַריז, האָט געהאַט אינטערעס אין אויפשטעלן אַזעלכע קאָמיטעטן איבער דער גאַנצער וועלט. האָט מען אויך אין טשילע אַוועקגעשטעלט אַזעלכן.

אַלס פּאָרזיצער האָט מען באַשטימט דעם ד"ר מ. ווײנשטיין. ד"ר ווײנשטיין האָט געהערט צו אַן אַלטער, פאַרצווייגטער יידישער משפחה פון טשילע. ער איז געווען אַ ביסל אַן אָפּגעפרעמדטער פון יידישע ענינים. ער איז צוגעצויגן געוואָרן צו דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן דורך זיין שווער, אַדאָלפאָ קרענאָוויטש, וואָס האָט, נאָך דעם ווי ער האָט דערגרייכט צו אַ הויכער מאַטעריעלער פּאָזיציע (ער האָט געהאַט דעם לוקסוסדיקן דעפּאַרטאַמענט־געשעפט אין טשילע), זיך אַריינגעוואָרפן אין יידישער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

ד"ר ווײנשטיין איז געווען איין יאָר דער פּרעזידענט פון „סירקולאָ איזראַעליטאַ".

ער איז געווען אַזוי ווייט פון דעם גייסט פון יידישער כלל־טוערײ, אַז אויף דער שטורמישער פאַרזאַמלונג ווו וויטאַל איז אויסגעשלאָסן געוואָרן ווי אַ מיטגליד פון „סירקולאָ", האָט ער געפאָכעט מיט אַ רעוואָלווער.

מיט דעם יאָר זיין פּרעזידענט פון „סירקולאָ", און נאָך דעם אַ 8 יאָר פּרעזידענט פון דעם קאָמיטעט, האָט זיך זיין געזעלשאַפטלעכע קאַריערע געשלאָסן אויף אייביק.

דער אימיגראַנטן־שוץ־קאָמיטעט האָט גלייך פאַרשאַפן צרות דעם יידישן ישוב מיט דעם אָנהויב פון זיין עקזיסטענץ, און איז אונטערגעגאַנגען נאָך דעם ווי ער האָט פאַרשמירט דעם פּנים פון דער יידישער געזעלשאַפט.

פון אָנפאַנג האָט ער נאָר געדינט פאַר אַ פרעמד־אָנגעקומענעם ביו־

ראָקראָט פון אַרגענטינע, ראַזאָווסקי, (ניט אהרן ראַזאָווסקי וועגן וועלכן איך וועל שפּעטער שרייבן), ער זאָל מאַכן אַ לעבן פאַר גאָרניט טאָן.

טשילע האָט נאָך דאַן ניט געוווּסט פון קיין באַצאָלטע געזעלשאַפט־לעכע פונקציאָנאַרן. די גאַנצע יידישע טעטיקייט איז געווען אַ פרייוויליקע און ספּאָנטאַנע, און דאָ האָט אַ מענטש, וואָס האָט ניט אַריינגעטאָן קיין פינגער אין קאַלטן וואַסער, צוגענומען 11.000 פּעזעס אין משך פון אַ יאָר, אין דער צייט ווען פאַר דעם זעלבן יאָר האָט מען אויסגעגעבן פאַר עמיגראַנטן די סומע פון 892 פּעזעס.

עס איז פּונקט דאַן יאָ געווען אַ פאַל וואָס דער אימ.־שוץ־קאָמיטעט האָט געדאַרפט אַרויסהעלפן. עס איז דאַן אָנגעקומען קיין טשילע דער טשערנאָוויטשער ייד ישראל ריטשקער.

י. ריטשקער איז געווען אַ לינקער. ער איז געווען פון די גרינדער פון „פּראָקאָר" (אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוס־לאַנד). אָבער צו דער זעלבער צייט איז ער געווען אַן אמתער קולטור־מענטש, אַ טיפער קענער פון דער יידישער קולטור, אַ מענטש וואָס האָט אויך געקענט האַלטן אַ פען אין דער האַנט. ער האָט געקענט זיין אַ ברכה פאַר אַ יונגן ישוב וואָס איז געווען אַזוי אָרעם אין יידישער אינטעליגענץ.

י. ריטשקער איז געווען אַ ספּעציאַליזירטער מעכאַניקער און ער האָט געדאַרפט האָבן אַן אויסגעשטרעקטע האַנט, מיט אַ ביסל הילף, כדי צו קענען עפענען אַ וואַרשטאַט. ער וואָלט זיכער שפּעטער דאָס געלט צוריקגעקערט. אָבער פאַר אַזאַ פאַל האָט דער אימ.־שוץ־קאָמיטעט ניט געהאַט קיין געלט און ריטשקער איז געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן טשילע. איך האָב אים דאַן געהאָלפן אין צוזאַמענשטעלן די הוצאות. אַחוץ דעם האָב איך נאָך פאַרקויפט זיין מאָדערנעם, זיידענעם טלית, וואָס איז צו יענער צייט געווען אַ יקר־המציאות אין טשילע.

ריטשקער איז צוריקגעפאָרן קיין טשערנאָוויטש, ווו אים איז שפּע־טער באַשערט געווען דורכצוגיין אַלע שבעה מדורי גיהנום און טיילן דעם גורל פון אַלע יידן אין היטלערס צייט. צום גליק האָט ער זיין לעבן אָפּגעראַטעוועט פון דער אומברענגס־מאַשין.

ער האָט דורך די כוואַליעס פון דער ישראל־ראַדיאָ „קול ישראל לגולה", זיך דערוווּסט — צוליב מיין אַן אַרויסטריט אין דער זעלבער — אַז איך געפין זיך אין ישראל און האָט זיך געשטעלט מיט מיר אין פאַרבינדונג, אַרום 1964.

ער האָט געדאַרפט האָבן אייניקע מאַטעריאַלן וועגן זיין לעבן און

אויפהאַלטן זיך אין טשילע, פּאַר אַ בוך זכרונות וואָס ער האָט צוגעגרייט.

אין דעם זשורנאַל „ביי די אַנדן” האָבן מיר דאָן אויפגעדעקט דעם דאָזיקן שווינדל פון דעם קאָמיטעט.

אָבער עס איז געקומען אַ גרעסערע צרה. אַלס פאַרוואַלטער פון דעם אימ.־שוץ־קאָמיטעט איז באַשטימט געוואָרן לייבוש דימאַנט.

לייבוש דימאַנט איז געווען אַ הויכער, שטאַלטנער, פעסט־געבויטער ייד, פון וועמעגס באַקן עס האָט געשפּריצט מיט רויט און פון וועמעגס ליפּן עס האָט אַלע ווײַלע אַרויסגעשאָסן אַ געזונטער געלעכטער, וואָס האָט די אַרומיקע אָנגעשטעקט.

ער האָט פּיינט געהאַט צו אַרבעטן. ער האָט פאַרלאָזן זיין „סעמאַנאַל” און געמאַכט אַ לעבן פון אַרומדרייען זיך. דאָן האָט מען אין טשילע אויך פון אַרומדרייען זיך געקענט מאַכן אַ לעבן. דערצו איז ער נאָך געווען אַן איגטימער פריינד פון די צאַפּעס, פון די אַלע געלט־מענטשן. מיט אַ צוגעוואָרפענעם „פּיטשאַ” (קאָרטן געלט), האָט מען געקענט לעבן אַ וואָך צייט. קיין קינדער האָט ער ניט געהאַט — כאָטש ער האָט ליב געהאַט צו לעבן זייער שיין — פון שעגסטן און פון בעסטן.

ער איז געווען, ווי שלום־עליכם זאָגט, אַ יודע נגן. ער האָט זיך פאַרשטאַנען אין די שוואַרצע פינטעלעך און זיך אויך געחברט אין גוטער פריינדשאַפט מיט דעם ביסל יידישער אינטעליגענץ וואָס איז דאָן געווען אין טשילע. ער האָט געקענט זיין אַ פריינד.

לייבוש דימאַנט איז געווען אַ שטיק ציניקער. ער האָט געריסן פון לעבן שטיקערווייז — וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזן. וועגן מאַן־און־ווייב לעבן האָט ער געהאַט אַ טעאָריע, אַז עס איז בעסער צו האָבן אַ טייל אין אַ גוטן געשעפט, איידער צו זיין דער איינציקער באַלעבאָס פון אַ שלעכטן.

אויף דער עצה פון ל. דימאַנט, האָט דער אימ.־שוץ־קאָמיטעט אָפּגע־קויפט די יידישע שריפט וואָס איז פאַרבליבן פון וויטאַלס טשילענער וואָכנבלאַט, כדי צו פאַרמאַכן די מיילער פון אַזעלכע וואָס קענען קריטיקירן און ברענגען צו רעזיגנאַציעס פון פאַרוואַלטערס.

ל. דימאַנט איז גיט געווען פרעמד אין קהלשע געשעפטן. ער איז נאָך געווען אַ באַצאָלטער „קאָמיטעטשיק” אין אוקראַינע און שפּעטער ווען ער איז געווען אַ פּליט אין רומעניע, פון וואַנען ער איז געקומען קיין טשילע.

אין 1933, ווען מ. ריזענבערג און ח. קרייטמאַן האָבן גענומען אַרויס־

לאָזן אַ צייטונג אונטערן נאָמען „די נייע צייט", מיט די שריפטן וואָס זיינען איבערגעבליבן פון „אונדזער לעבן", האָט דער קאָמיטעט זיי אָפּגעקויפט, כדי צו האָבן דעם קאָנטראָל איבער דעם יידישן וואָרט.

אָבער צו יענער צייט האָט שוין דער קאָמיטעט ניט געהאַט וואָס מורא צו האָבן פאַר געזעלשאַפטלעכן קאָנטראָל. היטלער איז דאַן געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד און צווישן די דייטשישע יידן איז געוואָרן אַ בהלה און אַן אַנטלויפעניש.

ווי עס איז נאָר געווען אַן אָפענע טיר, אָדער אַפילו אַ שפּאַרונע, אַהין האָבן זיך יידן געריסן. דער אימ.־שוץ־קאָמיטעט איז געוואָרן אַ נויטווענדיקייט און אַ הילף פאַר די געיאָגטע יידן. די דייטשישע יידן וואָס זיינען אָנגעקומען קיין טשילע, האָבן גלייך גענומען זוכן וועגן ווי אַזוי וואָס שנעלער אַראָפּצוברענגען זייערע נאָענטע קרובים.

די ניי־אָנגעקומענע האָבן געזוכט דימאַנטס פריינדשאַפט.

עס האָבן זיך אַרום אים געדרייט, ווי אַרום אַ גאָט, מענער און פרויען. זיי האָבן געטראַכט אַז די געטער האָבן ניט פיינט קיין מתנות, און האָבן גענומען ברענגען צו אים אַלערליי קרבנות.

ער האָט אַלץ פיין אָנגענומען. ער האָט אויך אינסטרויִרט, די פּע־טענטן זיינע, וואָס די נייע עמיגראַנטן זאָלן מיט זיך מיטברענגען, און ער איז שפּעטער געווען דער אָפּזעצער דערפון. אַחוץ דעם האָט ער געהאַלטן פון „קבלה בסתר". אַ פרוי פלעגט אַריינטראָגן עטלעכע דאָלאַר, דער קאָמיטעט זאָל דאָס איבערשיקן פאַר אַ שוועסטער, ערגעץ אין רוסלאַנד, פלעגן שוין די עטלעכע דאָלאַר ווייטער ניט גיין...

פון יאָר צו יאָר, איז דער מסחר מיט עמיגראַנטן געוואָרן שטאַרקער און שטאַרקער. דער אימ.־שוץ־קאָמיטעט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בירזשע פון בלוט און פון טרערן. עס איז געוואָרן אַ סעלעקציאָנירטע אימיגראַציע, אויף פאַרקערט. מען האָט אַריינגעלאָזן, ניט די מער גע־ווונטשענע עלעמענטן — כאָטש גיי קלייב אין אַ שריפה וועמען צו ראַטעווען — נאָר די וואָס האָבן טייערער באַצאָלט פאַר דער וויזע.

אַז דער עמיגראַנטן־געשעפט איז געוואָרן גאָר גרויס, האָט שוין דימאַנט אַליין ניט געקענט באַהויפטן אַזאַ עסק, האָט ער צו דעם דאָזיקן מסחר צוגעצויגן נאָך עטלעכע „חשובע" באַלעבאַטים, צווישן זיי דעם קאָמוניסטישן דעפּוטאַט, מאַרקאָס טשאַמודעס.

די עמיגראַנטן־סוחרים האָבן אַפילו געהאַט זייער שיפּרירטן זשאַרגאַן:

— זאָג לייבושן, ער זאָל אָנקלינגען צו מאָטיען, אַז ער זאָל ריידן מיט אברהמען.

דאָס האָט געמיינט, זאָג לייבוש דימאַנט ער זאָל אָנקלינגען צו מאַרקאָס טשאמודעס, אַז ער זאָל ריידן מיט אברהמען, מיט דעם אינערן מיניסטער פון יענער צייט, אברהם אָרטעגאַ.

די אימיגראַציע קיין טשילע איז צו יענער צייט ניט געווען פאַרבאָטן, נאָר קיין ייד האָט קיין טשילע ניט געקענט אַריינקומען ווו ער איז ניט דורכגעגאַנגען דעם קאָנטראָל פון דעם אימ.־שוץ־קאָמיטעט. און דאָרטן האָט מען געמאָנט דעם געהעריקן כופר.

דער קאָמיטעט האָט שוין געהאַט זיין אָפּמאַך וועגן דעם מיט די שפּיץ־פונקציאָנאַרן פון טשילענער אינערן־מיניסטעריום.

איך קען דאָס עד־היום ניט באַנעמען, ווי אַזוי האָבן זיך דאָס אַזעלכע „בכבודיקע" יידן געקענט פאַרנעמען מיט אַזאַ מין מסחר, ווען זיי זיינען געווען פאַרמעגלעכע און האָבן אַזעלכע פאַרדינסטן געדאַרפט האָבן אויף כפּרות.

וועגן פּראָטעסטירן איז קיין רייד ניט געווען. מען וואָלט דיר אָנגענומען פאַר אַ צעשטערער. יידן ראַטעווען זיך, זאָל זיין דורך שוחד. מיט פּראָטעסט קען מען אַלץ קאַליע מאַכן.

בדידי הווי עובדא:

איך האָב געדאַרפט אַראָפּברענגען מיין ייגנסטן ברודער קיין טשילע. מיין ברודער, בייניש, איז ניט געגאַנגען אויף דעם וועג פון זיינע עלטערע ברידער. ער איז שוין ניט געגאַנגען אין קיין טראַדיציאָנעלן חדר, נאָר אין אַ רעליגיעזער פּאָלקס־שול. פון דאָרטן איז ער אַריבער אין אַ רעליגיעזער גימנאַזיע און גאָך דעם אין אוניווערסיטעט, ווו ער האָט שטודירט אַגראָנאָמיע.

ווען אין דעם ווילנער אוניווערסיטעט האָבן זיך אין 1938 אָנגעהויבן די קאַמפן פאַר די בענק — מען האָט געוואָלט פאַרטרייבן די יידישע סטודענטן צו די געטאָ־בענק — האָט זיך מיין ברודער מיט עפּעס פאַרזינדיקט און האָט געמוזט עוקר זיין פון ווילנע. ער איז אַוועק קיין קאָוונע, ליטע. דאָרטן האָט ער געלעבט אומלעגאַל. איך האָב אים תיכף געדאַרפט אַראָפּברענגען קיין טשילע.

איך בין אַוועק דירעקט אין אינערן מיניסטעריום, און צוגעשטעלט אַ ביטע אַז איך וויל אַראָפּנעמען אַ ברודער קיין טשילע. איך בין שוין דאַן געווען זיבט יאָרן אַ טשילענער בירגער.

די פונקציאָנאַרן פון דעם אינערן־מיניסטעריום האָבן מיר געענט־פערט, אַז מיין ביטע דאַרף פריער באַשטעטיקט ווערן פון אימ.־שוץ־קאָמיטעט.

— ס'טייטש — האָב איך געטענהט — איך בין דאָך אַ בירגער פון לאַנד! האָב איך דען ניט דאָס רעכט, ווי אַלע אַנדערע בירגער, אַראָפּצובריינגען אַ ברודער?! היתכן!

— עס וועט דיר גאָרניט העלפן — האָט מיר געענטפערט אַ העכערער פונקציאָנער פון אינערן־מיניסטעריום — מיר האָבן אַזאַ רעגלאַמענט.

איך בין אַוועקגעלאָפן צו דימאַנטן. דער ביוראָ פון אימ.־שוץ־קאָמיטעט האָט זיך געפונען אין דער געביידע פון „סירקולאָ איזראַעליטאַ". דימאַנט האָט מיר געזאָגט, אַז ער דאַרף ריידן מיט ד"ר ווייַנשטיין.

איך האָב אים אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר אויגן — פאַר וועלכע ער האָט זיך דערשראָקן — און אויסגעשריען:

— וואָס?! מיט מיר אויך?!

ער האָט זיך אָפּגעבעטן ביי מיר און צוגעזאָגט אַז אין אַ פּאָר שעה אַרום וועט דאָ זיין ד"ר ווייַנשטיין.

ד"ר ווייַנשטיין האָט זיך באַנוגנט מיטן באַווייזן פאַר מיר זיין כוח און מיר געצוווּנגען איך זאָל אים אונטערשרייבן אַ פּאַפּיר, אַז מיין ברודער וועט זיך ניט מישן אין דער פּאָליטיק פון לאַנד.

עס פאַרשטייט זיך אַז מיין ברודער טוט אים אויף צו להכעיס און מישט זיך דווקא יאָ אין דער טשילענער פּאָליטיק. ער איז געבליבן דער זעלבער לינקער, צוליב וואָס ער האָט געדאַרפט עוקר זיין פון פוילן.

אין מיניסטעריום, ווו איך בין געקומען אָפּגעבן מיין באַשטעטיקטע בקשה פון אימ.־שוץ־קאָמיטעט, האָט עס געווימלט מיט פאַרשיידענע שתדלנים פון כלערליי פּאַרטייען, וואָס האָבן ווידער אָפּגעלעקט אַ ביינדל ביי דעם מסחר מיט יידישע נשמות.

— דו האָסט שוין אימיצן וואָס איז זיך משתדל פאַר דיר — האָט מיר געפרעגט אַ באַקאַנטער טשילענער, אַן אָנגעהעריקער צו די קאָמוניסטן.

— איך בין אַליין דער אייגענער שתדלן מיינער — האָב איך געענטפערט.

איך האָב קוים באַקומען די דערלויבעניש פאַר מיין ברודערס אַרייַנקומען אין לאַנד, אין אָנהויב 1939. איך האָב געמוזט אָנקומען צו וואָרענען די הויכע אָנגעשטעלטע פון אינערן־מיניסטעריום, אַז איך וועל

מאַכן אַ געזעלשאַפטלעכן סקאַנדאַל, דורך דער פרעסע, אויב זיי וועלן ניט באַשטעטיקן די וויזע.

סוף 1938, איז צו דער מאַכט אין טשילע געקומען דער פאָלקס־פראָנט. די יידן האָבן זיך דערפילט פרייער און גענומען פראָטעסטירן קעגן די מעשים פון אימ.־שוץ־קאָמיטעט. די אימיגראַציע אין לאַנד איז אָפּגע־שטעלט געוואָרן אויף אַ פּאָר חדשים. די פּרייזן פאַר וויזעס זיינען געשטיגן. דער סקאַנדאַל אַרום דער יידישער אימיגראַציע האָט זיך אַרויסגעריסן אין דרויסן אַרויס, צו דער טשילעגער עפנטלעכקייט, און איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער אינערן־מיניסטער, אברהם אָרטעגאַ, האָט געמוזט רעזיגנירן פון זיין אַמט. דער אימ.־שוץ־קאָמיטעט איז אויפגעלייזט געוואָרן.

אָבער די מענטשן פון דעם ליקווידירטן אימ.־שוץ־קאָמיטעט מיט דער צוגעצויגענער חברה צו די דאָזיקע מסחרים, האָבן נאָך ווייטער געהאַלטן אַן אויג אויף דעם אינערן מיניסטעריום. אפשר וועט מען עפעס קענען אויפטאָן.

פון דער אַנטדעקטער אַפערע מיט די אימגראַנטן, האָב איך זיך דערוווּסט אין די ערשטע טעג פון יאַנואַר 1940, ווען איך האָב זיך אומגעקערט אויף אַ טשילענער שיף פון ניו־יאָרק אַהיים, נאָך אַן אָפּוועזנ־הייט פון 6 חדשים.

אויף דער זעלבער שיף זיינען געפאָרן עטלעכע יידישע וואָגלער־משפחות.

איין יונגערמאַן איז געווען באַזאָרגט מיט אַ טויף־שיין, און דאָך האָט אַן אומרו געשוועבט אויף זיין פּנים.

אפשר איז ער ניט געווען זיכער, אַז זיין טויף־שיין זאָל ניט געפּסלט ווערן, און אפשר האָט אין אים דער ייד זיך געבונטעוועט, הלמאי ער באַהאַלט זיך מיט אים און פאַרשעמט אים.

אַ צווייטער ראש־המשפחה, אַ פּוילישער ייד וואָס האָט לאַנג געלעבט אין איטאַליע, האָט זיך פאַר מיר באַקלאָגט, אין אַ שיינעם, זאַפטיקן, לומ־דישן יידיש, פאַר וואָס ער האָט זיך אויך ניט באַזאָרגט מיט אַזאַ אשר־יצר פּאַפּירל, ווי יענער ייד — וואָלט ער דאָך געגאַנגען זיכערער, ווי אויף אַן אייזערנעם בריק. אַזוי האָט ער געציטערט מען זאָל אים אַ מאָל ניט אַנולירן זיין וויזע קיין טשילע.

דער דאָזיקער פּוילישער ייד האָט אַ סך יאָרן געלעבט אין דייטשלאַנד און פלעגט מיט זיין פרוי און קינד ריידן דייטש.

זיין 6־יעריק טעכטערל האָט אָבער אויף דער שיף גערעדט נאָר איטאַליעניש, כדי מען זאָל איר אַ מאָל ניט חושד זיין אַז זי איז אַ געראָדפּטע דייטש־יידישן קינד.

עס איז אויך געפאָרן מיט אַ וויזע קיין טשילע, אַ ליטוויש־יידישע משפּחה. דער פּוילישער ייד וואָס איז געפאָרן פון איטאַליע מיט דעם ליטווישן יידן, וואָס איז געווען פון די לעצטע פּליטים פון דייטשלאַנד, זיינען געווען צווישן זיך שוואָגערס, און דער מקור פון זייערעביידנס וויזעס איז געווען דער זעלבער. דער ליטווישער ייד איז געווען פאַר־שלאָסן אין זיך. ער האָט קיין מאָל ניט אויסגעדריקט זיין באַדויערן פאַר וואָס ער האָט זיך ניט באַזאָרגט מיט דעם אשר־יצר־פּאַפּירל.

דיביידע שוואָגערס זיינען נאָך דעם געווען גאַנץ פיינע טעקסטיל־פאַבריקאַנטן אין טשילע און מיט דעם פּוילישן יידן, פון די צוויי שוואָגערס, בין איך פאַרבליבן גאָר אַ גוטער פריינד. ווען ער פלעגט מיר נאָר טרעפן, פלעגט ער זיך מיט מיר אַרומכאַפּן און קושן — מער ווי אַ שיפס־ברודער.

אויך דער ייד וואָס האָט געהאַט דעם אשר־יצר־פּאַפּירל, איז אין טשילע געווען אַן אָפּגענער ייד. ער איז געווען דער באַלעבאָס פון אַ קאָנסערוון־פאַבריק. אַז ער פלעגט מיר אַ מאָל טרעפן, איז ער געווען פרעמדלעך צו מיר און ער פלעגט מיר פאַרבייגיין מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן.

זיין סוד, דעם סוד פון אַן אַנוס וואָס גייט ראַטעווען זיין לעבן, האָב איך סיי ווי סיי קיין מאָל ניט מגלה געווען.

אויף דער זעלבער שיף איז אויך געפאָרן אַן עסטרייך־אונגאַרישע פאַמיליע, ציי אַ גאַליציאַנער, פון 3 פּערזאָן, אַ פאָטער, אַ מוטער און אַ זון.

דער אַלטער, 71 יעריקער מאַן, האָט גאָרניט גערעדט. גאָט האָט ניט אויסגעהערט זיינע טענות, טאָ צו וואָס זאָל ער זיי ברענגען פאַר מענטשן. דער זון האָט ניט גערעדט, מחמת שטאָלץ. פאַר ווען ווערט ער אַרויס־ברענגען זיין ווייטיק, וואָס נאָכן דערגרייכן זיין דאָקטאָר־דיפּלאָם, פּילט ער זיך אַן אַרויסגעוואָרפענער אויף דער גרויסער וועלט, אַן אַ שטיקל ערד אַ פוס צו שטעלן.

די גאַנצע רעדנערקע איז געווען די פרוי. פון איר דערוויסט איך זיך אַז איר מאַן איז געווען דער באַלעבאָס פון איינעם פון די גרעסטע דעפּאַרטאַמענט מאַגאַזינען אין ווין, מיט צענדליקער אָנגעשטעלטע.

איין זון האָט זיך איינגעגעבן אַריינצובאַקומען קיין אַרגענטינע, אַ טאָכטער האָט באַוויזן חתונה צו האָבן פאַר אַ רייכן אַמעריקאַנער יידן, אין מיטן פון דעם וואַנדערן (פאַר דער צייט וואָס זיי האָבן געוווינט אין די פּאַראַייניקטע שטאַטן ווי טוריסטן), און איצט לאָזן זיי זיך אויף דער אַוואַנטורע אָנצוקומען צו דעם זון אין אַרגענטינע.

זיי האָבן אַ טראַנזיט־וויזע קיין טשילע. זיי פּלאַנעווען פון אַ צפון־פּאָרט פון טשילע אַריינקומען אין באָליוויע און פון דאָרטן, דורך דער יבשה, אַריבערגיין קיין אַרגענטינע.

די עסטרייך־אונגאַרישע משפחה איז געווען אַן עכט רעליגיעזע. זיי האָבן אויף דער שיף געליטן הונגער, צוליב אָפּהיטן כשרות.

איך האָב זיך אייגעשטעלט פאַר זיי, פאַרן „מאַיאָרדאָמאָ" (ווירט־שאַפט־פאַרוואַלטער) פון דער שיף. איך האָב אים דערקלערט אַז זיי זיינען רעליגיעזע יידן און זיי טאָרן ניט עסן ניט קיין פליייש, ניט קיין זופּ און ניט קיין ים־פיש און געבעטן ער זאָל פאַראָרדענען מען זאָל זיי געבן אַ סאַרדין און מערער פרוכט.

ער איז אויף מיר אָנגעפאַלן:

— זיי זיינען רעליגיעזע יידן! טאָ זאָלן זיי פאָרן ערשטן קלאַס, וועלן זיי קענען בעטן וואָס זיי ווילן. דאָ האָב איך פאַר זיי קיין אַנדערע עסנס ניט. וואָס, עס פעלט זיי געלט? דאָס גאַנצע געלט שטייט דאָך איין ביי יידן.

און דו — זאָגט ער צו מיר — זיי וויסן אַז די לאַגע האָט זיך בכלל פאַר אייך געענדערט אין טשילע. דו'סט שוין זען.

— ווער זיינען עס די אייך?! איך בין אַ טשילענער בירגער און האָב דאָס זעלבע רעכט וואָס דו.

— אַזוי? — האָט זיך דער טשילענער „מאַיאָרדאָמאָ" פון דער שיף צעשמייכלט און מער גאָרניט גערעדט.

איך האָב זיך אויך ביטער צעשמייכלט. איך האָב זיך דערמאָנט אַז ווען איך בין געגאַנגען אין דעם אידענטיפיקאַציע קאַבינעט אַרויסנעמען מיין פּאַס פאַר מיין פאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט מיר די ביוראָ־שרייבערין געפרעגט:

— די בירגערשאַפט?

— טשילענער.

— טשילענאָ פאַלסיפיקאַדאָ (אַ געפעלשטער טשילענער) — האָט זי אַ שמייכל געטאָן.

איצט האָב איך געזען אַז די ביוראָ־שרייבערין איז געווען גערעכט, אַז נאָכן אָפּווײַנען 15 יאָר אין טשילע בין איך נאָך אַלץ ניט קיין גלייכער, עכטער בירגער, ווי אַן אמתער טשילענער איז דאָס, נאָר אַ פּאַלסיפּיקאַדאָ — אַ געפעלשטער.

איך בין אָנגעקומען קיין טשילע אין יאַנואַר 1940. אויף מיר האָט געוואַרט מיין פאַמיליע, מיינע פריוואַטע ענינים און מיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

פאַר מיין פאָרן קיין צפון־אַמעריקע האָט זיך געגרינדעט אַ נייער אימ.־שוץ־קאָמיטעט, מיט דעם אַדוואָקאַט יחיאל סיני אַלס פּרעזידענט. איך בין נאָמינירט געוואָרן פאַרן סעקרעטאַר. דאָס איז געווען אַרום מאַי 1939. מען האָט מיר געגעבן דעם ערשטן אויפטראָג, צו טאָן עפּעס פאַר אַ וואַנדערנדיקע שיף מיט יידן, ביי די ברעגעס פון דרום־אַמעריקע, וואָס מען לאָזט איר אין ערגעץ ניט אַריין. פול מיט ענערגיע און בטחון, בין איך אַוועקגעלאָפן אין טשילענער פּאַרלאַמענט.

די קאָמוניסטן האָבן דאַן געהאַט אַ גרויסע פראַקציע אין פאַרלאַמענט — פון 15 מאַן. איך האָב זיי אַלעמען גוט געקענט.

דער פאָרזיצער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז דאַן געווען דער פּאָפּולערער און באַליבטער אַרבעטער־טוער, עליאַס לאַפּערטע.

לאַפּערטע איז געווען אין דער יוגנט אַ מינען־אַרבעטער. ער איז געווען איינער פון די ערשטע גרינדער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין טשילע — אַרום 1918.

דער טעאָרעטיקער פון דער פּאַרטיי און איר גענעראַל־סעקרעטאַר איז צו יענער צייט געווען דער אַדוואָקאַט קאַרלאָס קאָנטרעראַס לאַבאַרקאַ.

לאַפּערטע איז אפשר ניט געווען אַזאַ בקי בתורת מאַרקס, אָבער ער האָט ליב געהאַט זיין קלאַס און איז געווען אַ מענטש מיט גרייטקייט צו מעשים.

אין זיינע אַרויסטרעטן איז ער געווען פול מיט פייער און מיט ליבשאַפט פאַר דער גערעכטיקייט און זיך אָנגענומען די קריוודע פון דעם געליטענעם און אונטערדריקטן מענטשן.

ער פלעגט אָנצינדן די מאַסן. זיי האָבן אים געגלויבט און פאַרערט.

ער האָט ניט אויסגעזען ווי קיין מינען־אַרבעטער, נאָר גיכער ווי אַ ייד, וואָס איז געקומען פון בית־מדרש, פון דער גמרא, ווי אַ ייד וואָס איז פלוצים אַרויס לתרבות רעה, האָט אָפּגעשניטן באָרד און פאות און די פאָלעס פון דער קאַפּאָטע.

ער איז דאַן אַלט געווען אַ יאָר 55. זיין הויכער, קיילעכדיקער שטערן, האָט אים צוגעגעבן אַ רבנישן אויסזען, און זיינע גוטע, גרויסע ביר־אויגן, האָבן אייך צוגעצויגן מיט נאָענטן, משפחהדיקן צוטרוי.

לאַפּערטע איז געווען מיינער אַ גוטער פריינד. אַחוץ דעם וואָס איך האָב זיך מיט אים אַ סך מאָל געטראָפן נאָך זיינע אַרויסטרעטונגען און פלעג מיט אים כאַפּן אַ שמועס וועגן דעם וואָס ער האָט אין זיינע רעדעס אַרויסגעבראַכט — אַ זאַך וואָס איז אים שטאַרק געפעלן געווען און מיר דערנענטערט צו אים — איז ער נאָך געווען מיינער אַ „קונד".

ער איז דאַן געווען פאַרהייראַט צום צווייטן מאָל און האָט געהאַט צו באַקליידן אַ היבשע פאַמיליע. צו מיר פלעגט ער קומען מיט זיין פרוי, איינצוהאַנדלען שניט־סחורה.

עס פאַרשטייט זיך אַז איך האָב אים ניט באַהאַנדלט ווי קיין קונה, נאָר ווי אַ פריינד.

די קאָמוניסטישע פראַקציע אין פאַרלאַמענט האָט פאַרנומען אַ גרויסן זאַל, אין דער געביידע פון דער דעפּוטאַטן־קאַמער.

ווען איך בין אַהין אָנגעקומען, האָט זי אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג.

איך בין געבליבן זיצן אין וואַרטע־צימער, כדי צו קענען ריידן מיט לאַפּערטען ביי זיין אַרויסגיין.

פּלוצלונג איז אָנגעקומען מאַרקאָס טשאַמודעס.

מ. טשאַמודעס איז געווען אַ הויכער, שיינער, ברונעטער מאַן, נאָך גאָר אַ יונגער.

דער קאָמוניזם האָט אים אָפּגעריסן פון אוניווערסיטעט־באַנק און אים אַוועקגעפירט צום פאַרלאַמענט־באַנק.

ער האָט געהערט צו די דרייסטע קעמפער קעגן איבאַניעזעס דיק־טאַטור, און איז געווען אַ גאָר פייגער רעדנער. זיין קול איז פול געווען מיט גבורה און מען פלעגט אים הערן פאַר צענדליקער קוואַרטאַלן די ווייט.

ער איז צום קאָמוניזם געקומען פון אַ באַקוועמער יידישער היים, מיט אַ גוטער מאַמען דערביי.

מיט טשאַמודעסן האָב איך זיך גוט געקענט. ער איז געווען מיין געשוואָרענער „קליענט". ער פלעגט קומען צו מיר אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק, כדי צו בייטן אַ טשעקל. די טשעקלעך האָבן אָפט געהאַט „פּיס". זיי פלעגן צוריקקומען אומבאַצאָלט. געהייסן האָט עס, אַז ער טוישט זיי פאַר דער פּאַרטיי, וואָס נויטיקט זיך תמיד אין געלט, אָבער אין דער אמתן האָט ער מיט די טשעקן געדאַרפט פאַרשטעקן די לעכער

פון זיינע קעשענעס, וואָס דער „קאַסינאָ" פון שטאָט וויניא דעל מאַר האָט ביי אים געעפנט. ער איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער שפּילער פון רולעטע.

דאָן האָב איך נאָך פון זיינע מעשים־טובים ניט געוווּסט. איך האָב אויך ניט געוווּסט אַז ער איז פאַרמישט אין דער עמיגראַציע־אַפּערע.

טשאַמודעס האָט זיך מיט מיר וואַרעם באַגריסט און געפרעגט וואָס עס האָט מיר געבראַכט אַהין.

אויסהערנדיק מיר, האָט ער געזאָגט:

— גוט, וואַרט אַ ווײַלע. איך גיי אַריין צו דער זיצונג און וועל איבערגעבן וועגן דעם וואָס איר דערציילט מיר.

אין אַ 15 מינוט אַרום, איז טשאַמודעס אַרויס פון דעם זיצונגס־זאַל און מיר כלומרשט געענטפערט, אין נאָמען פון דער פּאַרטיי, אַז זי קען גאָרניט טאָן וועגן דעם, אַז די פּאַרטיי האָט ניט קיין אינטערעס עס זאָלן אַריינקומען קיין טשילע אַזעלכע עלעמענטן וואָס פאַרנעמען זיך מיט פאַרקויפן קראַוואַטן.

— עלעמענטן וואָס פאַרקויפן קראַוואַטן! — האָב איך אויסגע־שריען — דאָס זיינען ניט קיין עלעמענטן, נאָר מענטשן, יידן, פאַר־פאָלגטע, וואָס עס קומט זיי אויס, אָדער זיך צו וואַרפן אין ים אַריין, אָדער אומגעקערט צו ווערן אין היטלערס דייטשלאַנד. מען דאַרף עפּעס טאָן פאַר זיי.

— מיר קענען גאָרניט טאָן פאַר זיי — האָט טשאַמודעס געענט־פערט — איר ווייסט וואָס עס טוט זיך לעצטנס. מיר קענען זיך ניט מישן אין דעם דאָזיקן ענין, מיר קענען ניט דעספּרעסטיזשירן אונדזער פּאַרטיי. מער ווי דאָס פעלט אונדז ניט, מיר זאָלן נאָך אַריינמישן אונדזער פּאַרטיי אין אַזעלכע טונקעלע געשעפטן. אונדזערע קעגנער וועלן האָבן וואָס צו ריידן.

איך האָב נאָך דעמאָלט ניט געוווּסט, אַז דעם גאַנצן „סערמאָן" (פּריידיק) וואָס טשאַמודעס האָט פאַר מיר אָפּגעהאַלטן, איז געווען זיינער אַן אייגענער פאַרפאַסטער — אַז די גאַנצע עברי איז געווען זיינע, אַז ער האָט געשאָטן מיט אַרבל־פראַזע, אַז אין זיינע רייד איז ניט געווען אַפילו קיין איין וואָרט פון דער פּאַרטיי. ערשט שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער איז געווען איינער פון די הויפּט־רעסאָרטן אין דעם מסחר מיט די יידישע עמיגראַנטן.

אין גיכן איז טשאַמודעס אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער קאָמוניסטי־שער פּאַרטיי, פאַר זיינע מעשים טובים.

ער האָט זיך נאָך דעם גענומען צום זשורנאַליזם. ער האָט זיך אויך פאַרמאָסטן צו פאַרנעמען פּאָזיציעס אויף אַנדערע פּאָליטישע פראָנטן. אָבער צו דער פּאָזיציע וואָס ער האָט פאַרנומען אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, האָט ער שוין קיין מאָל ניט דערגרייכט.

דער דורכפאַל ביי דער קאָמוניסטישער פראַקציע אין פּאַרלאַמענט, האָט מיך ניט אָפּגעשראָקן.

פון דאָרטן בין איך אַוועק אין דעם לאָקאַל פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. פּונקט האָט אין יענעם טאָג אויפגענומען דער גענעראַל־סעקרע־טאַר, ד״ר סאַלוואַדאָר אַזשענדע.

די ריי איז געווען אַ גרויסע. זי איז אָבער דערגאַנגען אויך צו מיר.

איך האָב ניט געקענט דעם ד״ר אַזשענדע.

ווען איך האָב אים געזאָגט מיין נאָמען, ביים פאָרשטעלן זיך, האָט ער אים ווידער איבערגעפרעגט.

— פּילאָווסקי — האָב איך אים געזאָגט דייטלעך.

— וואָס פאַר אַ שייכות האָט איר מיט בעני פּילאָווסקי?

— דאָס איז מיין זון.

— איר האָט אַ גרויסן זון (דאָס מיינט ניט אין וווקס, נאָר אין ווערט), פריינד פּילאָווסקי — האָט ער צו מיר געזאָגט. — איך קען אים. ער איז דער חבר פון מיין פּלימעניק.

דער זון מיינער — דער גרויסער זון — איז בסך־הכל געווען אַ בחור פון אַ יאָר 17. אָבער אַזאַ אינטעליגענטער מענטש ווי אַזשענדע, איז געווען אַ מבין אויף אים. ער איז געווען אַ יונג מיט אַן אָפענעם קאָפּ, אַן אָנגעלייענטער אויף אַ סך געביטן. ער האָט אַפילו געקענט פירן אַ שמועס מיט ד״ר אַזשענדע אויף אַ מעדיצינישער טעמע. ער איז שוין דאַן געשיקט געוואָרן פון דער מיטלשול, וואָס ער האָט פאַרענדיקט, צו שטודירן כעמיע אין דער אוניווערסיטעט פון סאַנטאַ מאַריאַ, וואָס האָט זיך געפונען אין ווינאַ דעל מאַר. דער אוניווערסיטעט סאַנטאַ מאַריאַ פלעגט אויסהאַלטן זיינע תלמידים מיט אַלן פּאַרטיקן, מיט עסן און טרינקען, מיט אַ דירה און מיט קליידונג, אָנהויבנדיק פון אַ שוך און דערגייענדיק ביז צו אַ ראַזיר־מעסערל, אַ הוט און אַ שירעם.

ד״ר אַזשענדע האָט געשטאַמט פון ווינאַ דעל מאַר און דאָרטן האָט

ער זיך באַקאַנט מיט מיין זון. איצט, בעת ביין בקשה, איז מיר בייגע־שטאַנען, סיי זכות־אבות, סיי זכות־בנים.

ד״ר אַזשענדע האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם ענין וואָס איך האָב פאַר אים פאָרגעבראַכט.

ער האָט גענומען דעם טעלעפאָן־טרייבל און געזוכט אַ פאַרבינדונג מיטן פּרעזידענט פון דער רעפּובליק.

ניט קריגנדיק גלייך קיין קאָנטאַקט מיט אים, האָט ער זיך דערווייל מישב געווען און געביטן זיין פּלאַן.

— איר ווייסט וואָס, סעניאָר פּילאָווסקי — האָט ער זיך אָפּגערופן צו מיר — איך האָב אַ בעסערן פּלאַן. איך וויל ניט רופן דעם פּרעזידענט. ער קען נאָך מיר אַ מאָל אָפּזאָגן, און דאָס טאָר ניט געשען. איר ווייסט דאָך, אין מאָנטעווידעאָ, דאָרטן ווו עס שטייט די שיף מיט די היימלאָזע, קומט פּונקט איצט פאָר אַ קאָנפערענץ וועגן פאַרטיידיקן די דעמאָקראַטיע פון אַמעריקע. מיר האָבן דאָרטן אַ גרויסע דעלעגאַציע פון טשילע. איך וועל בעסער צושיקן אַ טעלעגראַמע צו דעם דעלעגאַט פון אונדזער פּאַר־טיי, צו ד״ר בערמאַן, אַז ער זאָל אויף דעם צוזאַמענפאָר פאָרלייגן מען זאָל זיך ווענדן אין נאָמען פון אַלע דעלעגאַטן צו אונדזער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, ער זאָל אַריינלאָזן קיין טשילע די שיף מיט די וואַנדע־רער. דאָס איז אַ זיכערער גאַנג.

— אויסגעצייכנט, ד״ר אַזשענדע! — האָב איך אויסגעשריען.

איך האָב אויך מורא געהאַט, אַז ווען ער וואָלט זיך געוואָנדן דירעקט צום פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, דאָן פּעדראָ אגיררע סערדא, וואָלט ער באַקומען אַן אָפּזאָג.

איך האָב געקענט דאָן פּעדראָ אַגיררע סערדאַ. ער איז געווען אַן אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָר, אָבער אַ מענטש מיט קליינבירגערלעכע פאָר־אורטיילן.

איך האָב זיך דערמאָנט: מיר זיינען געגאַנגען אַ דעלעגאַציע פון דער פאַראייניקטער־פּראָגרעסיווער־יידישער־געזעלשאַפט, אים צו באַגריסן מיטן זיג וואָס זיין קאַנדידאַטור פאַר פּרעזידענט, וואָס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן דורכן פאָלקס־פראָנט, האָט אָפּגעהאַלטן סוף 1938.

מיר האָבן מיט אים דאַן געכאַפּט אַ שמועס, אַז עס דאַרף עפּעס געטאָן ווערן מצד דער רעגירונג אָפּצושטעלן די אַנטי־יידישע פּראָפּאַגאַנדע וואָס איז געפירט געוואָרן אין לאַנד.

— פאָלגט מיך, טשעפּעט ניט. אַז איר וועט שווייגן, וועלן זיי אויך

אויפהערן צו ריידן. מיט אייערע אַרויסטרעטונגען וועט איר אַרויסרופן די היה פון וואַלד.

ווען ער וואָלט געווען אַ ייד, וואָלט מען אויף אים געקענט זאָגן אַז די גלות־פּסיכאָלאָגיע רעדט פון אים אַרויס.

ד״ר אַזשענדע האָט מקיים געווען דאָס וואָס ער האָט מיר צוגעזאָגט. ער האָט אָפּגעשיקט אַ קאַבל צו ד״ר בערמאַן.

ד״ר בערמאַן האָט זיך אויפגערעדט מיט דער גאַנצער דעלעגאַציע פון טשילע. אַלע טשילענער דעלעגאַטן, פון אַלע פּאַרטייען — אַריינגערעכנט אַפילו גאָנסאַלעז פאָן מארע, דער געוועזענער פּירער פון דער נאַציסטישער פּאַרטיי אין טשילע און דער היינטיקער דעלעגאַט פון דער ראַדיקאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — האָבן זיך אונטערגעשריבן אויף דער פּעטי־ציע צום פּרעזידענט, אַז ער זאָל דערלויבן צו לאַנדן די יידישע פּליטים אין טשילע — און דער פּרעזידענט האָט די בקשה באַוויליקט.

די פּאַרוואָגלטע דייטשישע יידן, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט חדשים־לאַנג אויף די וואַסערן פון די ימים, האָבן סוף־כל־סוף געפונען די ישועה — די ערד פון טשילע איז געשטאַנען אַ פרייע פאַר זייערע מידע פיס. זיי האָבן קיין מאָל ניט געוווסט ווי אַזוי און פון וואַנען די ישועה איז צו זיי געקומען. זיי האָבן ניט געוווסט אַז זי איז געקומען פון דער האַנט פון איינעם פון די חסידי אומות העולם — פון ד״ר אַזשענדע.

# סאָלטשאַנסקי

אין 1932 איז געקומען צו מיר אַ ייד וואָס האָט מיר געבראַכט אַ גרוס פון מיינע עלטערן, פון ווילנע. זיין נאָמען איז געווען סאָלטשאַנסקי.

ער האָט געשטאַמט פון אַ שטעטל לעבן ווילנע, וואָראָנאָווע. זיין מוטער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין ווילנע און זי פלעגט אַריינקומען צו מיינע עלטערן אין שטוב.

סאָלטשאַנסקי איז געווען אַן עכטער קולטור־מענטש. ער האָט געקענט אַ שיינעם רוסיש, אַ גאָר גוטן העברעיִש און איז געווען אַ קענער פון דער אַלטער העברעיִשער ליטעראַטור, פון דער יידישער, און אויך פון דער וועלט־ליטעראַטור.

ער איז געווען ניט לאַנג פאַרהייראַט צום צווייטן מאָל, פאַר אַ צאָן־דאָקטאָרין. ער האָט באַוויזן איינס און צוויי צו פטרן דעם נדן זיינעם אין ניט קיין געלונגענע געשעפטן און האָט עמיגרירט קיין טשילע, ווו זיין פרוי האָט געהאַט פיר פאַרמעגלעכע ברידער — די ווילענסקיס.

דער עלטסטער פון זיי האָט געהערט צו די איינגעזעסענע טשילענער יידן. ער איז קיין טשילע אָנגעקומען נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. שפּעטער זיינען אָנגעקומען נאָך צוויי ברידער־ווילענסקי, דירעקט פון אייראָפּע, און דער פערטער, פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

איינער פון זיי האָט זיך מתחתן געווען מיט אַ פרוי פון פראַנצויזישן אָפּשטאַם און איז אַריין אין די געשעפטן פון זיין פרויס משפחה — זיי האָבן געהאַט אַ גרויסע גאַרבעריי — און די איבעריקע דריי ברידער האָבן געפירט גרויסע און גוטע בשותפותדיקע מסחרים. זיי האָבן געהאַט קאָלאָניאַל־מאַגאַזינען אויף הורט און חוץ דעם האָבן זיי נאָך געהאַט בראָט־אויוונס און מילן, וואָס האָבן אַרויסגעלאָזן סינטעטישע קאַווע, אַלערליי געזשאַרעטע קערנער און גיס, און איבערהויפּט אַ סך געברוינטע מעל. פריער פלעגט מען אין אַזעלכע אויוונס ברוינען דעם ווייץ און שפּעטער אים מאָלן.

דאָס געברוינטע מעל ווערט אין טשילע פאַרברויכט אין גרויסע קוואַנטיטעטן, דאָס איז אַ מין מאכל־מדינה. מען מאַכט פון דעם פאַר־שיידענע פּאַטראַוועס און מען ניצט עס אין זופּן, אין מילך, צו פרוכטן, און מען האָדעוועט אויך מיט דעם די קינדער.

די ברידער־ווילענסקי האָבן אין טשילע געמאַכט געלט, וויפל זיי האָבן אַליין געוואָלט, אָבער דערביי האָבן זיי אַ סך געאַרבעט.

סאָלטשאַנסקין האָבן זיי אַוועקגעשטעלט פאַר אַ קאַסיר אין איינעם פון זייערע גרעסטע געשעפטן, אין דעם צענטראַל־מאַרק.

סאָלטשאַנסקין האָט גאָרניט געפעלט. ער האָט געקענט אַרויסנעמען פון קלייט, וויפל ער האָט נאָר געדאַרפט. אַחוץ דעם האָט זיין פרוי באַ־זונדער פאַרדינט פון איר פּראַקטיק. אָבער ער איז געווען אַן אומרויִקער מענטש, מיט אַ צו־פיל אַנטוויקלטער אייגן־ליבע.

— וואָס וועט ער זיין, אַ משרת ביי זיין ווייבס ברידער?!

ער האָט געוואָלט זיין זעלבסטשטענדיק, פירן אייגענע געשעפטן. ער האָט אויך איבערגעלאָזן אין דער היים אַ ברודער, אַ יורד, וועמען ער האָט געדאַרפט העלפן.

סאָלטשאַנסקי איז שוין דאַן געווען אַ ייד אין די פופציקער.

פון דער נאַטור איז ער געווען אַן אייפערדיקער מענטש.

ווי איך בין שפּעטער דערגאַנגען, איז ער זיך מיט זיין ערשטער פרוי פונאַנדערגעגאַנגען, מחמת אייפער.

די ברידער ווילענסקי האָבן פריער געהאַט אַראָפּגעבראַכט אַן עלטערן שוואָגער פון אים און האָבן אים איינגעאָרדנט מיט אַ זעלבסטשטענדיקן געשעפט, מיט איינער פון זייערע אָפּטיילונגען.

אפשר האָבן זיי ניט אַוועקגעשטעלט סאָלטשאַנסקין מיט קיין אייגענע קלייט, מחמת עקספּעריענץ — ווייל זיי האָבן געוווסט אַז ער איז דורכגעפאַלן אין זיינע פריערדיקע עסקים.

ווי דאָס זאָל ניט זיין, סאָלטשאַנסקי איז אַוועק פון זיינע שוואָגערס געשעפטן און געזוכט צו ווערן אַ בעל־הבית פאַר זיך.

וועגן די אַלע סאָלטשאַנסקיס אינטימע זאַכן, האָב איך דאַן ניט געוווסט.

ער פלעגט אָפט אַריינקומען צו מיר. עס איז געווען אַ מחיה צו פאַרברענגען מיט אים. ער איז געווען אַ ניט קיין צו הויכער, אַ ביסל אַ רונדער, אַ ברונעטער, מיט ליכטיקע אויגן וואָס פלעגן זיך באַציען מיט אַ יידישן טרויער. זיינע אויגן פון ביר־קאָליר האָבן זיך תמיד געטובלט אין אַזאַ מין גלאַנציקער פייכקייט, וואָס האָט זיי נאָך ליכטיקער געמאַכט.

איין זאַך האָט מען געקענט באַמערקן אויף אים, אַז ער זוכט מנוחה, אַז ער וואָלט געוואָלט אַנטלויפן פון טומל און רעש. אַז אַ טראַמוויי פלעגט פאַרביירייטשען איבער די רעלסן, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט ביי די אויערן.

ער האָט מיר פאָרגעלייגט אַז מיר זאָלן צוזאַמען אַרויספאָרן איבערן לאַנד, איינצוקויפן פעל, וואָס מיר וועלן אָפּזעצן אין דער גאַרבאַרניע פון זיין שוואָגער, און איבערהויפּט זאָלן מיר זיך אַוועקלאָזן איבער די שטעט פון צפון פון לאַנד, איינצוקויפן אַזאַ מין געוויקס וואָס הייסט אלגאראָבאָ, אין וועמענס זאַפט מען פאַרבט פאַרשיידענע פעלצן־פעלן.

איך, וואָס בין שטענדיק געפלויגן אין דער הויך און געזוכט אַזעלכע געשעפטן וואָס זאָלן מיך ערגעץ פאַרטראָגן, האָב זיך אָנגעכאַפּט אַן סאָלטשאַנסקיס פּראָפּאָזיציע. ווערן אַן עקספּאָרטער, פּטור ווערן פון זיין אַ פאַרקויפער! זיין פאָרשלאָג האָט מיך געלאָקט. דאָס איז געווען אין יאָר 1933.

צו ערשט האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזן צום דרום פון לאַנד, כדי איינצוקויפן די פעלן פאַר דער גאַרבאַרניע פון זיין שוואָגער. מיר האָבן

זיך דערשלאָגן צו די גרויסע סוחרים פון דער דאָזיקער בראַנזשע. מען האָט אונדז געוויזן די סחורה און געזאָגט די פרייזן פון די פאַרשיידענע פעלן.

סאָלטשאַנסקי האָט אַרויסגענומען אַ פען און פּאַפּיר, גענומען רעכענען אַהער און אַהין און זיך ניט געקאָנט באַשליסן. ער האָט אין אָוונט אָנגעקלונגען צום שוואָגער. פון די פעל־געשעפטן האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזן.

זיינען מיר איצט געפאָרן צום צפון פון לאַנד, קיין וואַזשעגנאַר.

וואַזשעגנאַר האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַ פּראָווינץ־שטאָט, אין דער נאַטור־אָרעמער קליין־צפון־געגנט. זי איז געלעגן אַ ברייט־צעשפרייטע אויף דער וועלט, אָן אַ ביסל באַפּוצונג אָדער שיינקייט.

אין גאַס האָט מען געזען אַן אויפלעבונג, אַ גרעסערע באַוועגונג ווי עס דאַרף צו זיין אין אַזאַ שטאָט.

וואַזשעגנאַר האָט געווימלט מיט גאָלד־מינערס. יעדער דריטער איינוווינער איז געווען אַ באַלעבאָס פון אַ גאָלד־מינע. מען האָט אייך געקענט פאָרשטעלן אַן אָפּגעריסענעם, וואָס איז געווען דער אייגנטימער פון אַ גאָלד־מינע.

די גאָלד־מינעס זיינען איבערגעגאַנגען פון טאַטעס צו קינדער בירושה, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס קיינער פון זיי האָט זיך נאָך צו דער מינע ניט צוגערירט, מחמת דאָס פעלן פון געלט.

פריער פון אַלץ האָט מען געדאַרפט אָפּזוכן אַזאַ גאָלד־מינע און זי לאָזן רעגיסטרירן אויף אייער נאָמען, און נאָך דעם האָט מען געדאַרפט זיצן און וואַרטן, לכשירחיב. אַז עס וועט זיין געלט וועט מען זי עקספּלואַטירן.

דאָך איז אין וואַזשעגנאַר פאָרגעקומען אַ מסחר פון גאָלד.

לעבן שטאָט זיינען געווען גרויסע גאָלד־מינעס, וואָס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן צו אַמעריקאַנער קאָנצעסיאָנאַרן. דאָרטן פלעגט מען פון דער ערד אַרויסנעמען גרויסע סכומים זאַמד און דאָס אַוועקשיקן אין שיפן קיין צפון־אַמעריקע, ווו דאָס זאַמד איז ראַפינירט געוואָרן און אַרויסגעגעבן פון זיך דער געהעריקער קוואַנטיטעט פון גאָלד. די באַלעבאַטים פון די מינעס האָבן געהאַט אַ באַשטעטיקטן אַנאַליז וועגן דעם טייל פון גאָלד וואָס זייער זאַמד אַנטהאַלט, און פלעגן קריגן לויט דעם זייער אויסצאָל.

עס זיינען אויך געווען גאָלד־וואַשערייען אַרום וואַזשעגנאַר.

הונדערטער גאָלד־זוכער פלעגן זיצן ביי די גאָלד־מינעס, וואַשן

דעם זאַמד אין אַזעלכע מולטערלעך פון האַרבס. דאָס וואַסער מיטן זאַמד פֿלעגן אָפּפֿליסן און די גאָלד־קערנדלעך פֿלעגן אַ שיין טאָן פֿאַר די אויגן.
וואַזשענאַר איז דאַן געווען אַ שטאָט פון פּראָספּעריטי.

איך מיט סאָלטשאַנסקין האָבן זיך דערווייל באַזעצט אין אַ גאַנץ פֿיינעם האָטעל, און גענומען פֿאַרשן אונדזערע געשעפֿטן.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז כּדי צו קענען איינקויפֿן גרויסע קוואַנטיטעטן פון אַלגאַראָבאָ, דאַרף מען פֿריער שליסן אָפּמאַכן מיט די קליינע אַגריקולטאָרן, זיי געבן געלט צושטייער ביז דער געוויקס ווערט פֿאַרטיק, און נאָך דעם שטעלן זיי אים ערשט צו. דאַרף מען הייסט עס זיצן און וואַרטן אויף דעם אלגאַראָבאָ.

האָט סאָלטשאַנסקי פֿאַרגעלייגט מען זאָל דערווייל דינגען אַ קלייט און עפֿענען אַ קאָלאָניאַל־געשעפֿט, וואָס זאָל פֿאַרקויפֿן די קליינע קלייט־לעך פון שטאָט און אַרום שטאָט, און אין דער זעלבער קלייט וועט מען שוין אויך אויפֿקויפֿן פֿעלן און אלגאַראָבאָ.

איך האָב ניט געוווסט פון די אונטערבאַוווסטזיניקע כּוונות פון סאָל־טשאַנסקי, וועלכער האָט געזוכט אַ ביסל מנוחה אין לעבן. ער האָט אין זינען געהאַט צו ווערן אַ ווילענסקי פון וואַזשענאַר. אַחוץ דעם קאָלאָניאַל־געשעפֿט, וועט ער אויך איינסטאַלירן אַ בראָט־אויוון, אַראָפּ־ברענגען אַ מיל, און ער וועט האָבן חיונה לרוב, אין דער שטילער, פּראָ־ווינציעלער שטאָט.

הקיצור, מיר האָבן געדונגען אַ גרויס געשעפֿט, אַראָפּגעבראַכט סחורה, און גענומען דורכפֿירן די אָנגעצייכנטע פּלענער. איך בין געווען ייִנגער פון סאָלטשאַנסקין, מיט איבער 20 יאָר, און בין דאָס געוואָרן דער הויפּט־פֿאַרקויפֿער, סיי אין קראָם, סיי אין דרויסן. איך פֿלעג אַ האַלבן טאָג אַרומגיין איבער די קלענערע קלייטן פון שטאָט און אויך אַרויספֿאָרן אין די דערבייאיקע שטעטלעך און אָנגעמען באַשטעלונגען, וואָס פֿלעגן תּיכּף צוגעשטעלט ווערן. אגב האָט איך געלאָזן מער צייט פֿאַר סאָל־טשאַנסקין, ער זאָל זיך אָפּגעבן מיט דעם הויפּט־געשעפֿט פון איינקויפֿן פֿעלן און אלגאַראָבאָ.

דער סוף איז געווען, אַז ער האָט קוים צוזאַמענגעקויפֿט אַ פּאָר ציגענע פֿעלן, און אַז עס איז געקומען צו דעם הויפּט־מסחר פון אַלגאַראָבאָ — פֿאַרשיידענע אַגריקולטאָרן זיינען געקומען צו אים אונטערהאַנדלען וועגן שליסן מיט זיי אָפּמאַכן פֿאַר זייער צוקונפֿטיקער גערעטעניש — האָט

סאָלטשאַנסקי אַזוי לאַנג גערעכנט זיינע חשבונות, אַזוי לאַנג געטראַכט, ביז ער האָט באַשלאָסן איינגאַנצן דאָס ניט צו קויפן.

ער האָט גענומען אָפן ריידן מיט מיר, ווענן זיין פּלאַן צו פאַרלייגן אין וואַזשענאַר אַ גרויסן געשעפט, פּראָדוצירן סינטעטישן קאַווע און ברוינען פאַרשיידענע ניס, קערנער, צו ברענגען אַ בראָט־אויוון און אַ מיל, צו מאָלן דעם קאַווע און די געברוינטע ווייץ.

צו פאַרלייגן אַזאַ מין געשעפט, איז געווען סאָלטשאַנסקיס חלום. ער האָט ליב געהאַט דאָס רויִקע פּראָווינציעלע לעבן.

וואַזשענאַר איז אים געפעלן געוואָרן. מיר זיינען דאָ ביידע געשעצט געוואָרן פון די איינוווינער. קיינער פון די גרויסע סוחרים פון באַקאַליי איז נישט געווען קעגן אונדז. זיי האָבן זיך ניט געשראָקן פאַר קאָנקורענץ און האָבן נאָך אונדז אַרויסגעהאָלפן מיט עצות.

אין וואַזשענאַר האָב איך זיך געקענט באַקענען מיטן נאַקעטן לעבן אין טשילע — אַזוי ווי ער איז. דאָס לעבן איז דאָרט ניט געווען אַזוי פאַרשטעלט ווי אין דער גרויסער שטאָט.

די אומלעגאַלע פיל־ווייבעריי האָט מען געקענט זען אין יעדער צווייטער שטוב.

אַנטקעגן אונדזער געשעפט איז געשטאַנען אַ קליין קלייטל וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער שטוב.

דער באַלעבאָס פלעגט אויפשטיין אין דער פרי, אָנזאָטלען זיין פערד, אָוועקרייטן אין מאַרק אַריין, פון וואַנען ער האָט געבראַכט פאַרשיידענע גרינסן, פרוכטן און אַנדערע אַרטיקלען פאַר זיין קלייטל. נאָך דעם האָט ער זיך אַרומגעדרייט אַ פּאָר שעה אין זיין קראָם, אָפּגעגעסן מיטאָג און אָוועקגעריטן אין זיין צווייטן „סוקורסאַל“ (אָפּטיילונג).

אַז ער האָט אַ מאָל פאַרגעסן מיטצונעמען דעם שליסל, האָט מען געהערט ווי ער קלאַפּט אין טיר פאַר טאָג.

בכלל האָט מען נישט געהערט ווען ער קומט צוריק. און אַלץ איז פאָרגעקומען שאַ־שטיל — אָן סקאַנדאַלן און אָן טענות — ווי עס וואָלט אַזוי באַדאַרפט צו זיין.

אין וואַזשענאַר האָט געוווינט איין ייד — אַן אַלמן פון אַ טשילענער קריסטלעכער פרוי. פאַר דעם קאַרגן יאָר וואָס איך מיט סאָלטשאַנסקין האָבן דאָרטן געוווינט, זיינען דאָרטן געווען 4 יידן, אַריינרעכענענדיק איינעם אַן אונגאַרישן יידן, גרינפעלד, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט אַרום די גאָלד־געשעפטן.

די דאַרטיקע איינוווינער האָבן אַפילו ניט געוווּסט וואָס אַ ייד איז.

צווישן מיינע קליענטן האָבן זיך געפונען צוויי עלטערע פריילינס, די אייגנטימערינס פון אַ שניט־געשעפט. איך האָב זיי צוגעטיילט טריי־קאָטאַזש־אַרטיקלען. איין מאָל האָבן זיי ביי מיר איין אַרטיקל ניט געוואָלט קויפן, ווייל די יידן פון אַנטקעגן האָבן אים.

— די יידן ? — האָב איך זיי געפרעגט — זיי זיינען דאָך אַראַבער.

— אַראַבער ? דער טייוול ווייסט זיי וואָס זיי זיינען, אָבער יידן זיינען זיי.

(אַז מען זאָגט אויף שפּאַניש „אַ ייד", קען דאָס אַחוץ אַ ייד, אויך מיינען אַ קאַרגער, אַ באַרייסער, אַ פּראָצענטניק, אָדער סתם אַזאַ מין מענטש וואָס וויל אַלץ נאָר פאַר זיך).

— נו, און אַן אמתן יידן קענט איר שוין ?

— דעם אמת זאָגנדיק, ניין.

— אויב אַזוי, האָב איך דעם כבוד פאָרצושטעלן פאַר אייך אַן אמתן יידן.

— ווו איז ער ?

— דאָס בין איך. איך בין אַ ייד, און מיין שותף, דאָן כוליאָ, איז אויך אַ ייד.

— עס קען ניט זיין — האָבן זיך די צוויי שוועסטער פרום געצלמט — איר זייט דאָך קאַוואַלערן, אמתע קאַוואַלערן, עס קען ניט זיין.

איך האָב קאַטעגאָריש געגעבן צו וויסן סאָלטשאַנסקין אַז איך גיי אַרויס פון דער שותפות, אַז איך האָב קיין מאָל ניט געהאַט אין זינען צו ווערן אַ פּראָווינציעלער קרעמער און אַז מיינע אַספּיראַציעס זיינען אַנדערע. מיר איז געווען ענג דאָס לעבן אין סאַנטיאַגאָ, וועל איך זיך גאָר מיט אַ מאָל באַזעצן אין אַ ווייטער פּראָווינץ־שטאָט.

מיר האָבן באַשטימט צווישן זיך אַ צייט וואָס איך דאַרף פאַרבלייבן אין וואַזשעגאַר, כדי צו ליקווידירן דאָס שותפות.

אין דער אמתן האָט סאָלטשאַנסקי צו דעם געשעפט וואָס ער האָט פּלאַנירט געקענט אויסקומען אָן מיין שותפות.

פאַר אים איז אָבער אַנטשטאַנען אַן אַנדער שוועריקייט. זיין פרוי האָט בשום אופן ניט געוואָלט פאַרלאָזן סאַנטיאַגאָ, ווו זי האָט געהאַט פיר ברידער מיט אַ שוועסטער, און זיך באַזעצן אין אַ פאַרוואָרפענעם שטעטל.

סאָלטשאַנסקי האָט דערפון זייער געליטן. ער האָט שוין זיין חלום

צו ווערן זעלבסשטענדיק און לעבן בשלווה פאַרן עק, קומט זיין אייגענע פרוי און רייסט אים אַרויס פון זיינע הענט. דערצו האָט ער נאָך געטראַכט אין קאַטעגאָריעס פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט, אַז אַ ווייב דאַרף נאָכגיין דעם מאַן וווהין ער פירט איר. ער האָט אין זיין פרוי דערזען אַ פאַרבינדעטע פון אירע ברידער, ווענען עס גייט ניט אָן זיין שפּלע לאַגע פון זיין אַ משרת ביי זיי.

עס האָט זיך אין אים אָנגעצונדן אַן אייפער צו זיין פרוי און צו זיינע שוואָגערס.

ער האָט געמיינט, אַז במשך פון די הדשים וואָס זיינען אַוועקגעפלאָסן, וועט דאָך אפשר זיין פרוי זיך באַזינען און קומען צו אים. אָבער דאָס איז ניט געשען.

סאָלטשאַנסקי איז בכלל געווען אַ מענטש מיט אַ קרענקלעכן אייפערגעפיל, ביז צו פאַרשאַרפונג.

איך האָב אים אַ מאָל געבראַכט אַ גרוס פון זיין פרוי, נאָך אַ רייזע וואָס איך האָב געמאַכט פון וואַשענאר קיין סאַנטיאַגאָ. איך האָב אים אויסגעשטרעקט אַ פינגער און געזאָגט:

— זעט, סאָלטשאַנסקי. ס'ארא אָנדענק עס איז מיר פאַרבליבן פון באַזוכן אייער היים.

מיין פינגער איז געווען געשוואָלן און דער נאָגל פון אים שוואַרץ.

ווען איך בין געגאַנגען צו פרוי סאָלטשאַנסקי, איר אָפּגעבן אַ גרוס פון איר מאַן, האָב איך ביים פאַרמאַכן דאָס טירל פון דער הויב־ווינדע פון זייער הויז, צעקוועטשט מיין פינגער.

סאָלטשאַנסקי האָט מיר אָנגעקוקט מיט אַ רחמנותדיקן, אומבאַהאָלפענעם בליק.

מיר איז דורכגעלאָפן אַ געדאַנק: דער ייד אייפערט מיר צו זיין פרוי.

איך האָב זיך תיכף אָפּגערופן צו אים:

סאָלטשאַנסקי, איך וויל איר זאָלט זיין אויפריכטיק צו מיר. מיר דוכט אַז איר אייפערט מיר צו אייער פרוי.

— יאָ, — האָט ער געענטפערט — אָבער וואָס איז מיט אייך? פון וואַנען ווייסט איר דאָס? איר זייט אַ נביא?

— מאַכט זיך ניט נאַריש סאָלטשאַנסקי — האָב איך צו אים געזאָגט — עס איז ניטאָ קיין שום גרונט דערצו. שלאָגט זיך דאָס אַרויס פון קאָפּ.

ער האָט מיר אָנגעקוקט מיט פאַרשולדיקונג, און זיך באַרויִקט.

איך האָב נאָך געאַרבעט עטלעכע חדשים מיט אים, ביז איך האָב ליקווידירט מיין טייל שותפות.

ער האָט נאָך געפּרוווט ווייטער פאָרזעצן מיטן געשעפט — אפשר וועט פאָרט זיין פרוי קומען צו אים.

דער סוף איז געווען אַז אויך סאָלטשאַנסקי האָט געמוזט פאַרלאָזן וואַזשענאר. כדי צו רעאַליזירן די פּלענער פון זיין פאַרטראַכטן געשעפט, כדי צו אינסטאַלירן דעם אויוון און די מיל, האָט ער געדאַרפט אָנקומען צו זיינע שוואָגערס, און אַז זיין פרוי, זייער שוועסטער, האָט ניט געוואָלט פאָרן צו אים, האָט זיך פון זיין פּלאַן גאָרניט אויסגעלאָזן.

נאָכן אָנקומען קיין סאַנטיאַגאָ האָט זיך סאָלטשאַנסקיס לעבן מער ניט געקלעפּט. ער האָט זיך געפילט ווי אַ דורכגעפאַלענער. דאָס שטיין ביי דער קאַסע אין דעם גרויסן געשעפט פון די ווילענסקיס, אין דער „וועגא צענטראַל״ (הויפּט־מאַרק), האָט אים אינגאַנצן דול געמאַכט. זיינע נערוון האָבן דאָס מער ניט געקענט אויסהאַלטן.

זיין פרוי איז אים אויך געוואָרן פרעמד. זי האָט אים ניט באַגלייט אין זיין וועג. זי איז געגאַנגען מיט אירע ברידער.

איך האָב אים געטראָפן אַ פּאָר חדשים נאָך זיין אומקערן זיך פון וואַזשענאר. זיין איינציקע האָפענונג איז געווען, וואָס זיינע שוואָגערס האָבן אים צוגעזאָגט צו אינסטאַלירן מיט אַ זייף־פאַבריקל. אָבער, ווי עס ווייזט אויס, איז אויך פון דעם גאָרניט געוואָרן. סאָלטשאַנסקי האָט מסתמא אַזוי לאַנג גערעכנט די חשבונות פון דעם געפּלאַנטן געשעפט, ביז ער האָט געזען אַז עס לוינט אים ניט...

אין עטלעכע חדשים אַרום שטעלט זיך צו מיר אין געשעפט אַריין סאָלטשאַנסקי.

איך האָב שיעור נישט געחלשט.

איך האָב פאַר זיך דערזען נאָר אַ זכר פון אים. די בגדים זיינען אויף אים געהאַנגען נאָכלאָזיק. ער האָט אויסגעזען פינצטער־פאַרשוואַרצט, שמוציק, און איז געווען ניט ראַזירט. די אויגן, פון אַ ניט דערשלאָפענעם, האָבן ביי אים געברענט מיט אַן אומהיימלעכן פייערל. זיי האָבן אויף אַלץ, אויף דער גאַנצער וועלט, געקוקט מיט אומקלאָרקייט און ווייט.

— וואָס איז מיט אייך, סאָלטשאַנסקי? איר זיינט חלילה קראַנק?

— ניין. איך בין געקומען צו אייך ווי צו אַ פריינד. קריגט מיר אַ רעוואָלווער. איך האָב דאָס אַלץ געגנוג.

— אָבער, סאָלטשאַנסקי! — האָב איך אים גענומען אונטערן אָרעם און אַריוסגעפירט פון געשעפט.

איך בין מיט אים אַרומגעגאַנגען אַ האַלבן טאָג איבער די גאַסן און אין אים אַרייַנגערעדט.

איך האָב אים צוגערעדט צו ווערן אַ העברעיִשער לערער אין אַ שטאָט, אין דרום פון לאַנד, ניט ווייט פון סאַנטיאַגאָ. די אַרבעט איז דאָרטן געווען אַ לייכטע, — אַ פּאָר שעה אין טאָג — און ער וואָלט זיך געקענט אַ ביסל אָפּרוען פון דעם גאַנצן שטאָטישן טומל וואָס ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן.

פאַרנאַכט־צו, האָב איך אים אַרייַנגעפירט אין אַ האָטעל, וואָס איז געשטאַנען פונקט אַנטקעגן מיין געשעפט. אויף מאָרגן אין דער פרי, האָט ער דאָז געזאָלט צופאָרן קיין ראַנקאַגוא, ווו מען האָט געדאַרפט האָבן אַ העברעיִשן לערער.

ער איז טאַקע אויפגעשטאַנען אויף מאָרגן אין דער פרי, איז אַוועק צו דער באַן און אַרויסגענומען אַ בילעט, אָבער אויפן וועג האָט עו זיך איבערגערעכנט אַז דער געשעפט לוינט אים גיט... און האָט זיך ווען די באַן האָט זיך גענומען רירן, פון איר אַראָפּגעוואָרפן. איך בין ניט זיכער אַז ער זאָל זיך האָבן אַראָפּגעוואָרפן אין מיטן גאַנג, ווייל זיין קערפער, וועלכן איך האָב נאָך דעם געזען אין „מאָרגע" (טויטן־הויז), איז געווען אומבאַשעדיקט. נאָר זיין העמד, פון געשטייפטן פּאָפּעלין, האָט זיך געזען באַפלעקט אויף איין אָרט, דאָרט ווו עס געפינט זיך דאָס האַרץ.

סאָלטשאַנסקי איז געווען צו פיל בעל־רחמים ער זאָל פעיִק זיין צו נעמען זיך דירעקט דעם טויט, בידים, אויף אַן אַקטיוון אופן.

איך בין זיך משער, אַז פון אַ סטאַנציע ווו די באַן איז שטיין געבליבן, האָט ער זיך מקדים געווען און איז פאָרויסגעגאַנגען אַ שטיקל מרחק, און ווען זי האָט זיך צעראַזמאַכעוועט, האָט ער זיך געשטעלט אַנטקעגן איר אָנקומען. זי האָט אים ווייזט אויס געטראָפן מיט אַן אייזן, אָדער מיט אַ טרעפּל, פונקט אין האַרצן אַריין.

די בשורה פון סאָלטשאַנסקיס אומקום האָט מיר געבראַכט אַ באַקאַנטער ייד, וואָס האָט מסוכן ליב געהאַט צו זיין דער ערשטער אין ברענגען שרעקלעכע ניַיסן. ער האָט געוווּסט, אַז סאָלטשאַנסקי איז געווען מייַנער אַ פריינד.

דער זעלבער ייד האָט מיר אויך דערציילט אַז אין דער פּאָליציי געפינט זיך אַ בריוו פאַר מיר פון דעם פאַרשטאָרבענעם.

דעם דאָזיקן בריוו האָב איך קיין מאָל ניט באַקומען. צי אַזאַ בריוו איז בכלל ניט געווען, צי די משפחה האָט אויסגעמיטן אַז ער זאָל צו מיר דערגיין, ווייס איך ניט, עד היום הזה.

איך האָב זיך דערוווּסט פון סאָלטשאַנסקיס טויט, שפּעט אין אָוונט. דאָס ערשטע וואָס איך האָב געטאָן, איז געווען לויפן צו זיין פרוי, זען איר צו וויסן געבן וועגן דאָס געשעענע.

ווען איך בין אָנגעקומען צו איר הויז איז שוין געווען נאָך 10 אַ זייגער ביי נאַכט. די עלעקטרישע גלעקלעך פון די דעפּאַרטאַמענטן האָבן דאַן צופעליק ניט פונקציאָנירט.

אויף איינעם פון די באַלקאָנען, האָב איך דערזען אַ פרוי. דאָס איז געווען די פרוי זאַק, די אייגנטימערין פון דעם הויז. זי האָט געהאַט דעם נאָמען פון אַ כלבתא.

איך האָב איר זייער העפלעך געבעטן, זי זאָל מיר עפענען די גאַס־טיר. עס האָט ניט געהאָלפן. זי האָט בכלל ניט געענטפערט. דאַן האָב איך צו איר געזאָגט:

— אָבער סעניאָראַ, אום גאָטעס ווילן, עפנט מיר איך דאַרף האָבן וועגן אַ דרינגענדיקן ענין.

— אַ דרינגענדיקן? טאָ קלאַפּט אָן דאָפּלטע מאַרקעס (דאָס איז אַזאַ ווערטל אין טשילע, ווייל אויף אַ דרינגענדיקן בריוו קלעפּט מען אָן דאָפּלטע מאַרקעס).

מסתמא איז געווען באַשערט אַז וועגן דער טרויעריקער בשורה זאָל זיך די פרוי סאָלטשאַנסקי דערוויסן ניט דורך מיר.

איך האָב זיך מיט מיין פריינד אָפּגעזעגנט אין דער „מאָרגע״ (טויטן־הויז). דאָרטן האָב איך אים געזען אין זיין גאַנצער גרויס, ליגנדיק אויף איינעם פון די טישן.

די לוויה איז געווען אַ שטילע — נאָר פון דער פאַמיליע. מען האָט אַפילו אין ערגעץ ניט געמאָלדן וועגן דער צייט ווען זי וועט פאָרקומען.

אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט צו מיר אָנגעקלונגען די פרוי סאָלטשאַנסקי און מיר איבערגעגעבן, אַז עס האָט זיך אָפּגעפונען אַ זון פון סאָלטשאַנסקין וואָס וויל אַריבערפירן זיינע רעשטן אין ארץ־ישראל. איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם. זי האָט מיר צוגעזאָגט צו שטעלן אין פאַרבינדונג מיטן יורש. אָבער עס איז דערפון גאָרניט געוואָרן.

פון דער באַקאַנטשאַפט מיט סאָלטשאַנסקי, פון דער שותפות מיט אים, איז מיר פאַרבליבן אין זכרון אַ געשטאַלט פון אַ יידן וואָס ווערט

מיד אין גאַנג און געפינט ניט קיין רו פאַרן טראָט פון זיין פוס. עס איז מיר פאַרבליבן אַ וואַרעמער געפיל צו אַן אמתדיקן פריינד, צו אַ יידישן קולטור־מענטש, וואָס איז געווען מלא וגדוש, צו אַ מענטשן וואָס האָט זיין וויסן און זיינע מעלות געטראָגן אין זיך, ניט פון אויבן אויף, און האָט זיך קיין מאָל מיט דעם ניט אַרויסגעשטעלט.

עס פאַרבינדן מיר אויך מיט אים די צוויי דערציילונגען וואָס איך האָב צוליב אים געשאַפן — „צווישן שותפים" און „אין מאָרגע".

אין דער דערציילונג „אין מאָרגע" ווערט אַרויסגעבראַכט, ווי דער אַנגעשטעלטער פון דעם טויטן־הויז כאַפּט אַ דרעמל און עס חלומט זיך אים דער שמועס פון זיינע דריי „פּאַציענטן", וועלכע דערציילן וועגן דעם וועג וואָס האָט זיי דערפירט צו דער „מאָרגע". איינער פון זיי איז אַן אַנטיהיטלעריסטישער דייטש, וואָס איז געפאַלן אין טשילע פון היט־לערס אַ קויל, די צווייטע איז אַ פרוי, וואָס מען האָט איר אין דער „מאָרגע" געבאַרכט פון אַן עפנטלעכן גערטנדל, ווו זי האָט יאָרן געשלאָפן מיט אַ פּאַפּירענע ליאַלקע אין די אָרעמס, און דער דריטער, אַ וואָגלענ־דיקער ייד, וואָס האָט ניט געפונען קיין רו פאַר זיין מידן קאָפּ.

# די יידן פון קונקאָ

צווישן די טשילענער יידן גייען אַרום קלאַנגען, אַז נאָך פאַרן יאָר 1906 (דאָס יאָר פון וועלכן עס הויבט זיך אָן צו ציילן אָפיציעל דער יידישער ישוב אין טשילע), זיינען שוין דאָרטן געווען יידן. מען זאָגט אַז אַ סך פון דער טשילענער אַריסטאָקראַטיע זיינען אָפּשטאַמיקע פון יידן — אַז די אַלע וואָס האָבן אַ צוגאָב פון „סאַנטאַ" צו זייערע פאַמיליע־נעמען, ווי סאַנטיבאַניעז, סאַנטאַמאַריאַ, סאַנטאַקרוז, סאַנטאַנאַ א. א., קומען אַרויס פון די אַמאָליקע מאַראַנען, וואָס האָבן ספּעציעל אָנגענומען אַזעלכע נעמען בעתן טויפן זיך.

אויפן באַרג סאַנטאַ־לוסיאַ, וואָס געפינט זיך אין מיטן פון דער שטאָט, אויף דער אַלעמעדאַ דע לאַס דעליסיאַס, קען מען נאָך היינט זען אַן אומקלאָרן מאָנומענט, אַ שטיין, אויף וועלכן עס זאָגט זיך: אַ זכר פאַר די אומגלויביקע.

אַחוץ דעם געפינט זיך טיף אין דרום פון לאַנד טשילע, נישט ווייט פון טעמוקאָ, אַ יידישער שבט וואָס היט אָפּ מערער די יידישע מצוות, ווי די „אמתע" יידן אַליין.

אין 1920 האָט זיך צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין טשילע, געמאָלדן אַ דעלעגאַציע פון די — לאָמיר זיי אַזוי אָנרופן — קונקער יידן.

אָט דאָס צוויי־זילביקע וואָרט „קונקאָ" (אַ נאָמען פון אַ שטעטל אויפן דרום), איז דאָס געוואָרן פאַרבונדן מיטן לעגענדאַרישן יידישן שבט פון טשילע.

די דעלעגאַציע פון די קונקער יידן האָט זיך געווענדעט צו דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין אַ בריוו וואָס איז געשריבן געוואָרן אין ביבלישן סטיל, אַז מען זאָל זיי אויפנעמען. פון דאַן אָן פלעגט זיין פאַרטראָטן אויף יעדער ציוניסטישן קאָנגרעס, אַ קונקער דעלעגאַציע.

איך האָב זיך שוין לאַנג געריסן צו מאַכן אַן עקספּעדיציע ביי די קונקער יידן, זיך צו באַקענען מיט זיי און מיט זייער שטייגער לעבן.

אין איינעם אַ זומערדיקן דאָנערשטיק פאַרנאַכט פון 1934, בין איך אַרויסגעפאָרן פון סאַנטיאַגאָ קיין קונקאָ. איך האָב אויסגעקליבן דאָנערשטיק, כדי אָנצוקומען צו זיי אויף פרייטיק און שבת.

קונקאָ איז געלעגן ביי אַ טויזנט קילאָמעטער די ווייט פון סאַנטיאַגאָ.

איך בין געפאָרן דעם דאָנערשטיק פאַרנאַכט, די נאַכט פון דאָנערשטיק אויף פרייטיק און אָנגעקומען פרייטיק נאָכן האַלבן טאָג, ווען די זון שטייט אין מיטן הימל און באַשענקט די וועלט מיט ליכט און מיט וואַרעמקייט, וויפל זי קען נאָר, צום שטעטל פריירע.

פריירע איז געלעגן אַ פאַרזונקענע אין שלאָף, ווי אַ יידיש שטעטל שבת נאָכן טשאָלנט.

דאָס סאָפּען און קרעכצן פון דער אָנקומענדיקער באַן, איר שפּייען און שרייען, האָט אויפגעוועקט פריירע.

פון די שטיבער האָבן זיך געגומען זיך באַווייזן מענטשן מיט קלומיקעס אויף די פּלייצעס, ווו זיי האָבן געטראָגן זייערע אַרבעטס־געצייג, און צוזאַמען מיט אייניקע פּאַסאַזשירן וואָס זיינען אָנגעקומען מיט דער באַן פון סאַנטיאַגאָ, האָבן זיי זיך באַזעצט אין דעם קליין־באַן, וואָס האָט אויף זיי געוואַרט.

מיר האָבן זיך געפונען אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט. פון איין זייט די מחיצה פון די קאָרדיזשערן־בערג, און פון דער צווייטער —

אין מיטן אוראַלטע וועלדער, צווישן וועלכע עס רייסט זיך דורך דער קליין־באַן וואָס פירט אונדז צו ווייט־אָפּגעלייגטע ישובים.

פון ביידע זייטן פון דער באַן־ליניע, האָבן מענטשן געפירט אַ האַרט־נעקיקן קאַמף מיט דער נאַטור. זיי האָבן אויסגעהאַקט און אויסגעקאָר־טשעט טיף־איינגעוואָרצלטע ביימער פון כמה יאָרן, כדי אויסצובּרייטערן די ישובים און עפענען וועגן פאַר נייע.

איך בין אָנגעקומען קיין קונקאָ פרייטיק פאַרנאַכט.

ווי איך האָב נאָר איבערגעלאָזן מיין קלומיק אין האָטעל, האָב איך זיך גלייך געלאָזט זוכן די קונקער יידן.

— זיינען זיי טאַקע יידן — האָב איך געטראַכט — וועלן זיי דאָך פרייטיק צו נאַכט אָפּריכטן זייער תּפילה.

איך האָב ניט געוווּסט ווו זיי צו זוכן. איך האָב אָפּגעשטעלט דעם ערשטן 12 יעריקן יינגל וואָס איך האָב באַגעגנט און אים אַ פרעג געטאָן:

— הער נאָר, בחורל, ווייסטו ניט אַ מאָל ווו עס געפינען זיך דאָ אַזעלכע מענטשן וואָס היטן שבת?

— אוודאי ווייס איך. גייט גלייך מיט אָט דער גאַס, ביזן סוף. דאָרטן האָבן זיי זייער קלויסטער.

איך האָב זיך געלאָזן גיין אויף דער אָנווייזונג פון דעם יינגל, און אַז איך בין אָנגעקומען צום סוף שטעטל, ווו דער דרויסן קוקט אַריין אַ פרייער און אַן אָפענער, האָב איך פון דער לינקער זייט פון ברעג־גאַס דערזען אַ הילצערנע געביידע, מיט אַ גרויסן שילד איבער איר.

אויפן שילד האָט מען געלייענט: „איגלעסיאַ איזראַעליטאַ" — יידי־שער קלויסטער.

בעת־מעשה האָט דאָס מיר געחידושט, ווי קומט עס וואָס די קונקער יידן רופן אָן זייער בית־תפילה, ניט טעמפּלאָ, וואָס אַפילו די עוואַנגעליקער רופן אַזוי אָן זייער געבעטס־הויז, נאָר דווקא איגלעסיא — אַ קאַטוילי־שער טערמין. ערשט איך האָב זיך געכאַפּט אַז דאָס האָט געמוזט זיין דער „קינסטלערישער" איינפאַל פון דעם שילדן־מאָלער, וואָס איז זיכער געווען אַ „ברודער" (די קונקער יידן רופן זיך צווישן זיך „ברידער"). צוליב דעם ערשטן „אי", וואָס האָט געדינט סיי פאַר דאָס וואָרט „איגלעסיא" און סיי פאַר דאָס וואָרט „איזראַעליטאַ", ווי אויך צוליב דעם לעצטן „א" מיט וועלכן ער האָט פאַרענדיקט דעם „איגלעסיא" און דעם „יאזראַעליטא".

לעבן דעם „יידישן קלויסטער" זיינען געשטאַנען צוויי פרויען, וואָס האָבן געפירט זייער געמיטלעכן בין־השמשות־שמועס.

— וואָס האָב איך דיר געזאָגט — האָט זיך די עלטערע פון זיי, מאַריאַ דע לאַ כאַראַ, אָפּגערופן צו דער ייִנגערער — אַז דאָס איז אַ ייד. אַן אונדזעריקן דערקען איך פאַר אַ מייל.

מאַריאַ דע לאַ כאַראַ איז געווען איינע פון די נשים־צדקניות פון קונקאָ און אַ גרויסע מלומדת. זי האָט געקענט גאַנץ תנ"ך אויף אויסנ־ווייניק. בכלל זיינען די יידישע פרויען פון קונקאָ שטאַנדהאַפטיקער און געלערנטער אין יידישקייט — מער פון זייערע מענער.

איך האָב זיך דערוווּסט פון מאַריאַ דע לאַ כאַראַ אַ סך פון דעם לעבן פון די קונקער יידן, אַז דער נאָמען פון זייער געזעלשאַפט איז „היכאָס דע סיאָן" (בני־ציון), און אַז די דאָזיקע געזעלשאַפט איז אַלט אַ 50 יאָר, אַ סך עלטער פון דעם ישוב אין טשילע. לויט איר נאָך שטאַמען די קונקער יידן פון די מאַראַנען, וואָס האָבן באַוויזן אויפצוהיטן און אָפּהיטן אַ סך פון די יידישע מנהגים און מצוות, און אַז די הערשונג פון דער קאַטוי־לישער רעליגיע אין לאַנד איז שוואַכער געוואָרן, האָבן די דאָזיקע מאַראַנען אַרויסגעשטעקט זייערע קעפּ.

זי האָט מיר אויך דערציילט אַז צווישן די קונקער הערשט ניט קיין אייניקייט — אַ טייל ציט עס צו אויטענטישער יידישקייט, און אַנדערע פון זיי מישן זייער יידישקייט מיט אַ קריסטלעכן צומיש.

דאָס איז אויך געווען די סיבה, וואָס מאַריאַ דע לאַ כאַראַ האָט מיר געענטפערט אויף מיין פראַגע צי קען איך קומען צו דער ביינאַכטיקער תפילה „ניין, קום בעסער מאָרגן אין דער פרי", ווייל זי האָט געוואָלט צוגרייטן די מתפללים וועגן מיין וויזיט, איך זאָל זיי ניט זען דאַוונען קניענדיק, ווי ביי די קריסטן.

איך האָב זיך אומגעקערט אין האָטעל אַריין. איך בין דאָרטן אָבער ניט געבליבן רויק. איך האָב געשפּירט אַז מאַריאַ דע לאַ כאַראַ האָט מיר אָפּגענאַרט, אַז אויך היינט ביינאַכט קומט פאָר אַ תפילה אין „איגלע־סיאַ איזראַעליטאַ".

איך האָב זיך ווידער געלאָזט גיין צום וועג פון יידישן קלויסטער.

פון וויטן זיינען צו מיר דערגאַנגען די קלאַנגען פון תפילה־געזאַנגען. דאָס זיינען אָבער ניט געווען קיין יידישע ניגונים, נאָר גיכער די געזאַנגען פון עוואַנגעלישע תפילות.

איך בין געבליבן שטיין ביים יידישן קלויסטער און זיך געוואַקלט:

זאָל איך אַרײַנגיין, וועל איך דאָך מאַריאַ דע לאַ כאַראַ שטעלן אין אַ פאַרלעגנהייט, זאָל איך ניט אַרײַנגיין, טאָ ווען וועל איך האָבן די געלעגנהייט צו טרעפן די קונקער ייִדן אומגעריכט?

ווען איך בין אַרײַן אין ייִדישן קלויסטער, האָב איך שוין געטראָפן די מתפּללים ביים אַרויסגיין.

לכבוד מיר, זענען זיי דאָרטן געבליבן נאָך אַ פּאָר שעה.

דער ייִדישער קלויסטער האָט זיך געפונען אויפן צווייטן שטאָק און ער האָט אויסגעזען גיכער ווי אַ ווײַבערישע שול אין אַ ייִדישן שטעטל.

די געבײַדע איז געווען אַ שמאָלע און אַ לאַנגע.

אַ צוויי מעטער אָפּגערוקט פון מזרח־זייט, איז געשטאַנען אַ טישל, אַ מין בימה.

איבער אים איז געהאַנגען אַ בלומען־קראַנץ, ווו עס זײַנען געװען אַרײַנגעפלאָכטן די ווערטער: „דיאָס עס אַמאָר" — גאָט איז ליבע. פאַרן טישל איז געלעגן פאַרשפּרייט אַ טעפּיך — אַ סימן, אַז מען בוקט זיך בעתן דאַווענען.

פריער האָבן מיך די פירער פון די קונקער ייִדן באַגריסט. נאָך דעם האָבן מיר קעגנזייטיק אויסגעניצט די צייט. זיי, די קונקער, האָבן געצאַפּט פון מיר וואָס מערער ייִדישקייט, און איך פון זיי האָב אומדיסקרעט געפאָרשט זייער ייִדישקייט.

לויט ווי זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, היטן זיי אָפּ אַלע ייִדישע הויפּט־מצוות. זיי אַרבעטן ניט שבת, זיי היטן אָפּ פּסח — און סוכות גאָר מיט אַ באַזונדערער פייערלעכקייט.

קיין נוסח־התפילות האָבן זיי ניט. זייערע תפילות זײַנען די שאַפונגען פון זייערע אייגענע „ברידער"־דיכטער און דאָס רוב, אימפּראָוויזירטע. זיי בעטן בײַ גאָט, דאָס וואָס זיי דאַרפן און פאַרלאַנגען.

נאָך דעם שמועס אין קלויסטער, האָב איך נאָך פאַרבראַכט, ביז צוויי אַ זייגער פאַר טאָג, אין דער היים פון איינעם פון זייערע פירער, ביי איינעם פון די נכבדי העיר — כואַן דע דיאָס דע לאַ טאָררע, דער באַלעבאָס פון אַן אַפּטייק און פון אַ זעג־מיל.

דאָרטן איז פאָרגעקומען די דיסקוסיע וועגן משיחן. אַנדערע האָבן געוואָלט האָבן אַן ער איז נאָך קיין מאָל ניט געקומען, און אַנדערע, אַז ער איז שוין אַ מאָל געקומען, האָבן אים די ייִדן ניט געוואָלט אויפנעמען, דאַרף ער איצט ווידער אַ מאָל קומען.

אַלע ראיות פאַר דער דיסקוסיע, זײַנען געשעפּט געוואָרן פון תנ"ך.

אויף מאָרגן, שבת, בין איך בייגעווען זייערע תפילות.

קיין תפילה בציבור איז ביי זיי נישטאָ. עס הויבט זיך אויף איינער און בעט עפּעס, מעגינא דיומא. נאָך דעם, אַ צווייטער. דער עולם שטייט דערביי. די פּרויען געהילט אין וואָלן און די מענער מיט געבויגענע קעפּ. ווען איינער פון די פאָרויס־דאַוונער זאָגט למשל, מיר זיינען דאָך ניט מער ווי זינדיקע מענטשן, ברומט דער עולם צו: עקסאַקט, ריכטיק. און ווען דער פאָר־דאַוונער פאַרענדיקט מיט: זיי מוחל, אָ, גאָט! — ברומט דער עולם צו: — זיי מוחל, אָ, גאָט!

יענעם שבת זיינען מתפלל געווען צוויי: איינער איז געווען דער דיכטער פולגאר. ער האָט געבעטן ביי גאָט, אַז ער זאָל צעשטערן די פּלענער פון די שונאי־ישראל, דערמאָנענדיק היטלערן. און נאָך איינער פון די מתפללים איז געווען מאַרטין מאַרין, אַ פלאַם־פייערדיקער ציוניסט און ייד, אַ ברייט־ביייניקער פעסטער מאַן, וואָס טראָגט זיין יידישקייט מיט שטאָלץ. דער דאָזיקער מאַרטין מאַרין איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכער טוער פון שטעטל, אַ באָקסער און אַ פייער־לעשער. אַז ער פלעגט אַרויס־גיין באָקסן, האָט ער געטראָגן אַ גרויסן מגן־דוד אויף דער ברוסט, און אומעטום האָט ער זיך באַוויזן ווי אַ ייד.

ער האָט זיין דרשה פאַרענדיקט מיט אויסצוגן פון תנ"ך, וואָס זאָגן, אַז אַזוי לאַנג ווי די זון הערט ניט אויף צו באַלייכטן דעם טאָג, די לבנה און די שטערן די נאַכט, אַזוי לאַנג ווי דער ים הערט ניט אויף צו שטורעמען מיט זיינע כוואַליעס, אַזוי לאַנג וועט דאָס יידישע פאָלק ניט אויפהערן צו זיין אויף דער וועלט. עס וועלן ניט העלפן ניט קיין היט־לערס און ניט קיין אַנדערע רשעים.

אַחוץ די תפילות און דרשות, צווישן וועלכע עס גייט אויך אַריין דאָס געזאַנג פון „התקווה", האָבן זיי געזונגען עטלעכע הימנס פון זייערע „ברידער"־מחברים, און מעגלעך אויך פון אַן עוואַנגעלישן טעקסט.

עס האָט זיך געמערקט אַ געוויסע חלוקי דעות צווישן זיי. פון איין זייט זיינען געשטאַנען די וואָס מיט אַ קריסטלעכער אָפּנויגונג, צווישן זיי כוהן דע דיאָס דע לאַ טאָררע און פון דער צווייטער זייט — מיט אַ מערער יידישער אויפפאַסונג, ווי מאַריאַ דע לאַ כאַראַ און מאַרטין מאַרין.

שבת צו נאַכט בין איך געווען ביי כוהן דע דיאָס דע לאַ טאָררע. דער דיסאָנאַנס פון שבת און וואָך האָט זיך ביי אים שטאַרק געלאָזט שפּירן.

זיין אַפּטייק איז געשטאַנען אָפן אַ״ן פון די ביוראָ־צימערן וואָס האָבן זיך געפונען אין דער זעלבער שטוב, האָט זיך געטראָגן דער רעש פון די שרייב־מאַשינקעס, ווי זייערע שרייבערינס וואָלטן געוואָלט אָפּ־נעמען די צייט פון דעם שבתדיקן טאָג.

אויף מאָרגן, זונטיק אין דער פרי, איז זיך געקומען זעגענען מיט מיר מאַריאַ דע לאַ כאַראַ צוזאַמען מיט איר פּלימעניצע, אסתר־הדסה. זיי האָבן מיר באַגלייט צו דער באַן. אויפן וועג האָט זיך מאַריאַ דע לאַ כאַראַ באַקלאָגט פאַר מיר, אַז די יוגנט גייט אַוועק פון זיי און אַז עס פעלן זיי מדריכים.

אירע גרויסע, טיפע, טרויעריקע אויגן, זיינען געווען באַצירט מיט אַ גלאַנציקן טרער.

מיין באַן האָט זיך אַ ציי געטאָן, און פאַר מיינע אויגן איז געבליבן שטיין דאָס ווייטיקדיקע פּנים פון מאַריאַ דע לאַ כאַראַ. און איך האָב זיך געטראַכט:

— גאָט! אויב דער בעכער פון די יידישע טרערן איז נאָך אַלץ ניט פול, דאַרף ער זיך שוין איצט אַריבערגיסן מיט די כשרע, ריינע טרערן פון מאַריאַ דע לאַ כאַראַ.

* * *

וועגן מיין באַזוך אין קונקאַ האָב איך אָנגעשריבן אַ גרעסערע אַר־בעט, וואָס איך האָב פאַרעפנטלעכט אין המשכים איך די „אידישע פּרעסע״ פון סאַנטיאַגאָ, אין 1934. שפּעטער איז פון דעם פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַן עקסטראַקט אין „פאָרווערטס״ פון ניו־יאָרק.

אין 1939, ווען איך האָב באַזוכט די פאַראייניקטע שטאַטן, האָב איך דאָס פאַרעפנטלעכט אין שיקאַגער „קוריער״, פון וועלכן איך האָב צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן באַקומען אַ בכבודיקן האָנאָראַר, אין אַ טשעק צוגעשיקט אויף דעם אַדרעס ווו איך האָב זיך געפונען.

שפּעטער האָט דאָס איבערגעדרוקט „די וועלט״ פון פילאַדעלפיע און „דער קאַנאַדער אָדלער״ פון מאָנטרעאַל. עטלעכע קאַפּיטלעך פון די קונקער יידן האָב איך געדרוקט אין „די לעצטע נייעס״ פון ישראל אין 1960, און אויף העברעיִש, אין דער איבערזעצונג פון ש. שתדלר, איז דאָס געווען פאַרעפנטלעכט אין ישראל אין דעם זשורנאַל „פּראָבלעמען״, אין 1965.

די דאָזיקע אַרבעט האָב איך אויך אַריינגענומען אין מיין בוך פון דערציילונגען און רייזע־באַשרייבונגען, „איבער וועגן“, וואָס איז דער־שינען אין 1949.

אַרום 1940—41, האָב איך דערהאַלטן פון דער דיכטערין איידע מאַזע אַ בראָשור מיטן נאָמען „אַ גאַסט ביי משיחישע יידן“, פון יעקב פּילאָווסקי, אַרויסגעגעבן פון די מיסיאָנערן פון דעטראָיט. די דאָזיקע בראָשור איז באַשטאַנען פון מיין באַשרייבונג פון די קונקער יידן, נאָר וווּ־ניט־וווּ אַ ביסל געפעלשט. דאָס האָט מיך פאַרדראָסן, ניט צוליב דעם פּלאַגיאַט, נאָר צוליב די פעלשונגען וואָס עס זיינען דאָרט געווען. לייענענדיק די בראָשור האָט מען מיר געקענט אָננעמען פאַר אַ זייעריקן, פאַר אַ מיסיאָנער.

איך האָב מיר געטראַכט: נאָך גוט וואָס זי איז ניט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון יענעם יידן וואָס האָט מיט 15 יאָר צוריק אַרויסגעלאָזן אַ קלאַנג אַז איך בין אַ מיסיאָנער. אצינד וואָלט ער געהאַט אַ באַווייז אין דער האַנט, כאָטש יעצט וואָלט ער אויך מיט דעם דאָזיקן „באַווייז“ אין דעם ניט געגלויבט.

איך האָב אין שיקאַגאָ געהאַט אַ קוזין, אַן אַדוואָקאַט. איך האָב אים צוגעשיקט די בראָשור און געבעטן פאַרפירן מיט די מיסיאָנערן פון דעטראָיט אַ משפט. עס איז פון דעם גאָרניט אַרויסגעקומען.

ווען איך האָב זיך געפונען אין 1957 אין ניו־יאָרק, האָב איך פאַר־אינטערעסירט אין דעם דאָזיקן ענין, איינעם פון די אָנגעזעענסטע יידישע אַדוואָקאַטן פון ניו־יאָרק.

ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז אַזאַ פּראָצעס איז פאַרבונדן מיט א סך הוצאות, און עס איז אַ ספק צי ער וועט געווונען ווערן, מחמת דער לאַנגער צייט וואָס עס איז שוין פון דאַן אָן פאַרביי.

אַחוץ דעם האָט ער מיר דערקלערט אַז אַזאַ משפט דאַרף טראָגן אַ מער געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, און עס וואָלט גוט געווען ווען אַ גרויסע יידישע אָרגאַניזאַציע פאַרנעמט זיך מיט דעם.

איך האָב רעזיגנירט פון דעם דאָזיקן פּראָצעס, און עס איז אַפילו ביי מיר ניט פאַרבליבן קיין עקזעמפּלאַר פון דער בראָשור.

# די פּאַראייניקטע־פּראָגרעסיווע־ יידישע־געזעלשאַפט

אין 1934 איז צוזאַמענגערופן געוואָרן אַ קאָנגרעס פון טשילע־נער יידן.

אין 1920, איז שוין גערופן געוואָרן אַזאַ קאָנגרעס, נאָר ער איז גלייך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס פון טשילע.

צו דעם צוזאַמענפאָר פון 1934 זייגען צונויפגעשטעלט געוואָרן פאַרשיידענע קאַנדידאַטן־ליסטעס.

איך האָב זיך די גאַנצע צייט אַרומגעטראָגן מיט דעם געדאַנק צו גרינדן אין טשילע אַ פאַראייניקטע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אַריינגעמען אין זיך אַלע פּראָגרעסיווע עלעמענטן וואָס באַזירן זייער יידישע געזעל־שאַפטלעכקייט אויף דער יידישער קולטור און אויף דער יידישער שפּראַך.

איך בין געווען דער איניציאַטאָר צו קומען צו דעם צוזאַמענפאָר מיט דער ליסטע פון אַ פּראָגרעסיוון בלאָק.

די ליסטע האָט געהאַט אַזאַ מין דערפאָלג, אַז אין גאַנג פון די וואַלן האָבן מיר כסדר געמוזט פאַרגרעסערן די צאָל קאַנדידאַטן וואָס מיר האָבן צוגעשטעלט.

אויפן קאָנגרעס האָט דער פּראָגרעסיווער בלאָק ניט פאַרשאַפן קיין סך נחת זיינע איניציאַטאָרן. ער איז ניט געווען קיין בלאָק און ווייט ניט קיין האָמאָגענישער. יעדערער פון זיינע פאַרטרעטער צום קאָנגרעס, האָט געהאַט זיין אייגענע מיינונג און זיין רפואה פאַר די יידישע פּראָב־לעמען.

אָבער אין גיכן איז געגרינדעט געוואָרן ביי מיר אין שטוב, אין דער אָנוועזנהייט פון הערץ גראָסבאַרט, די פאַראייניקטע־פּראָגרעסיווע־ יידישע־געזעלשאַפט.

אין דער ערשטער צייט זיינען צוגעטראָטן צו איר אַ סך יידישע קולטור־מענטשן, ווי מ. ד. גיסער, נ. וויטאַל, ש. באַכראַך, ש. וואַלדמאַן, ג. סאַק, ק. ברינער א. א.

מיט דער צייט איז זי געוואָרן עקסטרעם — מיט אַ קאָמוניסטישער, רויטער באַפאַרבונג, און די אַלע אויפריכטיקע אָנהענגער פון אַ פאַר־אייניקטער־פּראָגרעסיווער־געזעלשאַפט, די אַלע וואָס האָבן געוואָלט אַ פאַר־

אייניקטן פראַנט צו שטאַרקן די יידישע קולטור, אָן פּאָליטישער העגע־מאָניע, האָבן זיך ביסלעכווייז דערווייטערט פון איר.

די פאַראייניקטע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפט, פון וועלכע איך בין געווען 15 יאָר פאַרזיצער ביז זי האָט זיך אין 1950 איבעראָרגאַניזירט אויף אַ שלום־עליכם צענטער, האָט אַנטוויקלט אַ גרויסע טעטיקייט, סיי אויפן יידישן קולטורעלן געביט, סיי אין דער פּאָליטיק, איבערהויפּט אין דער ערשטער צייט פון איר אויסשטייונג, וואָס איז צוזאַמענגעפאַלן מיט דער גרינדונג פון דעם פאָלקס־פראָנט אין טשילע.

די פאַראייניקטע־פּראָגרעסיווע־געזעלשאַפט איז געווען די ערשטע צו גרינדן אַ יידישן לייען־קרייז; זי האָט אַרויסגעגעבן אין משך פון אַ יאָר צייט אַ וועכנטלעכע צייטונג; זי האָט גענומען אַ וויכטיקן אָנטייל אין שאַפן הילף פאַר דער דעמאָקראַטישער שפּאַניע, און שפּעטער, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, פאַר די קעמפנדיקע דעמאָקראַטיעס קעגן היטלערן.

דער יידישער קאָמיטעט צו שטיצן די רעפּובליקאַנער שפּאַניע, האָט זיך אָנגעזען אין טשילע אַ דאַנק זיינע אויפטוען. דאָס גלייכן שפּעטער דער פאַראייניקטער־יידישער־קאָמיטעט צו העלפן די דעמאָקראַטיעס, וועל־כער האָט באַקומען די אָנערקענונג פון דעם טשילענער קאָמיטעט, „אוניאָן פּאַרא לא וויקטאָריאַ" (די פאַראייניקונג פאַר דעם נצחון), פאַר זיינע אויסערגעוויינטלעכע אויפטוען.

פריער זיינען אין טשילע געווען צוויי יידישע קאָמיטעטן צו שטיצן די וואָס האָבן געקעמפט קעגן היטלערן: איינער, דער „קאָמיטעט צו העלפן די אַליאירטע", און דער צווייטער, דער „אַנטיפאַשיסטישער קאָ־מיטעט". נאָך דעם האָבן זיך ביידע קאָמיטעטן צוזאַמענגעגאָסן אין דעם „קאָמיטעט צו העלפן די דעמאָקראַטיעס", אונטער די פּרעזידענטשאַפט פון איזידאָר דימאַנט און אונטער מיין סעקרעטאַריאַט.

אַ גרויסן אָפּקלאַנג האָט געהאַט דער פּראָטעסט־אַקט וואָס די פּראָ־גרעסיווע געזעלשאַפט האָט אָרגאַניזירט, פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, קעגן דעם פּאָגראָם אין פּשיטעק.

אויף דעם דאָזיקן אַקט זיינען אַרויסגעטראָטן, נאָך דער יידישער רעדע וואָס איך האָב געהאַלטן, די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון דער אינטעלעקטועלער וועלט פון טשילע, ווי דער שרייבער עוכעניאָ אָררעגאָ, דער שרייבער און אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָר מאַנועל היבנער, דער באַ

ווּוסטער און פּרעמירטער פּאָעט כוליאָ באַררעגוטשעא, דער סאָציאַליסטישער פירער סעסאר גאָדאָי אורוטיא א. א.

צום סוף פון דעם מיטינג, איז אויפן אָרט געגריגדעט געוואָרן אַ קאָ־מיטעט צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, מיט דער באַטייליקונג פון ד״ר בערמאַן און דעם יונגן אינטעלעקטואַל וואָלאָדיאַ טייטעלבוים.

וואָלאָדיאַ טייטעלבוים האָט געהאַט אַ שווערע קינדהייט און יוגנט. ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין אָרעמקייט.

גאָר יונג האָט ער אָנגעהויבן צו אַרבעטן אַלס איבערזעצער פון אייראָפּעישע שפּראַכן אין פאַרשיידענע טשילענער פאַרלאַגן.

ער האָט אַזוי, אַרבעטנדיק, פאַרענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט און געשריבן דיכטונג און עסייִסטיק.

שפּעטער האָט ער גענומען שפּילן אַ ראָל אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. איך גלויב, אַז ער איז דער גרעסטער ערודיט אין מאַרקסיזם אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, פון וועלכער ער האָט היינט צו טאָג אַ מאַנדאַט אין סענאַט.

וואָלאָדיאַ טייטעלבוים האָב איך געקענט, ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָר 17. דעמאָלסט האָט ער זיך געדרייט צווישן די עלטערע יידישע שרייבער וואָס טשילע האָט פאַרמאָגט.

מיטן וואַקסן פון זיין אַנזען, האָט ער זיך דערווייטערט פון יידן און פון יידישע פּראָבלעמען.

וואָלאָדיאַ טייטעלבוים איז טאַקע אַ געלערנטער און דער „אוטשאָני יעוורעי״ פון דער טשילענער קאָמוניסטישער פאַרטיי, אָבער צו דער זעלבער צייט דער טיפּישער אמן־זאָגער פון דער פאַרטיי־ליניע און איר קדוש־שפּרינגער.

שוין אין די פערציקער יאָרן, נאָך דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די ליניע פון דער פאַרטיי האָט זיך פאַרקירעוועט אויכן וועג פון קאָעקסיסטענץ מיטן קאַפּיטאַליזם, האָב איך געהאַט אַ צו־זאַמענשטויס מיט טייטעלבוימען אויף אַן אויפקלערונגס־מסיבה פון פּראָגרעסיווע עלעמענטן, ווו ער האָט געפּריידיקט צו שטיצן אַ קאַנדידאַט אויף פּרעזידענט פון אַ דרום־אַמעריקאַנער רעפּובליק, ניט קוקנדיק וואָס יענער איז געווען אַ שונא־ישראל.

אַז איך האָב אים אָפּגעפרעגט:

— היתכן? ווי אַזוי קען ער אַזוינס אַרויסברענגען?

איז זיין ענטפער געווען:

— אַזוי איז איצט די ליניע פון דער פּאַרטיי, און לאָמיר איצט ניט טראַכטן וועגן אונדזער יידישער אַנגעהעריקייט.

בעת דעם דאָקטוירים־פּראָצעס אין מאָסקווע, איז ער געווען דער לייט־אַרטיקל־שרייבער פון דעם קאָמוניסטישן „על סיגלאָ", ווו ער האָט פאַרדאַמט די „דאָקטוירים־פאַרברעכער אין די ווייסע כאַלאַטן".

היינט טוט ער אייך די טובה, ער קרימט נאָך קאָסיגינען און זאָגט, אַז ישראל האָט נאָך אַלעמען אויך אַן עקסיסטענץ־באַרעכטיקונג.

אָבער לאָמיר זיך אומקערן צו דעם ענין פּראָטעסט־אַקט קעגן דעם פּשיטקער פּאָגראָם.

אויף דעם דאָזיקן מיטינג זיינען געזאָגט געוואָרן אַזעלכע שאַרפע רייד קעגן אַנטיסעמיטיזם און די סיבות וואָס פירן צו אים. אַז דאָס האָט געגעבן די געלעגנהייט דאָס אַ פּאָר זשורנאַליסטן זאָלן דעם אַקט שטעמפּלען ווי אַן עקסטרעמן.

די יידן — אַחוץ די וואָס האָבן דעם אַקט אָרגאַניזירט — האָבן זיך אָפּגעשראָקן פאַר אַזאַ אַרויסטריט אין דער פּרעסע און האָבן זיך אָפּגעגרעניצט פון דעם מיטינג.

דער פּרעזידענט פון „בקור־חולים", אין וועמענס לאָקאַל ער איז פאָרגעקומען, וואָס איז בייגעווען דעם אַקט און האָט אַפּלאָדירט די רעדנער, האָט אין אַ פּאָר טעג אַרום דערקלערט אין דער פּרעסע אַז ער איז פאַרפירט געוואָרן און האָט ניט געוווּסט אַז דער דאָזיקער צוזאַמענטרעף וועט אָננעמען אַזאַ פּאָליטישן כאַראַקטער.

# איך אַקטויר ווי אַ קולטור־האַרעפּאַשניק

אין די דרייסיקער יאָרן האָט דער יידישער ישוב געגומען וואַקסן און די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז פאַרשטאַרקט געוואָרן. קיין יידישע אָרגאַניזאַציעס וואָס זאָלן זיך אָפּגעבן מיט יידישער קולטור־אַרבעט זיינען נאָך דאַן אין טשילע ניט געווען.

מיר איז אויסגעקומען אַליין צו שפּילן די ראָל פון אַן אינסטיטוציע. די אַלע אַרטיסטן און שרייבער פון דער שכנותדיקער מדינה, אַרגענטינע, און אַלע געסט, וואָס האָבן באַזוכט טשילע, פלעגן זיך ווענדן צו מיר,

איך זאָל זיי אַרויסהעלפן בעת זיי וועלן דאָ געבן זייערע פאָרשטעלונגען, אָדער לייענען זייערע רעפעראַטן.

העלפן די אַרטיסטן האָט געמיינט, באַגלייטן זיי אין פאַרשפּרייטן בילעטן פאַר דער פאָרשטעלונג. העלפן אַ שרייבער, אַ לעקטאָר, האָט אויך געמיינט צו פאַרשפּרייטן „טאָרכעטלעך״ (קאַרטלעך) צו דער לעקציע וואָס ער וועט האַלטן.

עס האָבן זיך באַוויזן אין לאַנד אַזעלכע אַקטיאָרן ווי יוליוס אַדלער, זיגמונט טורקאָוו, לעאָניד סאָקאָלאָוו און אַנדערע. אַלעמען האָט מען געדאַרפט אויפנעמען בסבר פנים יפות. מען האָט דאַן, און אַפילו שפּעטער, ניט געקענט מבחין זיין בין טוב לרע, צווישן אַ גוטן יידישן טעאַטער צי אַ ביליקן. דאָס צונויפזאַמלען עטלעכע הונדערט יידן, וואָס האָבן זיך מתיחד געווען אונטער איין יידישן דאַך און האָבן פאַרנומען דעם יידישן לשון, געזען אַ ביסל פון יידישן שטייגער און געהערט אַ יידישן ניגון, איז אַליין געווען אַן ענין. די פּאָר שעה וואָס די יידן האָבן זיך געפונען אין יידישן טעאַטער, זיינען זיי פאַרטראָגן געוואָרן אין אַנדערע וועלטן — אין די יידישע וועלטן.

מיר איז נישט נאָר אויסגעקומען צו באַגעגענען זיי, די יידישע שרייבער און אַרטיסטן, זיי אויפנעמען דורך דער פּרעסע, זיי פאָרשטעלן פאַרן עולם, אָרגאַניזירן פאַר זיי מסיבות, נאָר פּשוט גיין איבער די הייזער און צוגרייטן דעם פאָרפאַרקויף צו די פאָרשטעלונגען אָדער אונטערנעמונגען.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז געוואָרן לייכטער אויף דעם דאָזיקן געביט, ווען עס זיינען אויפגעשטאַנען די לאַנדסמאַנשאַפטן, דער פאַרבאַנד פון די פּוילישע יידן, דער בעסאַראַבער פאַראיין, און דער בוקאָווינער קולטור־פאַראיין.

נאָך שפּעטער איז אין טשילע שוין אויך געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער בילעטן־פאַרקויפער פאַרן יידישן טעאַטער. מען האָט אים גערופן דער „דאָקטער״, ווייל זיין אַרבעט האָט ער אָנגערופן „אָפּערירן״.

אַז ער האָט זיך אָפּגערעדט מיט אַן אַקטיאָר וועלכן ער האָט גע־דאַרפט באַגלייטן, פלעגט ער אים אַ פרעג טאָן:

— אַלזאָ, ווען גייען מיר אַרויס אָפּערירן?

איך האָב כמעט ווי אַליין, קען מען זאָגן, דורכגעפירט צוויי קאַמ־פּיינען פאַרן „ייוואָ״, אין יענע יאָרן, מיט מלך ראַוויטש און מיט גילי־שינסקין.

ביי די צוויי באַזוכן פון גראָסבאַרטן בין איך געווען כמו זיין „מענעדזשער”.

איך בין דאַן געווען דער סעקרעטאַר פון „ייוואָ” אין טשילע. שפּעטער איז דאָס געווען ג. סאַק.

פאַר מיין פּראָפּאַגירן דעם „ייוואָ”, פאַר מיין אַקטיווער טעטיקייט אין די קאַמפּיינען, האָט מען מיר אויף אַ צוזאַמענפאָר אין ווילנע נאָמינירט אין ראַט פון „ייוואָ”, כאָטש איך האָב זיך געפונען אַזוי וויט, אַזש אין טשילע.

פון יידישע שרייבער, איז מיר אויסגעקומען אויפצונעמען אויף די שפּאַלטן פון דער טשילענער פּרעסע, מיט באַגריסונגען און פאָרשטעלן זיי, און אויך צו ריידן וועגן זיי אויף די מסיבות: א. אויערבאַך, ש. אַלמאַזאָוו, י. באָטאָשאַנסקי, פּ. ביזבערג, ד״ר ש. ביקעל, י. בעלער, י. בלומשטיין, ח. גראַדע, מ. ד. גיסער, י. ל. גרוזמאַן, ב. גרינבערג, ש. וואַסערמאַן, ז. וויינפּער, ז. מאַזור, ד״ר מ. מערקין, פּ. גאָוויק, ש. ניגער, א. סוצקעווער, ח. פינקלשטיין, א. קאָווגער, א. קורץ, ק. קליגער, ג. קרימער, מ. ראַוויטש, ש. ראָזשאַנסקי, מ. ראָלניק, מ. שטריגלער, א. שמרי, מ. שענדעריי, מ. שפּרינגבערג, און נאָך אַנדערע וועלכע איך געדענק ניט.

וועגן אַ סך פון זיי האָב איך אָנגעשריבן גאַנצע אָפּהאַנדלונגען, ווי וועגן אויערבאַכן, י. באָטאָשאַנסקין, פּ. ביזבערגן, ב. גרינבערגן, ש. וואַסערמאַנען, ז. וויינפּערן, י. בלומשטיינען, מ. ד. גיסערן, א. קאָוונערן, ק. קליגערן און ג. קרימערן.

איך האָב פאַרקויפט הונדערטער ביכער פון אַ טייל פון די אויבנדערמאָנטע שרייבער. איבערהויפּט איז מיר אויסגעקומען זיך צו ווידמען די דאָזיקע אַרבעט פאַר דעם צווייטן האַלבן צענדליק יאָרן פון די דרייסיקער, איידער עס זיינען נאָך אויפגעשטאַנען אין טשילע יידיעע קולטור־אינסטיטוציעס.

עס פלעגן אויך קומען אלמנות פון שרייבער צו פאַרשפּרייטן די ביכער וואָס זיינען געבליבן פון זייערע מענער, און פאַרשפּרייטער פון כל־מיני זשורנאַלן. און אַלעמען האָט מען געמוזט אויסשטרעקן אַ האַנט.

דאָס עצם מאַכן קויפן אַ יידן אַ יידיש בוך, אָדער אַ זשורנאַל, איז שוין געווען אַן אויפטו.

עס זיינען געווען צווישן די געסט אויך „שווערע” פאַלן...

איין מאָל באַקום איך אַ בריוו פון דעם אַקטיאָר בן־ציון פּאַלעפּאַדע, אַז ער פאָרט אַרויס קיין טשילע צו פאַרשפּרייטן זיינע ביכער — מעמואַרן

ווען יידישן טעאַטער און אַז איך זאָל אים אָפּוואַרטן ביי דער באַן.

פּאַלעפּאַדע איז דאַן געווען אַן אויסגעדינטער אַקטיאָר, אַ בן־שמונים. ער האָט שוין עטלעכע יאָר נישט געשפּילט קיין טעאַטער, ווייל ער איז געווען טויב. איך האָב געטראָפן דעם אַלטן פּאַלעפּאַדע אויף דער סטאַנציע מאַפּאָטשאַ, „טאַשטשענדיק" אַ שווערן טשעמאָדאַן מיט ביכער.

איך האָב אים אין אַ קורצער צייט באַפרייט פון זיין „עול", און אים אָפּגעשיקט אַ צופרידענעם אַהיים, קיין ב. איירעס. דאָס איז געווען אין אָנהויב פון די פופציקער יאָרן. אַחוץ זיין טויבקייט איז נאָך פּאַלעפּאַדע געווען אַ קרעפטיקער ייד, אַ ציכטיקער און ביי אַלע זיינע חושים.

איך האָב געזען אַז מען זאָל אים אויפנעמען אין דעם לייען־קרייז פון די בעסאַראַבער יידן, און ער האָט נאָך ביי דער געלעגנהייט רעציטירט, מיט דערפאָלג, אַן אַלטע פּראָלעטאַרישע דעקלאַמאַציע.

אַ „שווערער פאַל" איז געווען נחמה לערער.

לערער איז געווען אַ ניט קיין מיאוסע מיידל, מיט אַ גוטן פּאַך אין דער האַנט. זי איז געווען אַ וועש־נייטערין.

האָט זי אָבער גענומען פּאַרקערן אין די יידישע ליטעראַרישע קרייזן פון ב. איירעס. דאַן האָט זי אַ טראַכט געטאָן, צו וואָס דאַרף זי זיצן אַן איינגעבויגענע ביי דער מאַשין, אפשר קען זי אויך ווערן אַ דיכטערין.

עס האָט זיך איר איינגעגעבן אָנצושרייבן אַ פּאָעמע אונטער דעם נאָמען „חנה פון גראַבאָוויעץ" (אויב איך האָב קיין טעות ניט). און דאָ האָט איר י. באָטאָשאַנסקי געטאָן אַ בערישע טובה, ער האָט אָנגעשריבן אַ הקדמה צו דער פּאָעמע. נ. לערער האָט די דאָזיקע פּאָעמע אָפּגעדרוקט מיט דער הקדמה, און זיך אַוועקגעלאָזט אין די מרחקים צו פּעדלען מיט איר ביכעלע, צו פּאַרשפּרייטן איר ליטעראַטור. זי איז אויך אָנגעקומען מיט דער דאָזיקער סחורה אירער קיין טשילע.

דאַן האָט זי נאָך געגעבן אירע ערשטע שריט אויף דעם „ליטעראַרישן געביט". אין עטלעכע יאָר אַרום האָט זיך איר ליטעראַרישער רכוש פּאַרמערט. זי האָט אַרויסגעגעבן נאָך אַ ביכעלע לידער, אין אַלבאָם־פּאָרמאַט, און איז געקומען אויף איר צווייטן באַזוך קיין טשילע.

נ. לערער איז דאָ פּאַרפאָרן אין דעם לוקסוס־האָטעל „קאַררערא". דאָס איז דער טייערסטער האָטעל אין לאַנד, וואָס אַפילו ניט יעדער שליח פון ישראל האָט זיך פּאַרגונען אַהין צו פּאַרפאָרן...

און דאָ אַ שטיקל דעגרעסיע: די שליחים פון ישראל פלעגן זיך זוכן צו איבערפּאָבירן אַנטקעגן דעם „פּראָסטן נאַראָד", אַנטקעגן דעם פּעבל,

זיינען זיי געקומען צו אונדז אין די גלות־לענדער ווי פאָרשטייער פון אַן אימפעריע וואָס קומען אַראָפּ אין זייערע אונטערטעניקע קאָלאָניעס. זיי האָבן ניט מיטגעבראַכט מיט זיך דעם אווירא דישראל, ניט אַפילו אַ שטיקל פון דעם ישראל של מעלה, נאָר די האַרטקייט, די טרוקנקייט, די פאַרריסנקייט און דעם סנאָביזם. זיי פלעגן אָפּבריען יעדער איינעם פון „עמך" וואָס האָט מהמת גרויס ליבשאַפט צו ישראל זיך דערנענטערט צו זיי כדי צו זען פון דער נאָענט אַן אמתן ישראל־יידן.

די שליחים וואָס זייגען געקומען קיין טשילע אויף אַ לענגערער צייט, ווי לערער, אָדער אינספּעקטאָרן פון די דאָרטיקע העברעישע שולן, האָבן זיך געהאַלטן פון דער ווייטן פון די טשילענער יידן. זיי האָבן זיי אַפילו געזשאַלעוועט דעם גוט־מאָרגן, ווער רעדט נאָך צו נעמען אָנטייל אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיי פלעגן זיך חברן מיט די סנאָבן, מיט די וואָס פלעגן ריידן אויף פרעמדע שפּראַכן, אויף אַזעלכע באַליבטע שפּראַכן פאַר דעם יידן ווי פויליש, אָדער דייטש. בכלל האָבן זיי זיך געהאַלטן גאַווהדיק און פאַרריסן קעגן דעם פאָלקס־מענטשן.

עס פאַרשטייט זיך אַז דאָס קען ניט געזאָגט ווערן וועגן אַלעמען, אָבער קיין גחת פון די ישראל־שליחים האָבן די גלות־לענדער קיין מאָל ניט געהאַט. מי לנו גדול ממשה שרת — האָט ער אויף אַ צוזאַמענקום פון דעם טשילענער יידנטום, אין איינעם פון די גרעסטע טעאַטערס, אויסגעדריקט זיין באַדויערן וואָס ער דאַרף ריידן צו זיי אין יידיש, וועלכע איז ניט זיין שפּראַך. ער האָט זיך געוווּנטשן צו ריידן ביי זיין צווייטן באַזוך אין דער לאַנד־שפּראַך, אין שפּאַניש.

מ. שרת איז דאַן געווען אַ שר בישראל און איר קענט זיך פאָרשטעלן וויפל צער ער האָט פאַרשאַפן דעם יידישן מענטשן מיט אַזעלכע דער־נידערנדיקע רייד.

די ישראל אַמבאַסאַדאָרן אין לאַטיין־אַמעריקע זיינען ביי זייער אָנקומען געווען געצווונגען, די ערשטע צייט, צו ריידן צו די יידן „בלע"ז" (אין יידיש). זיי האָבן דאָס תמיד געטאָן מיט התנצלות, און ווי באַלד זיי האָבן זיך אויסגעלערנט די לאַנד־שפּראַך, זיינען זיי אַריבער צו איר.

און דאָ וועל איך פאַרענדיקן מיט דער אָפּווייכונג און זיך אומקערן צום ענין.

ג.לערער האָט פאַררופן אַ פּרעסע־קאָנפערענץ אין האָטעל „קאררערא", און איין גאָט אין הימל ווייס וואָס זי האָט דאָרטן פאַר די זשורנאַליסטן געקענט זאָגן.

איין טאָג באַקום איך פון איר אַ טעלעפאָנישן רוף, איך זאָל איר באַזוכן אין האָטעל.

איך האָב גוט געקאָנט נ. לערער, וואָס פאַר אַ בודניצע זי איז געווען און וואָס פאַר אַ דיכטערין זי איז (זאָל מיר גאָט ניט שטראָפן פאַר די רייד) און איך האָב זיך אַרויסגעדרייט פון דעם דאָזיקן וויזיט.

איך האָב איר צוגעזאָגט אַז כדי צו העלפן איר זיך באַפרייען פון האָטעל „קאַרדעראַ״ בין איך גרייט צו פאַרשפּרייטן דרייסיק פון אירע ביכער, און איר געראָטן זי זאָל זיך ווענדן צו די פּרוּיען־אָרגאַניזאַציעס וועגן דאָס איבעריקע.

נ. לערער איז שוין דעמאָלסט געווען קראַנק, און מיט דער ענערגי־שער הילף פון דער דעמאָלסטדיקער „וויצאָ״־פּרעזידענטין אין טשילע, אַדעלאַ פלאַטאָו, איז זי קוים אַרויסגעקראָכן פון טשילע.

# מיין שרייבערישער וועג

אין 1934 האָב איך איבערגענומען די רעדאַקציע פון „די אידישע פּרעסע״. איך בין טאַקע ניט געווען קיין ציוניסט, אָבער קיין בעסערן קאַנדידאַט פון מיר האָבן זיי ניט געהאַט.

אַ שטיקל צייט איז דער רעדאַקטאָר פון די „אידישע פּרעסע״ געווען לייבוש דימאַנט. ער איז אָבער אַליין געווען אַ גוטער מבין אויף זיך און פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט פאַר אים. ער האָט אגב דאַן אָנגעשריבן אַ לייט־אַרטיקל אין דער צייטונג, אַז דער עולם האָט געלאַכט אין די הויפנס. דאָס איז דוכט מיר געווען אין 1931. דאַן האָט דאָס אַ גרופּע אָנהענגער פון האָבן אַן אמתן יידישן בית־עולם אָפּגעקויפט דאָס פעלד פון קאָנטשאַלי, און עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז דער ערשטער קבר איז דאָרטן אויפגעהאַקט געוואָרן פאַר אַ יונגער פרוי וואָס איז פונקט געווען די טאָכטער פון דעם גרינדער פון הייליקן אָרט.

ל. דימאַנט, וואָס איז געווען דער פאַרטיידיקער פון דער „סירקולאָ״־ליניע, אַז עס איז געגוג דער יידישער מאַוזאָלעום אין דעם אַלגעמיינעם צעמענטעריום, האָט זיך צעשריבן אין זיין אַרטיקל, אַז עס איז אַ רחמנות געבעך אויף אַזאַ יונגע פרוי, וואָס דאַרף ליגן איינע אַליין אויף אַזאַ

גרויסן פעלד.

אַ קורצע צייט נאָך דימאַנטן, איז געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון די „אידישע פרעסע״, ד״ר יואל.

ד״ר יואל האָט געהערט צו די דייטשישע יידן וואָס זיינען געקומען קיין מזרח־אייראָפּע צוזאַמען מיט דער דייטשישער אַרמיי וואָס האָט אָקופּירט די דאָזיקע געביטן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אַ סך פון דער יידיש־דייטשישער אינטעליגענץ וואָס האָבן זיך געפונען ווי מיליטער־לייט אין דער ליטע אָדער אין פּוילן, האָבן זיך „אַסימילירט״ צווישן די אָסט־יידן, האָבן אָנגעהויבן ריידן יידיש און זיינען שוין דאָרטן פאַרבליבן נאָך דער מלחמה, ווי לערער פון מיטלשולן און פון העכערע שולן.

ד״ר יואל איז געווען איינער פון זיי. ער איז געווען דער פאַרוואַלטער פון העברעישן גימנאַזיע אין מאַריאַמפּאָל. שפּעטער איז ער עולה געווען קיין ארץ ישראל, און קיין טשילע איז ער אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אין 1926, צו גרינדן אַ העברעישע שול.

ד״ר יואל איז אַ מלומד, סיי אין וועלטלעכע זאַכן, סיי אין די ספרי־קודש. ער קען אַ גאָר גוטן העברעיש און האָט אויך אויסגעלערנט אַ פּערפעקטן שפּאַניש.

ער קען אויך אַ גאַנץ גוטן יידיש, אָבער דאָס דייטשמערישע מוז זיך אַריינגנבענען ביי אים, ניט באַמערקנדיק דאָס אַפילו.

אגב אורחא האָט אַ רעדאַקטאָר פון אַ יידישער אויסגאַבע אין טשילע אויך געמוזט זיין דער קאָרעקטאָר.

די רעדאַקציע פון די „אידישע פּרעסע״ איז ניט געווען פאַר ד״ר יואל, און ער האָט זי פאַרלאָזן.

איך האָב זי איבערגענומען מיט דעם באַדינג, אַז איך זאָל דאָרטן האָבן אַ פרייע, אומבאַגרעניצטע טריבונע. איך בין געווען סיי דער רעדאַקטאָר, סיי דער קאָרעקטאָר פון דער צייטונג, דע האַנאַרוס. מיט דעם האָב איך צוגעהאָלפן, אַז זי זאָל קענען עקסיסטירן.

איך האָב פריער אויך מיטגעאַרבעט אין איר, אָבער נאָכן איבערנעמען די רעדאַקציע האָב איך געזען אַריינצובלאָזן אין איר אַ יידיש־יידישלעכן פונק, און זי האָט באַקומען אַ יידישן פּנים און אַ יידישן טעם.

איך האָב געאַרבעט מיט דער פּען און ניט מיט דער שער און די צייט נג האָט זיך אָפּגעגעבן מיט לאָקאַלע יידישע ענינים.

עס האָט געהערשט שלום ושלווה צווישן מיר און דער געזעלשאַפט־

לעכקייט, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס איך האָב זיך אָפּט דערלויבט צו קריטיקירן פאַרשיידענע מעשים און האַנדלונגען פון געוויסע אינסטי־טוציעס.

מען האָט מיר געגלויבט און מען האָט געוווּסט אַז מיינע טענות קומען פון אַ ריינעם מקור.

בכלל איז מיין שרייבערישער וועג ניט געווען, ווי מען זאָגט עס, באַזייט מיט רויזן.

איך האָב זיך געפונען ווייט פון דער גאַנצער וועלט, אויפן סאַמע לעצטן ווינקל פון דעם ערד־קיילעך, און נאָענט צו שנאה און האָס, צו ניט קיין פאַרגינערישקייט.

דער איינציקער יידישער שרייבער און פראָזאַיקער וואָס איך האָב געקאָנט אין טשילע, איז געווען נח וויטאַל. ער איז געווען עלטער פון מיר מיט אַ יאָר 13, און אַחוץ דעם איז ער געווען אַ שרייבער מיט עקס־פעריענץ און רוטין. אָבער אַנשטאָט צו זיין מיר אַ פריינד און אַ מורה־דרך, האָט ער זיך צו מיר, אַלס שרייבער, געהאַלטן ווייט און פאַרריסן.

איך האָב שוין ביי אַן אַנדער געלעגנהייט דערציילט וועגן דער אייפערזיכטיקייט פון אים צו פראָזאַיקער בכלל.

אַז איך האָב שפּעטער באַקומען אָנערקענונג פון אויסלאַנד — וועגן מיין ערשטן ביכל „פון טשילע", האָט זיך וואָרעם אָפּגערופן ד"ר מוקדוני און אַן אומבאַקאַנטער קריטיקער אין אַ קאָוונער צייטונג, ווו עס איז אויך איבערגעדרוקט געוואָרן אַ דערציילונג פון דעם זעלבן ביכל — האָט ער דאָס מבטל געווען.

וועגן מיין צווייטן בוך האָט צווישן אַנדערע געזאָגט עטלעכע גוטע ווערטער, פּראָפ. א. ראָבאַק, האָט אים וויטאַל געמאַכט פאַר אַ משוגענעם אין מיין אַנווענזנהייט — אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין קריטיק.

שפּעטער האָט אַקרוטני אָנגעשריבן אַן אָפּהאַנדלונג אין די „אידישע צייטונג" פון ב. איירעס וועגן דער געאָגראַפיע פון דער אַמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור, ווו ער האָט זיך ברייטער אָפּגעשטעלט וועגן מיין אַרט שרייבן, און וועגן וויטאַלן האָט ער נאָר געזאָגט „און אויך דער דערציילער נח וויטאַל", האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן בנוגע דעם אַרטיקל: „ווער איז ער דאָס אָט דער דאָזיקער אַקרוטני!"

וועגן מיין בוך „טריט אויף דער ערד", וואָס איז אַרויס אין 1959, האָבן געשריבן איבער אַ צענדליק שרייבער פון דער יידישער וועלט, פון צפון־ און דרום־אַמעריקע, פון אויסטראַליע און פון ישראל, צווישן זיי

דער באַוווּסטער קריטיקער י. גלאַטשטיין, האָט וויטאַל געברענט פון אייפער און געזוכט זיך צו קריגן מיט מיר. ער האָט געקענט זיצן לעבן מיר, אויף אַ מסיבה וואָס מען האָט לכבוד דער דערשיינונג פון מיין בוך איינגעאָרדנט און מיר אַ זאָג טאָן:

— וואָס מיינט איר? נאָר איר אַליין האָט דאָס מאַטעריאַל פאַר אַ בוך. איך קען אויך אַרויסגעבן אַ בוך.

— ווער לאָזט אייך ניט, וויטאַל? — איז געווען מיין רויִקער ענטפער.

מיין בוך „טריט אויף דער ערד" איז שוין געווען דאָס צווייטע וואָס דער טשילענער יידישער ישוב האָט מיר צוגעטראָגן, ווי אַ מתנה, און אים, וויטאַלן, האָט מען אַפילו קיין איין בוך ניט אַרויסגעגעבן.

ווען „טריט אויף דער ערד" האָט געדאַרפט דערשיינען האָט ער פּונקט רעדאַקטירט די איינציקע טשילענער יידישע אויסגאַבע, „דאָס יידישע וואָרט", און אַז ער פלעגט באַקומען אַ נאָטיץ פון דעם יובל־קאָמיטעט (דאָס דאָזיקע בוך איז אַרויס לכבוד מיין זעכציק־יעריקן געבוירן־טאָג), האָט ער עס בשום אופן ניט געגעבן ווי סתם אַ צייטונגס־ידיעה, נאָר בתנאי דאָס זאָל גיין אונטער אַ קעפּל וואָס זאָל זאָגן „פון יעקב פילאָווסקי־יובל־קאָמיטעט", כדי די ידיעה זאָל פאַרלירן פון איר חשיבות.

וויטאַל האָט געהערט צו די מענטשן וואָס אָדער זיי האָבן געריטן אויף יענעם, אָדער אַן אַנדערער האָט געריטן אויף זיי. איז ער געשטאַנען אויף אַ העכערער פּאָזיציע, האָט ער געריטן אויף אייך, טאָמער איז ער געווען אויף צרות, איז ער געווען נידעריקער פון גראָז.

מיט אים האָב איך זיך אייביק געדזשובעט, אָבער עס איז אויך געווען אַ געוויסע קרובהשאַפט צווישן אונדז.

אַז ער פלעגט אַ מאָל קראַנק ווערן, אָדער זיך דאַרפן אָפּערירן, בין איך געווען דער איינציקער אָפּעקון איבער אים און זיין פרוי לאָדזשע. צו מיר פלעגט זיין פרוי דאַן ברענגען אַלע אירע וויכטיקע דאָקומענטן און ווערט־זאַכן.

לאָדזשע איז געווען אַ פאַרשטעגדלעכע פרוי און באַשאַנקען פון דער נאַטור מיט סבלנות.

איר האָט זייער פאַרדראָסן וועגן די רייבונגען וואָס קומען פאָר צווישן מיר און וויטאַלן.

דאַן, ווען עס איז אַרויס „טריט אויף דער ערד", איז ער שוין אַלט געווען אַ יאָר 73, און איך האָב איר איין מאָל געזאָגט: אין דעם עלטער

לוינט זיך שוין ניט אַרומצורייסן — עס בלייבט ווייניק צייט זיך איבער־צובעטן. זי האָט אַ קלוגן שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— דאָס זעלבע האָב איך געזאָגט וויטאַלן (זי פּלעגט אים רופן וויטאַל).

איך האָב מיין ליטעראַרישן וועג אויסגעטראָטן מיט מיינע אייגע־נע טריט.

אַחוץ דעם האָב איך געהאַט צרות פון מיינע לייענער.

איך האָב אַ מאָל זיך באַקאַנט, אין וואַלפּאַראַיסאָ, מיט אַ יידן וואָס האָט געהייסן סאַנטיאַגאָ.

דער דאָזיקער סאַנטיאַגאָ האָט געהאַט אַ קריסטלעכע פרוי מיט אַ סך קינדערלעך. אָבער אין אים האָט געברענט אַ יידישער פייער. ער פלעגט זוכן מצוות. ער האָט געהאָלפן, מיט וואָס נאָר ער האָט געקאָנט, דעם איינציק גייסטיק־קראַנקן יידן פון וואַלפּאַראַיסאָ. ער פלעגט מיט אים אָפּזיצן גאַנצע שעהן, אין דער „פּלאַסע" (סקווער), כדי אים אַרויסצונעמען פון זיין שווערער שטימונג. און אויב עס האָט זיך חס־ושלום געמאַכט אַן אומגליק און אַ ייד איז נפטר געוואָרן אין וואַלפּאַראַיסאָ, איז סאַנט־יאַגאָ געווען דער וואָס האָט אים אָפּגעטאָן זיין רעכט.

איך האָב זיך אומגעקערט פון וואַלפּאַראַיסאָ און זיך געזעצט שרייבן אַ רעפּאָרטאַזש פאַר דער צייטונג. פון רעפּאָרטאַזש איז אָבער ביי מיר אַרויסגעקומען אַ דערציילונג.

וואָס האָב איך אָבער געטאָן? — אַנשטאָט צו געבן מיין העלד אַן אויסגעטראַכטן נאָמען, האָב איך אים געלאָזן ביי זיין אמתן נאָמען — סאַנטיאַגאָ.

דער סוף פון דער מעשה איז געווען, אַז נאָכן דערשיינען פון דער דערציילונג, אונטערן נאָמען „סאַנטיאַגאָ", איז דער ייד ניט געווען פויל און איז אַראָפּגעקומען פון וואַלפּאַראַיסאָ, כדי מיר צו שלאָגן. ער האָט מיר ניט געפונען אין געשעפט און האָט איבערגעגעבן די כוונה פון זיין באַזוך מיין פרוי.

אַריינכאַפּן קלעפּ פון אים וואָלט איך אַפילו מיין אַ שונא ניט גע־וווּנטשן. ער איז געווען אַ ייד אַ גבר, וואָס האָט געבויגן שווערע אייזנס ווי איינער בויגט דראָט.

אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט ער זיך ווידער אומגעקערט צו מיר אין געשעפט. ער האָט דאַן געזאָגט מיין פרוי, אַז דאָס מאָל איז ער שוין ניט געקומען מיר שלאָגן, נאָר אויסדריקן מיר אָנערקענונג, ווייל

ער האָט זיך פאַר דער צייט געטראָפן מיט עטלעכע זיינע גוטע ברידער, וואָס האָבן אים אויפגעקלערט אַז איך האָב געשריבן וועגן אים נאָר גוטס.

איך האָב אויך געהאַט צרות פון מיינע דרייסטע אַרויסטרעטונגען קעגן געזעלשאַפטלעכע עוולות.

איך פלעג אָפט שרייבן קעגן דעם סנאָביזם און קעגן דעם אינ־פעריאָריטעטס־קאָמפּלעקס ביים יידן.

אין איינעם אַן אַרטיקל האָב איך דערציילט ווי די יידן ווייכן פון אַ יידישן נאָמען. אַז עס ווערט ביי אַ יידן געבוירן אַ קינד, האַלט ער זיך טאַקע ביי דער יידישער טראַדיציע אָנצורופן עס ביי דעם נאָמען פון אַ טאַטן, אַ מאַמען, אַ זיידן, אָדער באָבען, אָבער ער צעדרייט אַזוי דעם יידישן נאָמען, ער פאַרגויישט אים אַזוי, אַז דער אויף וועמענס נאָמען דאָס קינד הייסט, וואָלט מוחל געווען דעם כבוד ווען ער שטייט אויף פון קבר און זעט וואָס עס איז פון זיין יידישן נאָמען געוואָרן.

איך האָב זיי געגעבן ביישפּילן. איך האָב זיי דערציילט ווי אַ ייד איז געקומען צו מיר מיט אַ שאלת־חכם וואָס זאָל ער טאָן, ביי אים איז געבוירן געוואָרן אַ זון, וויל ער אים אַ נאָמען געבן נאָך זיין טאַטן. זיין טאַטע האָט אָבער געהייסן זלמן, טאָ ווי וועט ער הייסן אויף שפּאַניש? — סאַלאָמאָן? — איז דאָך סאַלאָמאָן שלמה, און זיין טאַטע האָט געהייסן זלמן?

— ווייסט איר וואָס — האָב איך זיך אָפּגערופן צו אים — פאַר וואָס זאָלט איר אייער קינד טאַקע ניט אַ נאָמען געבן, ווי אייער טאַטע האָט געהייסן — זאַלמאַן, אָדער סאַלמאַן. עס זיינען אין טשילע דאָ אַ סך גויישע נעמען „סאַלמאַן" און ניט סאַלאָמאָן.

— זעט איר. דאָס איז מיר אַפילו ניט איינגעפאַלן — איז דער ייד אַוועק אַ צופרידענער.

אַבי גויים הייסן סאַלמאַן, איז שוין סאַלמאַן כשר פאַר אַ יידן...

איך האָב אויך געגעבן ביישפּילן פון דער הפטרה, אַז יידן וואָס זייער טאַטע האָט געהייסן ישעיה קלמן, גיבן אַ נאָמען זייער קינד אָסוואַלדאָ, האָט זייער טאַטע געהייסן הערש־בער, רופן זיי אָן זייער קינד גרעגאָריאָ, און אַז פון שעפסל ווערט סאַלוואַדאָר, פון משה — מאָוריסיאָ און פון אברהם — אַדאָלפאָ וכדומה, אין דער צייט וואָס די גויים רופן זיך אָן אברהם, יואל, דוד א. א. וו.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך געהאַט צרות פון די לייענער: הלמאי האָב איך זיי אַרויסגעשטעלט אויף חוזק.

איך האָב זיך קוים פון זיי אַרויסגעדרייט, דערקלערנדיק אַז איך האָב קיין מאָל ניט געוווּסט ווי זייערע טאַטעס האָבן געהייסן, און אַז די אַלע נעמען וואָס איך האָב אָנגעגעבן איז דאָס נאָר געווען בדרך משל.

פאַר אַ טעאַטער־רעצענזיע, האָט מיר דער מאַן פון דער רעצענזיר־טער שיעור ניט אַרויסגערופן אויף אַ דועל.

איך האָב אין אַ רעצענזיע וועגן דער פרוי ס., וואָס איז געווען אַ טאָכטער פון אַ פּראָפעסיאָנעלער יידישער אַקטריסע און האָט אגב אַליין גאַנץ פיין געשפּילט, זיך דערלויבט צו שרייבן אַז לויטן געבוי פון איר קערפּער זיינען פאַר איר ניט פּאַסיק צו שפּילן די ראָלן פון 17־18 יעריקע מיידלעך.

נו, האָט זיך געטאָן חושך. עס האָבן געדויערט חדשים ביז דער אייפערדיקער מאַן האָט זיך באַרויִקט. פאַר אים איז זיין פרוי געווען דער אידעאַל פון שיינקייט.

ביסלעכווייז האָט זיך דער עולם צוגעוווינט צו מיר. ער האָט געזען אַז איך מיין דאָס ערנסט — אַז אין דעם וואָס איך זאָג גלויב איך אַליין — און ער האָט פאַרנומען מיינע רייד, סיי בעל־פה, סיי בכתב.

אָט וואָס ש. וואַלדמאַן שרייבט מיר שפּעטער, אין אַן אָפענעם בריוו, פאַרעפנטלעכט אין „דאָס יידישע וואָרט":

„אין דיר, דעם איינפאַכן, — אָבער קולטור מענטש — האָב איך אַלע מאָל געזען אינערלעכע גאַנצקייט. איך גלויב, אַז ווען דו וואָלסט געווען אַ רעליגיעזער מענטש, וואָלסטו געווען דער זעלבער יאַנקל. איבעריקנס ביסטו שטענדיק געווען אַ גלויביקער אין דיינע אידעען".

אָבער די האַרמאָניע צווישן מיר — דעם רעדאַקטאָר פון דער איינציקער יידישער אויסגאַבע אין טשילע און דער געזעלשאַפטלעכקייט — האָט זיך פּלוצלינג איבערגעריסן. און שולדיק אין דעם איז געווען די מעשה ביראָבידזשאַן.

איך האָב שוין פריער דערציילט אַז אין 1932 האָט זיך אין טשילע געגרינדעט אַ „פּראָקאָר". דאָס איז געווען אַ קאָמיטעט צו שטיצן די יידישע קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד. דער „פּראָקאָר" איז גלייך נאָך זיין גרינדונג איינגעשלאָפן געוואָרן.

אין 1935 איז אין טשילע געגרינדעט געוואָרן אַ ביראָבידזשאַן־געזעל־שאַפט אין פאַרבינדונג מיט גינא מעדעמס באַזוך אין אַרגענטינע.

פון אַרגענטינע זיינען דעמאָלסט גרופּעס אַרבעטער־מענטשן אַוועק־

געפאָרן קיין ביראָבידזשאַן — צווישן זיי דער יידישער שרייבער מ. גאָלדשטיין.

צו דער ביראָבידזשאַן־געזעלשאַפט זיינען אין טשילע צוגעשטאַנען אַ סך יידן. עס זיינען אויך געווען אָנגעזעענע ציוניסטן אין סאַנטיאַגאָ, וואָס האָבן זי שטילערהייט געשטיצט.

עס האָבן זיך באַוויזן אָנגרייפעריישע אַרטיקלען קעגן דער באַוועגונג פון ביראָבידזשאַן, סיי אין דער שפּאַניש־יידישער אויסגאַבע, סיי אין „די אידישע פּרעסע".

די אַרטיקלען פון „מונדאָ כודיאָ" זיינען אַפילו געווען פּראָוואָקאַטיוו. דער „מונדאָ כודיאָ" האָט , אין דער לאַנדס־שפּראַך, געשריבן אַז די ביראָבידזשאַנצעס זיינען אַגענטן פון די סאָוויעטן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז איך, אַ מיטגליד אין דער ביראָבידזשאַן־געזעלשאַפט, האָב גענומען אָפּשלאָגן די אַטאַקעס, און ווען גינא מעדעם האָט געדאַרפט אָנקומען אָנהייב 1936 קיין טשילע, האָב איך איר אַפילו פאָרגעשטעלט אויף די שפּאַלטן פון „די אידישע פּרעסע".

די ציוניסטישע פעדעראַציע האָט ביי אַזאַ לאַגע מער ניט געקענט פאַרבלייבן גלייכגילטיק און האָט באַשלאָסן אַראָפּצוברענגען אַ רעדאַקטאָר פון אַרגענטינע, דעם דיכטער יצחק בלומשטיין, וואָס האָט דעמאָלסט געוווינט אין מענדאָסא.

איך האָב אויסגעפונען אַז די ציוניסטישע פעדעראַציע, ווי דער ציוניסטיש־געשטימטער ישוב בכלל, זיינען גערעכט אין זייער האַנדלונג, און האָב רויק אָפּגעוואַרט דאָס אָנקומען פון דעם נייעם רעדאַקטאָר. נאָך מערער — איך האָב בלומשטיינען אויפגענומען מיט חברישער וואַרעמקייט. איך האָב אים געלאַדן צו זיך אַהיים און אים אויך געהאָלפן אַריינגיין אין דער אַרבעט.

אָבער ווען גינא מעדעם איז אָנגעקומען קיין טשילע, האָט זיך י. בלומשטיין ניט געקענט איינהאַלטן ניט אָנצופאַלן אויף איר און אויך פאַרזענלעך אויף מיר.

מיך האָט ניט אַזוי פאַרדראָסן זיין אָנפאַל אויף ביראָבידזשאַן און אויף מיר — ווי דאָס וואָס איך האָב געזען אין דעם אַ גרייטקייט צו דינען זיינע נייע באַלעבאַטים.

דאָס דערשייבען פון דער יידישער וועכנטלעכער אויסגאַבע — וואָס האָט שוין געהייסן, ווי מיר דוכט, „דאָס וואָרט" — אונטער בלומשטיינס רעדאַקציע, האָט אינגאַנצן געדויערט אַ 6 חדשים. אַבי די יידישע געזעל־

שאַפט איז פטור געוואָרן פון מיר, דעם בונטאַר, זיינען זיי געווען צופרידן. זאָל זיין אָן אַ יידישע אויסגאַבע. ווער דאַרף זי האָבן?!

די פּאַראייניקטע־פּראָגרעסיוו־געזעלשאַפט האָט אויסגענוצט די גע־לעגנהייט וואָס די ציוניסטישע אויסגאַבע האָט זיך אָפּגעשטעלט, און האָט אַרויסגעלאָזן אַ וואָכנבלאַט אונטערן נאָמען „אונדזער לעבן״.

דאָס דערשיינען פון „אונדזער לעבן״ האָט אַרויסגערופן די רעאַקציע ביי די ציוניסטן און זיי האָבן צוריק באַנייט זייער יידישע אויסגאַבע, ווידער מיט בלומשטיינען אַלס רעדאַקטאָר.

בלומשטיין האָט נאָך געפּרוווט מיך צו אַטאַקירן איין מאָל אין „דאָס וואָרט״, אויף וואָס איך האָב ניט געענטפערט. דעם ענטפער האָט ער באַקומען פון אָ. האַלפּערן, וואָס האָט זיך מיט גאָרניט געהאַט צו פאַר־שעמען אַנטקעגן בלומשטיינס אָנפאַל.

אַ סך צייט האָב איך מער ניט געהאַט קיין צוזאַמענשטויסן מיט י. בלומשטיינען. מיר האָבן זיך שטילערהייט, אין זיך, קעגנזייטיק רעס־פּעקטירט. איך האָב אים געשעצט, ווי אַ פיינעם קולטור־מענטש, מיט אַ קינסטלערישער נשמה. אַחוץ דעם איז ער געווען אַן איינגעבוירענער עניוו. ער האָט זיך ניט געשטופּט מיט זיין קענטעניש בכלל און ניט מיט זיין יידישן וויסן.

אָבער זיין טיפער דענקען איז געקומען צום אויסדרוק אין זיינע דורכגעטראַכטע לידער און אין זיינע וואָגיקע אַרטיקלען.

איך האָב מיט אים אַ סך יאָרן מיטגעאַרבעט סיי ווי רעדאַקציע־קאָלעגן, סיי אונטער זיין רעדאַקציע, ווי אויך פאַרקערט, און עס איז גאָרניט פאָרגעקומען צווישן אונדז. איין מאָל נאָר האָט ער מיר געשטעלט אַ פראַגע וועגן מיינעם אַן אויסדרוק. איך האָב אין אַ דערציילונג גע־שילדערט אַ פרוי, וואָס אירע ליפּן זיינען געווען פאַרנדרט און ער האָט ניט צעקייט דאָס וואָרט „פאַרנדרט״. ווען איך בין דאַן אַריינגעקומען אין רעדאַקציע, האָט מיך בלומשטיין געפרעגט, וואָס מיין איך מיט דעם דאָזיקן וואָרט.

— גאָר פשוט — פאַרנדרט, מיינט, אַז אירע ליפּן זיינען ווי פאַר־שטומט, ווי זי וואָלט זיך געגעבן אַ נדר מער ניט צו ריידן.

זיין פּנים האָט אַ לויכט געטאָן און ער האָט געזאָגט:

— אַ גאַנץ פיינער איינפאַל, און איך האָב זיך גאָרנישט געכאַפּט.

(שפּעטער האָב איך געפונען דעם זעלבן אויסדרוק ביי דעם שרייבער אבא גאָרדאָן ע״ה).

אָבער איין מאָל האָב איך געהאַט מיט בלומשטיינען אַן אמתן צוזאַמענשטויס. דאָס איז געווען אין סוף פון די פערציקער יאָרן, אָדער אָנהויב פון די פופציקער. אויף אַן אָפּשייד אָוונט פאַר פאליק לערנער, וואָס האָט עטלעכע יאָר רעדאַגירט „דאָס יידישע וואָרט" אין טשילע און האָט זיך אומגעקערט קיין אַרגענטינע, פון וואַנען ער איז אָנגעקומען קיין טשילע, האָט זיך אַנטוויקלט אַ דיסקוסיע וועגן דער ראָל פון דעם שרייבער אין דער געזעלשאַפט.

איך האָב פאַרטראָטן די מיינונג אַז אַ שרייבער איז געגליכן צו יעדער אַנדער מענטשן אויף דער וועלט, וואָס נאָך זיין אַרבעט דאַרף ער זיך ווידמען דער געזעלשאַפט, אויב ער האָט ליב זיין פאָלק. איך האָב זיך אפשר צו אַגרעסיוו אויסגעדריקט. איך האָב געמאַכט אַ פאַרגלייך, אַז פונקט ווי אַ גביר וואָס ליגט אויף זיינע אוצרות, וואָס ער האַלט זיי באַגראָבן און לאָזט קיינעם ניט צו צו געניסן פון זיי, איז אַן עגאָיסט, אַזוי איז אויך אַ גביר פון גייסטיקע אוצרות, וואָס האַלט זיי נאָר פאַר זיך, געגליכן צו אַ גייסטיקן פאַראַזיט, וואָס נעמט ביים אַרום און קערט אים גאָרניט אום צוריק.

גאָט איז מיין עדות אַז איך האָב דערביי בלומשטיינען אַפילו ניט געהאַט אין זינען — נאָר פלוצים האָט ער מיר איבערגעריסן מיט זידלערייען.

איך בין אויך ניט פון די שטילינקע, נאָר אויף ווערטער וואָס האָבן ניט קיין טעם און קיין ריח, אויף ווערטער וואָס קלעפּן זיך ניט און וואָס האָבן נישט קיין שייכות מיט מיר, ענטפער איך ניט. און איך האָב אויך דאָס מאָל בלומשטיינען פאַרשוויגן, פונקט ווי איך האָב דאָס געטאָן אויף די אָנפאַלן אין צייטונג, בעת גינא מעדעמס אָנקומען קיין טשילע.

עס האָט ניט געדויערט קיין צוויי טעג, ווי איך האָב פון אים באַקומען אַ הברישן בריוו, ווו ער פאַרענטפערט זיך פאַר זיין אָנפאַלן אויף מיר און ער בעט מיר אַז די קערנדיקע פריינדשאַפט צווישן אונדז זאָל איבערבלייבן, און אַז אַל דאָס איבעריקע זאָל פאַרשוויגן מיטן ווינט, ווי די מעקעגע צווישן די קערנער.

פון דאַן אָן, עד יום מותו, זיינען מיר פאַרבליבן גוטע פריינד.

בלומשטיין פלעגט מיר דערמאָנען די ניט פאַרענדיקטע דראַמע פון אַנסקין, „צווישן טאָג און נאַכט", ווו זיין העלד איז צעשפּאָלטן אויף צוויי נשמות — בייטאָג איז ער אַ צדיק און ביי נאַכט אַ רוצח — מיט דעם חילוק וואָס בלומשטיין איז געווען אַ צדיק כל ימיו, נאָר זעלטן ווען —

**בעת דער כח־הדם פלעגט זיך אין אים צעשפּילן — פלעגט ער זיך** פאַרלירן און איז געווען גרייט יענעם דורס צו זיין.

בלומשטיין האָט מיטגעבראַכט מיט זיך קיין טשילע, אַ לידער־בוך פון אַרגענטינע, „ביי די אַנדן". ער איז פון אַרגענטינע געקומען ווי אַ דאַרטיקער אָנערקענטער דיכטער. יעדער פרייטיק פלעגט ער זיך באַווייזן מיט אַ ליד אויף די שפּאַלטן פון דער בוענאָס־איירעסער „אידישע צייטונג".

אין טשילע האָט ער זיך געקליבן אַרויסצוגעבן נאָך אַ בוך. עס איז אַפילו געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט פאַר דעם. נאָר דער קאָמיטעט איז ווייט ניט אַוועק. זיין צווייט בוך איז ניט דערשינען.

מיטן בייטן איין זייט „ביי די אַנדן" — מענדאָסאַ — אויף דעם אַנדערן — סאַנטיאַגאָ — האָט זיך דער פּייזאַזש פאַר בלומשטיינען ניט געביטן. אויך די יידן פון סאַנטיאַגאָ זיינען געווען די זעלבע וואָס אין אַרגענטינע.

ער איז געווען זייער אַ רויִקער מענטש און אַ געוואַלדיק אַרבעטס־זאַמער. ער איז אין טשילע געווען אַ סך יאָרן לערער, זשורנאַליסט און **אויך עוסק געווען אין דעם יידישן מסחר** — „סעמאנאל". ער איז געווען אַ פאַרמעגלעכער ייד און אַ באַלעבאָס פון אַ פּאָר הייזער.

זיינע צוויי טעכטער וואָס ער האָט פאַרמאָגט, האָבן געהערט צו דער חלוצישער באַוועגונג, און נאָכן אַנטשטיין פון מדינת־ישראל איז בלומשטיין מיט זיין משפּחה עולה געווען קיין ישראל.

עס האָט ניט געדויערט קיין סך, ווי ער האָט זיך צוריק אומגעקערט קיין טשילע, אַליין. עס האָט געזאָלט הייסן אַז ער איז געקומען צו פאַר־קויפן אַ הויז. אָבער די טראַנסאַקציע האָט געדויערט יאָרן.

בלומשטיינס קינסטלערישער אינסטרומענט איז געווען יידיש, כאָטש ער האָט געקענט אַ גרינטלעכן העברעיִש, אַ מאָדערנעם און אַ לומדישן.

ווי עס ווייזט אויס זיינען בלומשטיינס אָרעמס געווען צו קורץ, ער זאָל זיך צו יענער צייט עפענען אַ וועג, אַלס יידישער שרייבער.

ער האָט זיך געוואָלט אומקערן צו דעם וואַרעמען גלות...

אין ישראל איז ער געווען אַ לערער אין בני־ברק, און האָט געדאַרפט פאָרן יעדן טאָג, פון תל־אביב און צוריק, מיט אַ וועליסאָפּעד. אין דער שול פלעגן אים זיינע תלמידים רופן גאָר פשוט: יצחק. און אין טשילע איז ער געווען דירעקטאָר פון אַ שול און רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג.

איך בין צו יענער צייט געווען דער וויצע־פּרעזידענט פון וועד־החינוך

און אַ יאָר צייט אויף אײנספּעקטאָר פון זייגע שולן, און איך האָב תמיד פּאַרטיידיקט בלומשטיינען קעגן די וואָס האָבן אים פאַרשריען פאַר אַ יורד, און אַז דערפאַר קען ער ניט זיין קיין לערער פאַר העברעיִשע למודים פון אַ העברעיִשער שול.

איך האָב באַוואונדערט זיין כוח, ווי נעמט ער אַזוי פיל ווילן און מוט צו לעבן עטלעכע יאָר אַליין, זיך אויפהאַלטן אין די פּענסיאָנען, און אַזוי פיל אַרבעטן, טאָג און נאַכט, סיי אַלס לערער פון וועד־החינוך, סיי אַלס רעדאַקטאָר פון „דאָס יידישע וואָרט" און סיי ווי אַ פּריוואַטער לערער.

בלומשטיין איז ניט געווען פון די מענטשן וואָס קענען זיך דער־קלערן יענעם אין ליבע, אָבער איך האָב געשפּירט זיין אויפריכטיקע פריינדשאַפט צו מיר. ער האָט ניט געקענט פאַרגעסן מיין גאַסטפריינד־שאַפט צו אים, דעם פרעמדן, וואָס איז געקומען מיט „יורד לחיים" זיין און צונעמען ביי מיר די רעדאַקציע־קרוין. ער האָט געוווסט פון דעם, אַז איך האָב אים פאַרטיידיקט ביים טיש פון וועד־החינוך. ער האָט אויך ניט געקענט פאַרגעסן נאָך מיין אַ האַנדלונג אין שייכות מיט אים.

דאָס איז געווען ווען דער רעדאַקטאָר פון „דאָס יידישע וואָרט", פּנחס ביזבערג, איז פּלוצלינג געפאַלן פון אַ פּאַראַליז. איך בין דאַן געווען דער מיטרעדאַקטאָר (וועגן יענער תקופה וועל איך נאָך שפּעטער דער־ציילן). ביזבערג האָט זיך געראַנגלט עטלעכע טעג פאַר ויין לעבן, און לסוף אַרויס אַ ניט־פעיקער צו ווייטערדיקער טעטיקייט. די געזעלשאַפט־לעכע אונטערנעמונג פון „דאָס יידישע וואָרט" האָט צוליב זיין קראַנקייט געהאַט אומגעהויערע גרויסע הוצאות. אַחוץ דעם געהאַלט וואָס ביזבערג האָט באַקומען, האָט מען דאַך אים געוואָלט ראַטעווען און אים געגומען אין די בעסטע סאַנאַטאָריומס און צו די גרעסטע פּראָפעסאָרן.

עס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַן אויסגעברייטערטע זיצונג פון דעם געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט וואָס האָט אַרויסגעגעבן „דאָס יידישע וואָרט", צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון די יידישע הויפּט־אינסטיטוציעס פון טשילע.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די געזעלשאַפט איז ניט ביכולת אויס־צוצאָלן ביזבערגן זיין געהאַלט, צאָלן באַזונדערע הוצאות וואָס זיין קראַנ־קייט פאַרשאַפט און נאָך דערצו האַלטן אַן אַנדערן רעדאַקטאָר, און זי האָט אָנגענומען אַ באַשלוס צו אָפּשטעלן, צייטווייליק, דאָס דערשיינען פון „דאָס יידישע וואָרט". דאַן האָב איך „פאַרראַטן" די פּראָפעסיאָנעלע

שרייבער וואָס זיינען געווען אין טשילע. איך האָב זיך אויפגעשטעלט און געמאָלדן, אַז איך נעם איבער די רעדאַקציע פון „דאָס יידישע וואָרט״, אומבאַצאָלט, ביז עס וועט זיך ניט ענדערן דער מצב פון דער צייטונג.

אין עטלעכע חדשים אַרום האָט זיך ביזבערג געשפּירט צו קענען מאַכן זיין עליה קיין ישראל, צוזאַמען מיט זיין פרוי ביילטשע און זיין טאָכטער תמרה.

דער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט איז דעמאָלסט שוין געווען בכוח ווידער צו צאָלן דעם רעדאַקטאָר פון „דאָס יידישע וואָרט״ זיין געהאַלט. דאַן בין איך צוגעגאַנגען אין איינעם אַ פאַרנאַכט צו בלומשטיינען און אים פאָרגעלייגט ער זאָל איבערנעמען ביי מיר די רעדאַקציע פון דער צייטונג.

ער האָט זיך ניט געגלויבט צו דעם וואָס זיינע אויערן האָבן געהערט.

— איר מיינט דאָס ערנסט? — האָט ער מיך געפרעגט.

ער האָט געמיינט אַז איך טרייב דאָ מיט אים אַ ביטערן שפּאַס, ווייל פריער האָט זיך קיינער, אַחוץ מיר, ניט אָנגענומען צו רעדאַגירן די צייטונג אומזיסט ווען זי איז געווען אין אַן עת־צרה.

— ה׳ בלומשטיין, איך שפּאַס ניט. פאַר מיר זיינען גענוג מיינע געשעפטן.

דאָס איז געווען אין 1956.

סוף פון די פופציקער יאָרן, איז בלומשטיין געצוווּנגען געווען זיך אומצוקערן קיין ישראל, ווייל זיין פאַמיליע האָט בשום אופן ניט געוואָלט הערן פון זיך צוריקבאזעצן אין טשילע.

אין 1960 האָב איך באַזוכט ישראל. בלומשטיין האָט מיר האַרציק אויפגענומען אין זיין היים און האָט מיך צוגעטראָגן אַ סורפּריז, צוויי קליינע ביכעלעך. איין ביכעלע האָט געהייסן „סופרים יהודים מאמריקה הלטינית מספּרים״ („יידישע שרייבער פון לאַטיין־אַמעריקע דערציילן״) — אַרויסגעגעבן פון דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס פון ישראל, געווידמעט די פייערונגען פון דעם „טאָג פון דרום־אַמעריקאַנער יידנטום״ אין ישראל, וווּ עס זיינען געווען פאַרטראָטן מיט פּראָזע דער אַרגענטינער שפּאַניש־יידישער שרייבער אַלבערטאָ גערשונאָוו; דער עלטסטער יידישער שרייבער פון אַרגענטינע, מרדכי אַלפּערסאָן, און פון טשילע, מיט פּראָזע, איך, און מיט פּאָעזיע, יצחק בלומשטיין און משה דוד גיסער.

דאָס צווייטע ביכעלע, מיטן זעלבן נאָמען וואָס דאָס ערשטע, איז געווען אַרויסגעגעבן פון משרד החינוך והתרבות, המרכזיה הפדגוגית (פון

מיניסטעריום פאַר דערציִונג און קולטור, פעדאַגאָגישער צענטער) מיט אַן אונטער־קעפּל: דערציִונגס־בלעטער פאַר „דעם טאָג פון די תפוצות".

אין דעם צווייטן ביכל, געווידמעט פאַר די העכערע צוויי קלאַסן פון דער גרונט־שול — דעם 7־טן און 8־טן — זיינען געווען אַנווייזונגען ווי צו אונטעררריכטן גערשונאַווס און מיינע דערציילונגען, און אַ ביסל געשיכטע און אַ שטיקל כאַראַקטעריסטיק פון דעם דרום־אַמעריקאַנער יידנטום.

עס פאַרשטייט זיך אַז פאַר מיר איז געווען אַ נחת צו הערן אין דער שטוב פון מיין אַ פריינד פון דרום־אַמעריקע, מענדל כייקין, וואָס האָט אויך אונטערגעזינדיקט מיט דער פען, פון מויל פון זיין אַ פלימעניק פון אַ יאָר 14, ווען מען האָט מיר פאַר אים פאָרגעשטעלט:

— א, פּילאָווסקי, פילאָווסקי, איך האָב דאָך געלערנט אין שול דיין אַ דערציילונג, „די מאַמע פון דער הכשרה". דאָס ביסטו דער מחבר?

אַ יידישער שרייבער איז זעלטן זוכה צו אַזאַ שכר.

די פייערונג וואָס דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט דאַן איינגע־אָרדנט אין לאַנד האָט געהייסן „דער טאָג פון דרום־אַמעריקאַנער יידנטום", אָבער דער „טאָג" האָט געדויערט אַ פּאָר חדשים.

אין בית־סוקולוב איז פאָרגעקומען לכבוד דעם דרום־אַמעריקאַנער יידנטום אַן אָוונט, וווּ עס איז אויפגעטראָטן גאָלדע מאיר און נאָך אַ פּאָר חברים פון דער כנסת וואָס האָבן ביי געלעגנהייטן באַזוכט דרום־אַמעריקע, און יצחק טורקאָוו האָט רעציטירט פון די שאַפונגען פון די דרום־אַמערי־קאַנער יידישע שרייבער.

מיר, יצחק בלומשטיין און איך, זיינען געזעסן אינקאָגניטאָ אין זאַל. „שולדיק" אין דעם איז זיכער געווען בלומשטיין, צוליב זיין אויסער־געוויינטלעכער עניוות.

אַזעלכע פייערונגען און אויפקלערונגס־אָוונטן לכבוד די דרום־אַמע־ריקאַנער יידן זיינען דאַן פאָרגעקומען איבערן גאַנצן לאַנד.

אין דריי יאָר אַרום, אין 1963, איז יצחק בלומשטיין נפטר געוואָרן אין תל־אביב. דער טויט איז אים פּשוט באַפאַלן און מיט איין מאָל אַוועקגעלייגט.

די טשילענער יידן וואָס לעבן אין ישראל, דער „ארגון עולי צ׳ילה", האָט אָפּגעגעבן בלומשטיינען זיין פאַרדינטן כבוד, ביי זיין לוויה, און צו די שלושים האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ העקטאָגראַפישן ביכעלע, מיט

נאָך ניט קיין דערשינענע לידער זיינע, און מיט שטריכן צו זיין פּער־זענלעכקייט פון ד. אילעוויצקי.

צו בלומשטיינס ערשטן יאָרצייט בין איך שוין געווען אין ישראל.

זיין יאָרצייט איז געפּראַוועט געוואָרן אין דעם לאָקאַל פון דעם פאַראיין פון די יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן אין ישראל.

עס זיינען אים ווידער געקומען אָפּגעבן זיין כבוד, נאָר די טשילענער יידן און זיין משפחה.

עס האָבן איבּ דאָן מספּיד געווען בן־ציון נהמן און איך, פון טשילע, און דער שרייבער יוסף האָרן, פון אַרגענטינע, וואָס האָט זיך צופעליק געפונען אין לאַנד.

עס איז אינטערעסאַנט אַז אויף זיין יאָרצייט אין לאָקאַל פון יידישן שרייבער פאַראיין האָט זיך ניט געפונען קיין איין יידישער שרייבער פון ישראל, און „שולדיק" אין דעם איז ווידער געווען בלומשטיין, וואָס האָט אָפּגעלעבט אין לאַנד אַ דרייצן יאָר, מיט אַן איבעררייס פון אַ 4—5 יאָר, ווי אַ נסתר, און האָט אין ערגעץ ניט צרויסגעשטעלט זיין שרייבערישן פּנים...

## ניגער'ס באַזוך אין טשילע

אין 1935 האָט ניגער באַזוכט אַרגענטינע.

דער יצר־הרע צו זען און קענען דעם באַוווסטן יידישן קריטיקער און עסייִסט, און דער יצר־טוב צו טאָן עפּעס פאַר דער יידישער קולטור אין טשילע, האָט מיך באַוויגן מעגלעך צו מאַכן ניגערס אָנקומען אין לאַנד.

איך האָב זיך געמאָלדן אויף אַ זיצונג פון דירעקטאָריום פון „סיר־קולאָ איזראַעליטאַ".

עס זיינען דאָרטן גלייך געווען קעגנער פון מיין פאָרשלאַג.

— ניגער איז אַ קאָמוניסט — האָבן זיי געטענהט.

די יידן פון טשילע זיינען געווען באַאיינפלוסט פון דער פּראָפּאַגאַנדע פון דער שפּאַנישער וואָכנבלאַט „מונדאָ כודיאָ", ווו דער דעמאָלסטדיקער

רעדאַקטאָר, מנחם עלוני, האָט געהאַלטן אין איין מאַכן טרעוואָגע קעגן יידיש און קעגן יידישיסטן.

ער האָט אויף די שפּאַלטן פון זיין צייטונג ניט איין מאָל איבער־געהזרט זיין „אָריגינעלן" געדאַנק אַז יידישיזם איז רזיטע אַסימילאַציע.

איך האָב די קעגנער פון ניגערס קומען קיין טשילע באַוויזן צייטונגען פון אַרגענטינע, ווו די דאָרטיקע יידישע קאָמוניסטן אַטאַקירן ניגערן אַלס רעאַקציאָנער.



אַ גרופּע שרייבער, צוזאַמען מיט ניגערן: פון רעכטס זיצנדיק, נח וויטאַל, שמואל ניגער, יעקב פּילאָווסקי. שטייענדיק, לויטן זעלבן סדר: משה דוד גיסער, אינזש. ישראל פריד־מאַן און וואלאדיע טייטעלבוים

איך האָב איבערצייגט דעם דירעקטאָריום פון „סירקולאָ איזראַעליטאָ" אין זיין „אומשולד".

דער „סירקולאָ" האָט מסכים געווען אים אַראָפּצוברענגען, בתנאי, איך זאָל זיך מתחייב זיין צו פאַרשפּרייטן בילעטן צו זיינע רעפעראַטן.

צו דער הסכמה פון „סירקולאָ" האָט אַ סך מיטגעהאָלפן דער דע־מאָלסטדיקער פּרעזידענט פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע, סאַלאָמאָן סאַק.

ס. סאַק האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו מיר.

ער האָט געשטאַמט פון אַ קליין שטעטל לעבן ווילנע.

קיין טשילע איז ער אָנגעקומען, נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ד. ה. אַז ער איז געווען איינער פון די עלטסטע יידישע תושבים פון ישוב.

אַן אָרעמער און ענערגישער יונגערמאַן, איז ער אַריין אַרבעטן אין אַן אייזן־סקלאַד פון אַ רוסישן יידן, ראַבינאָוויטש. ער איז פון אָנהויב דאָרטן געווען אַ שוואַרצער אַרבעטער. ביסלעכווייז איז ער אַריבער צו מער צוטרויליכע אַרבעטן. שפּעטער איז ער געוואָרן דעם באַלעבאָס׳ איידעם און אַ ביסל נאָך שפּעטער, אַליין דער באַלעבאָס.

טשילע איז אַ לאַנד פון אָפטע ערדציטערנישן און דער אַנטיסיסמישער אויפן פון בויען די הייזער פאַרברויכט אַ סך אייזן. די צוואַנציק־שטאָקיקע בנינים זיינען געבויט פון בעטאָן און אייזן.

ס. סאַקס רייכקייט איז געוואַקסן, ווי אויף הייוון. ער איז אין טשילע געוואָרן דער אייזן־מאַגנאַט, דער רייכסטער ייד און איינער פון די רייכסטע מענטשן פון לאַנד.

ער האָט תמיד געלעבט אַ פאַרזיכיקן לעבן, אַ צוריקגעצויגענער פון דער געזעלשאַפט. ער איז געווען אַ שווייגער.

אָבער אַז ער איז געוואָרן אַזוי רייך, האָבן אים די יידן גענומען זוכן און אַריינציִען אים אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. מען האָט ביי אים גע־פּועלט צו ווערן דער פּרעזידענט פון „סירקולאָ איזראַעליטאַ״. זיין גרעסטער אויפטו אין „סירקולאָ״ איז געווען דאָס וואָס ער האָט „געהויבן״ דעם שפּיל.

ניט קיין גליקלעכער אין זיין פאַמיליע־לעבן, פלעגט ער אָפט גאַנצע נעכט ביי די קאָרטן אין „סירקולאָ״. אַ סך מאָל, איז ער אין דער פרי, גלייך געגאַנגען פון דאָרטן צו זיך אין געשעפט אַריין.

ס. סאַק האָט ניט געהאַט קיין צוטרוי צו די מענטשן וואָס פלעגן אַרום אים אַרומטאַנצן. ער האָט גוט געוווּסט אַז דאָס טאַנצן זיי ניט אַזוי אַרום אים, ווי אַרום זיין גאָלד.

ער איז געווען אַ שטיקל מרוק און זעלטן פלעגט ער ענטפערן אויף יענעמס גוטמאָרגן.

מיר פלעגט ער טראָגן דעם גוטמאָרגן אָנטקעגן און מיט דער גאַנ־צער עטיקעטע:

— קאָמאָ עסטאַ דאָן כאַקאָבאָ (ווי פילט איר זיך ר׳ יעקב?).

און גענומען האָט זיך דאָס פון דעם וואָס איך פלעג אים באַהאַנדלען ווי אַ גלייכן, אָפן און אָן צערעמאָניעס.

ס. סאַק איז ניט געווען פון די גרויסע נותנים, און האָט ער שוין

יאָ אויף עפּעס געגעבן, האָט ער געוואָלט אויספאָרשן אַלע פּרטים פון דעם אָביעקט פאַר וועלכן מען פאַרלאַנגט פון אים געלט.

איין מאָל בין איך אַריין צו אים מיט אַ געוויסן קולטור־שליח און פאַרלאַנגט פון אים זיין באַשטייערונג.

— אָבער איך ווייס ניט ווער דער מענטש איז — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

— דאָס וואָס איר ווייסט ניט ווער דער מענטש איז, דאָס איז אייער שולד, ווייל איר האָט ניט קיין אינטערעס פאַר אַזעלכע זאַכן. אָבער גלויבט מיר, סעניאָר סאַק, אַז ווו נאָר דער דאָזיקער מענטש זאָל ניט קומען, קיין ניו־יאָרק צי קיין פּאַריז, און זאָל זיך פאָרשטעלן וועט מען וויסן ווער ער איז. זעט איר, איר זיינט אין טשילע באַוווּסט — דער רייכער סאַק — אָבער ווי איר זאָלט נאָר אַרויספאָרן פון טשילע, ווייס קיינער, אין ערגעץ ניט, ווער איר זייט. אַחוץ דעם, מיר קענט איר דאָך יאָ.

סאַלאָמאָן סאַק האָט מיר אָנגעקוקט מיט אָפענע אויגן. אים איז געפעלן געוואָרן מיין ניט בויגן זיך פאַר אים, מיין ניט חנפענען אים, מיין ריידן צו אים ווי אַ גלייכער צו אַ גלייכן, און ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— איר האָט רעכט, דאָן כאַקאָבאָ. מיט וויפל מיינט איר דאַרף איך זיך באַשטייערן, פאַר דעם, וועגן וואָס איר זייט געקומען?

— קיין נאָרמעס שטעלן מיר ניט. וויפל אייער האַרץ באַוויליקט.

ס. סאַק האָט דעמאָלסט געגעבן אַ וויכטיקע באַשטייערונג. פון דאַן אָן, פלעגט ער מיר אַנטקעגנלויפן, ווען איך בין נאָר צו אים אריינגעקומען, און פרעגן:

— וויפל, סעניאָר פּילאָווסקי?

איך האָב ביי אים פאַרלאַנגט דעם עקוויוואַלענט פון 25 דאָלאַר פאַר אַ בוך פון אַ יידישן שרייבער, איז ער גלייך צוגעגאַנגען צום אייזערנעם שראַנק און דערלאַנגט די פאַרלאַנגטע סומע.

ער האָט געהאַט צו מיר אַן אומבאַגרענעצטן צוטרוי.

אַז איך האָב געדאַרפט האָבן, אין 1939, אַ בריוו צום קאָנסול פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס זאָל באַשטעטיקן מיין סאָלווענץ, האָט דאָס מיר ס. סאַק געגעבן און די טירן פון דעם אַמעריקאַנער קאָנסול האָבן זיך פאַר מיר ברייט געעפנט.

הכלל לאָמיר זיך אומקערן צום ענין. איך האָב זיך אָנגענומען צו

פאַרשפּרייטן די בילעטן צו ניגערס רעפּעראַטן, און ער איז איינגעלאַדן געוואָרן פון „סירקולאָ" צו באַזוכן טשילע.

דאָס פאַרשפּרייטן בילעטן האָט ביי מיר נישט געשפּילט קיין ראָליע. איך האָב נאָר געדאַרפט שענקען אַ פּאָר האַלבע טעג פון מיין אַרבעט. ווו איך בין נאָר אָריינגעקומען, איז מען מיר געלאָפן אַנטקעגן, פּונקט ווי דאַן אין דעם שטעטעלע ראָזשאַנקע, ווען איך האָב אָנגעהויבן מיין „געזעלשאַפטלעכע קאַריערע", צו אַכט—ניין יאָר.

די באַציונג פון די מענטשן צו מיר האָט תמיד געשטאַרקט מיין מוט און מיך אַרויסגערופן צו נייע איניציאַטיוועס.

אָפט בין איך געווען שטרענג צו די צו וועמען איך בין געקומען „פאַרלייגן מיין סחורה". צו איינעם וואָס פלעגט מיך לאָזן וואַרטן, ביז ער האָט באַהאַנדלט זיינע קונדן, פלעג איך האָבן גאַנצע טענות, ווי ער וואָלט מיך עפּעס שולדיק געווען. איך פלעג אים אַ זאָג טאָן:

— איר האָט מורא געהאַט מפסיק צו זיין, איר זאָלט חלילה ניט פאַר־לירן קיין קונה. גלויבט מיר, איך האָב אויך אַ געשעפט און מיט מיין פאַרלאָזן אים גאַנצענע טעג, פאַרליר איך ניט איין קליענט.

אַזאַ איינער פלעגט אויף מיר ניט ווערן ברוגז, נאָר זאָגן:

— איר זייט גערעכט, דאָן כאַקאָבאָ, הלמאי זאָל איך זאָגן, איר זייט פּאָרט גערעכט.

שפּעטער מיט יאָרן, האָט מיר אַ ייד באַוויזן אַז עס זיינען גאָר נישטאָ קיין שלעכטע יידן, אַז אַזוי פרייגיביק פאַר אַלע פאָלקס־הצטרכותן ווי אַ ייד איז, וועט איר ביי קיין שום אומה ולשון ניט געפינען.

דאַן האָט טשילע באַזוכט בערעלע גרינבערג, וועגן וועלכן מיר וועלן נאָך שפּעטער דערציילן.

ער איז געווען אַ טאַלאַנטירטער פּראָזאַיקער. מלך ראַוויטש האָט בעת זיין זיין אין אַרגענטינע, אַרויסגעגעבן גרינבערגס אַ בוך דערציי־לונגען מיט זיין אַ הקדמה, ווו ער האָט אים אָנגערופן „גרינבערגלסאָן".

וויטאַל האָט זיך פרייוויליק פאָרגעלייגט מיר צו העלפן פאַרשפּרייטן גרינבערגס ביכער.

מיר זיינען אַריין צו אַ רייכן יידן, וואָס האָט געהאַט אַ קאַנטאָר פון טוישן אַלערליי פרעמדע וואַליוטעס. די פרוי פון דעם דאָזיקן יידן איז געווען מיין אַ שילערין.

דער ייד האָט אונדז אַ בייזן פרעג געטאָן:

— וואָס דאַרפט איר?

ער האָט געזען אַז מיר זיינען ניט געקומען בייטן ביי אים קיין געלט, כאָטש איך בין ביי אים געווען אַ קונה. איך פלעג אָפט ביי אים קויפן אויסלענדישע געלט פון געזעלשאַפטלעכע זאַמלונגען פאַר אינסטיטוציעס וואָס געפינען זיך מעבר־לים.

— מיר האָבן אייך געבראַכט אַ בוך צו פאַרקויפן, אַ יידישן בוך, אַן איינגעבונדענער קאָסט 500 פעזעס (ביי אַ 5 דאָלאַר) און ניט קיין איינגעבונדענער, 300 פעזעס.

— איך קויף ניט קיין ביכער! עס גייט מיר ניט אין די פאַר פעזעס, נאָר איך קויף ניט.

— עס גייט אייך שוין יאָ אין די פאַר הונדערט פעזעס, ווען ניט וואָלט איר דאָך אַנשטאָט אונדז גראָב אָפּענטפערן, אַרויסגענומען דאָס געלט און אונדז באַצאָלט. אַחוץ דעם, וואָס שטעלט איר זיך אַזוי דיסקוטירן וועגן די פאַר הונדערט פעזעס? ווען עס קומען צו אייך אַריין צוויי יידן וואָס זיינען ניט אַביי־ווער און בעטן ביי אייך די פאַר הונדערט פעזעס סתם פאַר עפעס, וואָלט איר דאָך אויך זיי געדאַרפט אַנדערש באַגעגענען, — האָב איך זיך אָפּגערופן צו דעם יידן און אַ שלעפּ געטאָן וויטאַלן ביים אַרבל:

— קומט וויטאַל, איר זעט דאָך אַז עס איז ניטאָ מיט וועמען צו ריידן.

אויף דער אַנדער זייט שוועל פון דעם יידנס קאַנטאָר, האָב איך אַ זאָג געטאָן צו וויטאַלן:

— וויטאַל, דער ייד יועט שוין היינטיקע נאַכט ניט שלאָפן פאַר פאַרדרוס.

—ווייס איך וואָס — האָט ער זיך אָפּגערופן — אַ גראָבער יונג!

עס האָט לאַנג ניט געדויערט, ווי איך בין אין אַ שיינעם, זומערדיקן טאָג געגאַנגען איבער די צענטראַלע גאַסן פון סאַנטיאַגאָ, און איך האָב זיך באַגעגנט פנים אל פנים מיט דעם זעלבן יידן.

איך האָב אויסגעמיטן זיין פנים און אים ניט געוואָלט גריסן.

פלוצלינג שפיר איך אַ האַנט אויף מיין פלייצע. איך קער זיך אום, דאָס איז ער.

— איר זייט אויף מיר ברוגז, סעניאָר פילאָווסקי, פאַרן בוך? אַנטשולדיקט.

ער האָט אַרויסגענומען פון זיין בוזים־קעשענע אַ שיינעם פּאָרטאָמאָנע און אַ זאָג געטאָן:

— וויפל האָט איר געזאָגט קאָסט אַ בוך, פינף הונדערט? אָט האָט

איר דאָס געלט. איר וועט מיר דאָס בוך נאָך דעם אַריינשיקן. איר הערט, אין געשעפט ביי מיר, בין איך אַן אמתער טיגער און פאַרליר דאָס מענטשלעכע געשטאַלט.

איך האָב צוגענומען ביי דעם יידן דאָס געלט און אים וואַרעם געדריקט זיין האַנט.

איך האָב דעמאָלסט מכוון געווען צו ר׳ לוי יצחק מבערדיטשעוס געדאַנקען:

— רבונו־של־עולם, זע נאָר וואָס פאַר אַ טייערע יידן דו פאַרמאָגסט, אַז אַפילו אַזאַ בייזער ייד ווי דער, האָט ניט געקענט בלייבן רויק ביז ער האָט ניט פאַרריכט די עוולה וואָס ער איז באַגאַנגען.

ווען איך בין געגאַנגען פאַרקויפן די „טאַרכעטלעך" (קאַרטלעך) צו ניגערס רעפעראַט, בין איך אַריינגעקומען אין אַן עלעגאַנטן שניידער־געשעפט, אין רעכטן צענטער פון שטאָט.

דעם באַלעבאָס האָב איך נאָך געקענט פון מיינע גרינע יאָרן. ער האָט אַ מאָל געהאַט אַ פאַבריק פון רעגנמאַנטלען און שטויב־מאַנטלען, און איך בין געווען זיינער אַ קונה.

שפעטער איז מיינער אַ חבר, אַן אַרגענטינער, געווען זיין רייזע־אַגענט, און איך פלעג מיט אים אַ מאָל אַריינקומען צו אים אין שטוב.

— אָ, וואָס מאַכט איר עפּעס, סעניאָר פילאָווסקי? שוין אייך אַ שאָק מיט יאָרן ניט געזען.

— איר ווייסט דאָך מיינע געשעפטן — האָב איך אים געענטפערט — איך בין אייך געקומען פאַרקויפן אַ פּאָר „טאַרכעטלעך" צו דעם רעפעראַט פון דעם שרייבער שמואל ניגער.

— ניגער, שמיגער, אויך אַ געשעפט. מען האָט שוין געהערט פון אַזעלכע זאַכן. איך האָב זיך אין מיין לעבן אָנגעהערט מיט גענוג רעדנערס. הערט איר? צו אונדז אין שטעטל איז אַ מאָל אַראָפּגעקומען אַ ליטוואַקל. איז דאָס געווען אַ רעדנער! אָבער אַזוינס ווי אַזעלכער. אַלץ געזען, אַלץ געהערט. וואָס קען מיר שוין דאַרטן זאָגן אייער ניגער? אָבער אַז איר זייט שוין געקומען, טאָ גיט מיר אַהער אַ פּאָר „טאַרכעטלעך".

איך בין דאָס מאָל ניט ברוגז געוואָרן, ווי אמאָל אין וואַלפּאַראַיסאָ, אין דעם פוטער־געשעפט, ווען איך בין געגאַנגען פאַרקויפן בילעטן פאַר דעם טעאַטער וואָס איך האָב געשפּילט. איך בין שוין געווען געוווינט צו אַזעלכע רייד און האָב צוגענומען די 10 פּעזעס. אגב איז דאָס מאָל דאָס

געלט ניט געווען פאַר מיר, און אין דעם געלט פון טעאַטער האָב איך אויך געהאַט אַ חלק.

ניגער איז געקומען קיין טשילע אויף 6 טעג.

ער איז גלייך אויפגענומען געוואָרן אויף אַ זיצונג פון דירעקטאָריום פון „סירקולאָ איזראַעליטאַ”. ער האָט באַוויזן צו געבן דריי רעפעראַטן: „אונדזערע עלטערן און אונדזערע קינדער”, „דאָס לעבן פון די יידן אין צפון־אַמעריקע”, און „הומאָר און סאַטירע אין דער יידישער ליטעראַטור”.

ניגער האָט אויסגענומען ביים עולם פאַר זיין בכבודיקער האַלטונג און ער איז אָפגעשיידט געוואָרן ביי אַ מסיבה פון אַ פאָר הונדערט מענטשן.

צווישן די לעקציעס, זיינען מיר אַרויסגעפאָרן מיט אים אויף אַ שפּאַציר פון אַן אָנדערטהאַלבן מעת־לעת, צו ווייזן אים וואַלפּאַראַיסאָ, וויניאַ דעל מאַר און די אַרומיקע שטעטלעך. דאָס פאָרן אין די בערג פון סאַנטיאַגאָ קיין וואַלפּאַראַיסאָ, איז אַליין אַ שטיק װוּנדער פון דער נאַטור.

מיר זיינען געפאָרן על־חשבון הגביר — אויפן חשבון פון ס. סאַק.

די באַגלייטער פון ניגערן זיינען געווען: ס. סאַק, נאום טרומפּער, איינער פון די עלטסטע תושבים פון טשילע און פילמאַליקער פּרעזידענט פון „סירקולאָ איזראַעליטאַ”, איינער — לאָמיר אים אָנרופן לייזער אַבראַמסאָן — אַ שטיק ציניקער און גלייכצייטיק אַ מענטש מיט הומאָר, וואָס איז געווען אויסגעבונדן, אַ גוטער ברודער און אויף דו מיט די רייכסטע יידן פון טשילע, אַפילו אין אַזעלכע צייטן ווען ער האָט ניט פאַרמאָגט אַ סענט ביי דער נשמה, ד״ר פּליסקאָף, דער דעמאָלסטיקער סעקרעטאַר פון „סירקולאָ” און איך — אָדער דערפאַר וואָס איך בין דאַן געווען דער רעדאַקטאָר פון „די אידישע פּרעסע”, אָדער דערפאַר ווייל איך בין געווען דער איניציאַטאָר פון ניגערס קומען קיין טשילע, וועלכער האָט ניט אָפּגענאַרט די האָפענונג פון זיינע אַראָפּברענגער.

דאָס זיינען געווען פּרעכטיקע עטלעכע און דרייסיק שעה פון פאַרברענגען. מיר זיינען אַרומגעפאָרן איבער דער ווונדער, שיינער געגנט פון וואַלפּאַראַיסאָ און איבער וויניאַ דעל מאַר, וואָס זעט אויס ווי איין גרויסער ווייגאָרטן ביים ברעג פון ים.

ויהי כטוב לב המלך ביין, ווען מען האָט אַזוי גוט פאַרבראַכט ביים עסן און אויך ביים טרינקען, האָט זיך דער עולם גענומען אַראָפּריידן אַ ביסל פון האַרצן.

איך ווייס ניט פאַר וואָס, נאָר אַז איך האָב זיך געפונען אין אַ גע־זעלשאַפט און איינער האָט אָנגעהויבן צו ריידן, בין איך געווען דער, צו וועמען ער האָט זיך געקערט. אַ מאָל פלעגט זיך טרעפן אַז אַ רעדנער פון דער בינע האָט מיר אויסגעקליבן פאַר זיין צוהערער און פלעגט די גאַנצע צייט אין מיר אַריינריידן. און טאָמער בין איך אַ מאָל געזעסן אין פרעזידיום פון אַן אַקט, האָט געטראָפן אַז דער רעדנער פלעגט מיר אַרויסרופן פאַר אַ באַשטעטיקונגס־עדות צו זיינע רייד.

דער ערשטער, האָט מיר סאַק געגומען דערציילן וועגן זיין סוחרישער פעיקייט, אַז ווען ער האָט נאָך געלערנט אין דער קצבישער קלויז, אַ ישיבה מיט אַן אינטערנאַט אין ווילנע, האָט ער שוין געהאַט שכל אויסצולייען די ישיבה־בחורים אַ פאַר קערבלעך, אויף גאָר הויכע פראָצענטער.

ס. סאַק איז טאַקע געווען אַ דערפאָלגרייכער ביזנעסמאַן, וואָס איז בטבע געווען אַ „האַרטלייביקער״ און עס איז געווען שווער צוצוקומען צו זיין קעשענע, אָבער ער האָט דאָך געהאַט דעם פּראַקטישן איינפאַל, עטלעכע יאָר פאַר זיין טויט, צו פאַראייביקן זיין נאָמען אין טשילע אויף יאָרן און יאָרן, מיטן אויפשטעלן פאַר דער דאָרטיקער יוגנט אַ נעץ פון פאַך־שולן, וועלכע בילדן אַ גאַנצן שול־שטאַט.

ער האָט דער שול־אונטערנעמונג אַוועקגעשענקט אַ טייל פון די פאַרדינסטן פון זיין פירמע, אַפילו נאָך זיין טויט.

די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע אונ־טערנעמונג זיינע, געוואָרן זיין אידעע־פיקס. אַז איר האָט ביי אים געבעטן הילף פאַר אַ יידישן צוועק, פלעגט ער ענטפערן:

— איך האָב פאַרוואָס צו געבן.

עס פאַרשטייט זיך אַז מיטן אויפבויען אַזאַ גראַנדיעזע פונדאַציע אויף זיין נאָמען, האָט ער ניט נאָר זיך פאַראייביקט, נאָר אויך געשאַפן כבוד פאַר זיין יידישן שטאַם.

נ. טרומפּער, וואָס איז בטבע געווען אַ מרוק, האָט זיך פונאַנדערגערעדט פון זיין קאָלאָניסטישן לעבן אין אַרגענטינע. דער וואָס מיר רופן אים אַן לייזער אַבראַמסאָן, האָט זיך גענומען באַרימען מיט זיינע ליבע־אַוואַנטורעס און פאַר מיר באַזונדער — מיט וועמען ער האָט פאַרנומען איין צימער אין האָטעל — האָט ער זיך נאָך דעם באַרימט, אַז ער האָט אַ קינד, ניט מיט זיין ווייב, און האָט מיר דערביי אָנגערופן דעם נאָמען פון דער פרוי וואָס האָט פון אים געהאַט דאָס קינד און דעם נאָמען פון

איר מאַן, וואָס שפּילט די ראָל פון אַ טאַטן, ווען ער איז דערביי — גאָט די נשמה שולדיק.

איך ווייס נאָך עד היום ניט וואָס עס האָט אים געשטויסן צו מגלה זיין אַזאַ סוד פאַר מיר, צי דער טרונק וואָס ער האָט אין זיך אַריינגעגאָסן, צי זיין „מענער־שטאָלץ״ — איך זאָל אים חס־וחלילה ניט חושד זיין אין אימפּאָטענץ, ווייל מיט זיין ווייב האָט ער קיין קינדער ניט געהאַט — נאָר איך האָב אים פון דאַן אָן ניט געקענט קוקן גלייך אין די אויגן און נאָך שווערער איז מיר געווען זיך אָנצוטרעפן פנים אל פנים מיט דער מוטער פון זיין קינד און מיטן כלומרשטן פאָטער.

פון וואַלפּאַראַיסאָ האָבן מיר זיך אומגעקערט זונטיק נאָך מיטאָג. ניגער האָט נאָך 6 אַ זייגער פון דעם זעלבן פאַרנאַכט געדאַרפט האַלטן אַ לעקציע.

אויף צוריקוועגס האָבן מיר זיך נאָך אָפּגעשטעלט אין אַ רעסטאָראַן, וואָס איז געשטאַנען מיט זיין טעראַסע אויפן ים. מיר האָבן זיך דאָרטן סערווירט מיט לעבעדיקע ים־מושלען. קיינעם האָבן זיי ניט פאַרשאַט, נאָר מיר. איך האָב באַקומען אַן אורטיקאַריאַ, אַזאַ קראַנקייט, פון וועלכער די הויט ווערט באַדעקט מיט רויטע פּליאַמעס. אפשר איז דאָס געשען, ווייל איך האָב ניט צוגעטרונקען קיין וויין ביים עסן, ווי אַלע אַנדערע האָבן דאָס געטאָן.

איך בין קוים אָנגעקומען אַ לעבעדיקער קיין סאַנטיאַגאָ. און דאָ דאַרף איך נאָך עפּעסן דעם ניגער־אָוונט.

ד״ר פליסקאָף האָט מיך אין זיין אויטאָ גלייך פאַרפירט צו דער „אסיסטענסיא פובליקא״ (גיכע הילף). דאָרטן האָט מען מיר געגעבן אַ פּאָר איינשפּריצונגען און נאָכן אויסטרינקען אַ פּאָר גלאָז טיי מיט לימאָן ביים בופעט פון „סירקולאָ״, האָב איך געקענט גיין צו דעם ניגער־אָוונט, און נאָך דעם גיין פאַרברענגען ביז איז די שפּעטע שעהן פון דער נאַכט אַריין.

## דער באַזוך פון גינא מעדעם

הייגן בּיראָבידזשאַן און דאָס קומען פון גינא מעדעם האָב איך אָנגעהויבן שרייבן נאָך אין ענדע 1935, אין „די אידיש פרעסע״, צוליב

וואָס איך האָב געמוזט פאַרלאָזן די רעדאַקציע פון דער דאָזיקער צייטונג. אַרום אָנהויב 1936 איז גינא מעדעם אַראָפּגעקומען קיין טשילע, פון אַרגענטינע.

זי איז דאָך געקומען ריידן צו די טשילענער יידן, און דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן די שוועריקייטן. קיין יידישע אינסטיטוציע האָט ניט געוואָלט געבן איר סאַלאָן פאַר אירע אויפטריטן. זיי זיינען געווען איינגעשראָקן. דער „מונדאָ כודיאָ״ האָט דאָך בפירוש געשריבן אַז די ביראבידזשאַנצעס זיינען אַגענטן פון מאָסקווע.

גינאַ מעדעם איז אויפגעטראָטן אין דעם סאַלאָן פון די רעפּובליקאַנישע שפּאַניאָלן, וואָס האָט זיך געפונען אין דער יידישער געגנט, אויף סאַן דיעגאָ אין די צוויי־הונדערטער.

זי איז שוין דאַן געווען אַ פרוי אין די פופציקער, אַ דערפאַרענע רעדנערין, וואָס האָט געקענט מאַכן גלויבן דעם צוהערער אין דעם וואָס זי זאָגט. זי האָט גערעדט בילדעריש און איבערצייגנדיק. צענדליקער ציוניסטן האָבן ניט אויסגעהאַלטן שבת און זיינען איר געקומען הערן.

איבערהויפּט האָט זיך אַרום גינא מעדעם געקהלט די ביראבידזשאַן־געזעלשאַפט, ווי אויך די פאַראייניקטע־פּראָגרעסיווע־יידישע־געזעלשאַפט.

די פּראָגרעסיווע געזעלשאַפט, ווי די ביראבידזשאַן־געזעלשאַפט — וואָס האָט זיך אין גיכן פונאַנדערגעלייזט, צוליב די „טשיסטקעס״ אין ביראבידזשאַן, מיטן ליקווידירן אירע מנהיגים, ווי דימענטשטיין, פּראָפ. ליבערמאַן און יאַנקל לעווין, וואָס האָט באַזוכט דרום־אַמעריקע נאָך גינאַ מעדעם — האָבן זיך ווערבירט פון קליין־בירגער און קליינע סוחרים וואָס האָבן געשטרעבט צו ווערן גרויסע... זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי אַלע רעוואָלוציאָנערע פּרינציפּן ביז עס איז געקומען צו זייערע אינטערעסן. געבן אַן אָרעמאַן אַ נדבה — ניין! — דאָס איז קעגן די פּרינציפּן פון דער רעוואָלוציע, אָבער צונעמען די לעצטע פּעזע פון דעם אָרעם־באַצאָלטן אַרבעטער, דאָס יאָ. כל זמן מיר לעבן אין אַ קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, קען מען אַנדערש ניט לעבן.

אַ סך פון די פּראָגרעסיווע האָבן זיך געהאַלטן ביי דער אידעע אַז „וואָס ערגער אַלץ בעסער״. וואָס ערגער עס וועט זיין די לאַגע פון אַרבעטער, וועט ער גיכער געגרייט זיין צו מאַכן די רעוואָלוציע.

אָבער אין דער אמתן איז אויסגעקומען, וואָס ערגער פאַרן אַרבעטער, אַלץ בעסער איז געווען פאַר זיי, פאַר די פּראָגרעסיווע סוחרים. זיי זיינען

וואָס פון טאָג געוואָרן רייכער, זיך אַריבערגעצויגן אין אייגענע, לוקסוס הייזער און גענומען פירן די שענסטע אויטאָמאָבילן.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז בעת די השגות וועגן זייער פּריוואַטן לעבן האָבן זיך ביי זיי אויסגעברייטערט, האָט זיי ניט געאַרט אַראָפּצוקומען פון זייערע רייכע, קאָנפאָרטאַבלע הייזער אין אַן אָרעמען לאָקאַל, אָן קיין שום באַקוועמלעכקייט און ביי די ערגסטע היגיענישע באַדינגונגען. וואָס איז שייך זייער געזעלשאַפטלעכער פירונג, זיינען זיי געבליבן די זעלבע קבצנים, וואָס זיי זיינען געווען. אפשר האָט זיך דאָס געפּאַסט צום רומל. אפשר האָבן זיי די אָרעמע לאָקאַלן, די קבצנישע „אָבסטאַנאָווקע", דער־מאָנט אָן די יונגע, זיסע יאָרן פון אַמאָל...

אַזוי איז דאָס אויך געווען אין אַרגענטינע.

עס האָט זיך געמאַכט אַז דאָס ביסל „צוריקגעשטאַנענע" עלעמענטן פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, די גישט־אויסטויגערס, די וואָס זיינען געבליבן ביי זייערע אַרבעטס־פאַכן, זיינען געווען די בונטאַרן פון דער באַוועגונג און זיינען פון די אַרויפגעאַרבעטע חברים פאַרשריען געוואָרן ווי טראָצקיסטן.

איך בין אַ מאָל געווען איינגעלאַדן אין ב. איירעס, אויף אַ לייען־קרייז פון לינקע עלעמענטן. איך האָב דאָרטן פאָרגעלייענט מיין אַ דערציילונג מיטן נאָמען „געוויסן". אַרום דער דאָזיקער דערציילונג האָט זיך אַנט־וויקלט אַ גאַנצע דיסקוסיע. אַ סך פון די אָנוועזנדיקע האָבן געזאָגט:

— אַ שאָד וואָס אונדזערע פירנדיקע חברים זיינען דאָ ניטאָ. פאַר זיי איז די דערציילונג ווי אָנגעמאָסטן.

אַ סך פון די מיטגלידער פון דעם לייען־קרייז האָבן זיך דעמאָלסט באַקלאָגט אַז זיי ווערן דערווייטערט פון דער באַוועגונג.

— ווי אַזוי קענען מיר צוקומען צו אַ באַנקעט וואָס דער „איקוף" אָרדנט איין, אַז דער אַריינטריט קאָסט 80 פּעזעס? קען מען דען ניט מאַכן אַן אויפנאַמע ביי אַ טיי מיט אַ צובייס פאַר 10 פּעזעס, וואָס זאָל זיין צוטריטלעך פאַר אַן אַרבעטער? זיי, די אָנפירער, מעסטן אַלץ לויט זייער קעשענע נאָך.

ווען עס איז אָבער געקומען צו געבן געלט פאַר דער באַוועגונג, זיינען די „אויסגעהאַלטענע" חברים צוריק געוואָרן די קבצנים און אָפּגעקומען מיט שהיה־פּהיה.

וואָס עס האָט אָפּגעקאָסט אַ פּשוטן יידן אַ יאָר צדקה, ציוניסטישע באַשטייערונגען און אַנדערע יידישע הצטרכותן, האָט דאָס געקענט קלעקן

אויף 10 יאָר פאַר דעם פרייגיביקסטן פּראָגרעסיוון חבר. דאָס איז, ווי מען זאָגט, דער ריינער און הייליקער אמת, אָן דער כוונה צו מאַכן בלבולים אויף וועמען עס איז.

איך מיין אַז דער גאַנצער ענין איז ווערט אַ פּסיכאָלאָגישע שטודיע.

דער סעקרעטאַר פון דער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפט, ווי אויך פון דער בּיראָבּידזשאַן־געזעלשאַפט, איז געווען אָסקאַר האַלפּערן.

אָ. האַלפּערן איז געווען אַ מענטש מיט פאַנטאַזיע און מיט שווונג.

קיין טשילע איז ער אָנגעקומען ווי אַ וועבער־אַרבעטער מיט אַ סטאַזש אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. אין גיכן איז ער אַדיבער צום „סע־מאנאל".

אין פּוילן, פון וואַנען ער איז געקומען (פון אַ שטעטעלע לעבן ביאַ־ליסטאָק, ווו זיין טאַטע איז געווען רב) האָבן זיך גבורהס, העלדישע מעשים, געוואַלגערט אונטער די פיס. עס איז גענוג געווען אַרויפצוציען אַ רויטע פאָן אויף אַ הויכער געביידע פון שטעטל, אָדער דו זאָלסט טראָגן די רויטע פאָן אין די ערשטע רייען פון אַן ערשטער־מאַי־מאַניפעסטאַציע, אַז דו זאָלסט זיין אַ העלד.

דאָ, אין טשילע, האָט זיין פאַנטאַזיע געאַרבעט אויף אַן אַנדער געביט.

ער האָט געקענט אַרויסשטעלן די באַוועגונג, פאַר וועלכער ער האָט געאַרבעט, אין אַ סך גרעסערע דימענסיע, ווי זי איז דאָס אין דערווירק־לעכקייט געווען.

ער האָט פאַרמאָגט אַ דרייסטקייט צוצוטרעטן צו די גרעסטע און וויכטיקסטע פּערזענלעכקייטן. אויף אים האָט מען געקאָנט זאָגן: **לפני מלכים ושרים יתיצב.**

אויף זיין איניציאַטיוו איז דאָס געגאַנגען אין 1938 אַ דעלעגאַציע פון דער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפט — וואָס איז געווען קליין אין צאָל — צו באַגריסן דעם ניי־אויסגעוויילטן פּרעזידענט פון דער טשילענער רע־פּובליק, דעם קאַנדידאַט פון פאָלקס־פראָנט דאָן פּעדראָ אַגירה סערדאַ, צוטראָגנדיק אים אַ דעקלאַראַציע פון דער זעלבער אינסטיטוציע. אויף אַלערליי צוזאַמענקומען, אָדער פעסטיוואַלן, פלעגט ער זיך באַקענען מיט מיניסטאָרן און אַמבאַסאַדאָרן, ניט קוקנדיק וואָס זיין שפּאַניש איז געווען אַ צעהרגעטער.

אָ. האַלפּערן האָט אַחוץ שווונג און פאַנטאַזיע אויך אָוועקגעשאָנקען

אַ סך מי, ענערגיע און איניציאַטיוו פֿאַר דער פּראָגרעסיווער־יידישער באַוועגונג אין טשילע.

צו גינא מעדעמס אָנקומען קיין טשילע האָבן מיר אַרויסגעלאָזן אַ ספּעציעלע גרעסערע אויסגאַבע אין שפּאַניש, „ביראָבידזשאַן", וואָס האָט אויפגעקלערט די צוועקן און צילן פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט און אויך אָפּגעענטפערט אויף אַלע אַטאַקעס וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן קעגן איר.

אין דער רעדאַקציע פון דעם שפּאַנישן זשורנאַל „ביראָבידזשאַן" האָט אונדז אַ סך אַרויסגעהאָלפן לעאָן באַראַנאָווסקי.

לעאָן באַראַנאָיוסקי איז געווען אַ רוסישער ייד, אַן אייגנאַרטיקער מענטש, ווייט פון יידישן לעבן און פון יידישע פּרנסות. ער האָט דעם גרעסטן טייל פון זיינע יאָרן געלעבט אין דרום פון טשילע און איז געווען דער פאַרוואַלטער פון גרויסע גיטער. ער איז געווען ראַדיקאַל געשטימט. אין דער עקסיסטענץ פון דעם יידן, האָט ער געזען דעם אייביק־ברענענדיקן און לייכטנדיקן פאַקל וואָס וואַרפט זיין שיין אויף דער גאַנצער וועלט. ביראָבידזשאַן האָט צו אים גערעדט, ווייל רוסלאַנד איז אים געווען נאָענט. האַלפערן האָט אים אָפּגעזוכט און ער איז געווען אַן איבערגעגעבענער פריינד. דערצו איז ער געווען אַן אויסגעהונגערטער נאָך געזעלשאַפטלעכער אַקטואַציע.

ל. באַראַנאָווסקי איז געווען אַן איידעלע פיגור. ער האָט געהערט צו דער אַמאָליקער רוסיש־יידישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ. דער שטורעם פון לעבן האָט אים פאַרטראָגן אַזש ביז די רייכע פעלדער פון דרום פון טשילע, און ער האָט באַוויזן דעם כוח צו זיין איינער צווישן אַ סך און ניט פאַרלירן זיין אייגענעם פּנים.

גינא מעדעם האָט אָבער ניט געקענט הויזן מיט אָ. האַלפערן. ער איז איר ניט אַריינגעפאַלן אין חן. אפשר צוליב זיין זעלבסט־זיכערן טאָן, און אפשר צוליב אַנדערע סיבות.

ער האָט זיך איין מאָל אין איר קעגנוואַרט אויסגעדריקט, אַז כאָטש איך בין ניט קיין „אייגענער", קען מען זיך אויף מיר אַבסאָלוט פאַרלאָזן. אַזעלכע רייד וועגן אַ פריינד פון ביראָבידזשאַן האָט זי אים ניט געקאָנט מוחל זיין.

מיט די ווערטער „ניט קיין אייגענער", האָט ער געמיינט, וואָס איך געהער ניט צו דער קאָמוניסטישער פאַרטיי.

און אפֿשר — ווער ווייסט — אפֿשר איז זי אַליין אויך ניט געווען קיין „אייגענע״.

זי האָט אויך ניט געקענט גורס זיין דאָס פּאָרל, לאָמיר זיי אָנרופֿן רבקה און יהושע ווייסבוים, וואָס האָבן גערעדט אַ שטרענג־מאַרקסיסטישע עברית, און האָבן איר דאָך דערציילט, ווי אַזוי זיי האָבן דאָ ניט לאַנג מיטגעבראַכט מיט זיך אַ ביסל אָפּגעשפּאָרטן גאָלד פֿון פּוילן.

איך מיין אַז עס איז כדאי צו מאַכן אַ שטיקל אָפּווייך פֿון דער טעמע און דערציילן נאָך עפּעס וועגן דעם דאָזיקן פּאָרל.

יהושע ווייסבוים איז געווען אַן אינטעליגענטער אַרבעטער — אַ שוס־טער פֿון פֿאַך — אַ שוסטער־קינסטלער.

ער האָט זיין אינטעליגענץ אַליין דערוואָרבן, אַרבעטנדיק אויף זיך. ער האָט פֿאַרמאָגט אַ גאַנץ פֿיינע קענטעניש אין מאַרקסיזם און האָט גרינטלעך געקענט באַהאַנדלען אַן ענין, סיי בעל־פּה, סיי בכתב.

דאָס שרייבן האָט אים געקאָסט מי, אָבער דאָס אָנגעשריבענע איז אָנגעקומען לייכט פֿאַר דעם לייענער.

6 יאָר איז י. ווייסבוים אָפּגעזעסן אין אַ פּוילישער תּפֿיסה פֿאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. נאָך דעם האָט ער זיך אַריבערגעכאַפּט דעם גרעניץ און זיך אָפּגעפֿונען אין ראַטנפֿאַרבאַנד. דאָרטן האָט ער ניט אָנגעזען, ניט נאָר דעם סאָציאַליסטישן גן־עדן, נאָר אַפֿילו ניט די ליכ־טיקע וועלט. ער איז געזעסן ווידער אַ מאָל פֿאַרשפּאַרט אין אַ תּפֿיסה, ביז מען האָט אים צוריק אַריבערגעשיקט איבערן פּוילישן גרעניץ, כּדי ער זאָל דאָרטן מאַכן די רעוואָלוציע.

ווי עס ווייזט אויס, האָט ער ניט געהאַט קיין גרויסן חשק דערצו און איז נאָכגעגאַנגען זיין אשת־חיל קיין טשילע.

רבקה ווייסבוים איז געווען אַ קורסיסטן. זי האָט געהאַט געשטודירט אין אויסלאַנד פֿאַרמאַציע, און ניט פֿאַרענדיקט.

אין דער מיר, זייער געבורטס־שטעטל, האָבן זיי זיך דערגענטערט ביי פּאַרטיי־אַרבעט, און צונויפֿגעפּאָרט.

אין לעבן איז די פּירערקע געווען רבקה, ניט יהושע.

זי האָט אים אָוועקגעפֿירט קיין טשילע און געוווסט מיטצוברענגען ניט זיך אַ ביסל גאָלד.

ביים אָנהויב פֿון זייער אָנקומען, איידער וואָס־וועז, האָט יהושע געאַרבעט ביי זיין פֿאַך. ער האָט געניית אָפּיצירסקע שטיוול, ווי קיינער ניט אין לאַנד.

זיינע שטיוול זיינען ווערט געווען אַרויסגעשטעלט צו ווערן אויף דער „וויסטאַווע", און זיינען טאַקע אַרויסגעשטעלט געוואָרן אין דעם שויפענצטער פון דעם עלעגאַנטן שוכוואַרג־געשעפט פאַר מיליטער־לייט פון סאַנטיאַגאָ.

לאַנג איז אָבער ווייסבוים ביי די שטיוול ניט געזעסן.

זיין ווייב האָט זיך דערוויייל אַרומגעקוקט, וואָס קען מען דאָ אויפטאָן אין דעם נייעם לאַנד.

צו דער פּראָגרעסיווער־געזעלשאַפט האָבן זיי געגרן געהערט, אָבער ניט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זיי האָבן זיך באַפרידיקט מיטן זיין אָרטאָדאָקסיש־מאַרקסיסטיש אין די דעבאַטן פון דער אינסטיטוציע.

דאָרטן האָט זיך רבקה ווייסבוים באַפריינדט מיט בנימין בערקאָוויטשן.

ב. בערקאָוויטש איז געהאַט געקומען ניט לאַנג פון מענדאָסאַ, אַרגענטינע. ער איז געווען אַ טראָצקיסט, מיט אַ בענקשאַפט אומצוקערן זיך קיין רוסלאַנד. גאָר דערווייילע וואָס־ווען, איז ער אַראָפּגעקומען קיין טשילע.

פון פאַך איז ער געווען אַ באָנדאַר. קיין אַרבעט האָט אים ניט געפעלט, ניט אין מענדאָסאַ, ווו עס זיינען געווען אַ סך וויין־פּלאַנטאַציעס, ניט אין טשילע, דאָס לאַנד פון וויין.

ער האָט אין מענדאָסאַ געהאַט אַ פאַבריק פון וויין־פעסער און נאָך אַ גרעסערע אין סאַנטיאַגאָ.

ער האָט אין אַ קורצער צייט אַרום אויפגעגעבן זיין פעסער־פאַבריק און זיך גענומען צו הייזער־בויעריי.

ב. בערקאָוויטש האָט געלעבט אַן אָפּגעזונדערט לעבן, באַשיידן, ווי אויף דער וויל. זיין שטוב האָט אויסגעזען ווי האַלב מאָבלירט. ער איז געווען אַן אומרויִקער און זיך תמיד געקליבן פון איין אָרט אויפן צווייטן. ער איז געווען זייער אַן אָנגעלייענטער. ער האָט מערסטנס געלייענט שפּאַניש, און געדענקט וואָס ער האָט געלייענט.

זיין שוואַכקייט איז געווען, ריידן. און איז ווער עס איז אַריינגעפאַלן צו אים, איז יענער געווען אַ קרבן. פון וואָס ריידן? ניט וויכטיק. עס האָט געקענט זיין וועגן פּאָליטיק, וועגן ביכער, אָדער וועגן מענטשן.

ער האָט געקענט איבערגעבן דעם סיפּור־המעשה פון אַ גאַנצן בוך וואָס ער האָט געלייענט.

ער האָט אין גיכן פאַרלאָזן דעם הייזער־בויען און איז אַוועקגעפאָרן אויפן דרום פון לאַנד, פון וואַנען מען שיקט דעם טשילענער וויין איבער

דער גאַנצער וועלט. ווי עס ווייזט אויס, האָט עס אים געצויגן צו זיין פאַך.

אַז ער פלעגט אַ מאָל אַראָפּקומען פון דאָרטן, פון דעם שטעטל קאָניעטע, ווו ער האָט געוווינט, — ווו עס איז ניט געווען, אויסער אים, איין ייד — פלעגט ער נאָך מערער ריידן.

ער איז אַ מאָל אַראָפּגעקומען צו מיר אין אַן אין דער פרי, גלייך פון באַן. ער האָט אַזוי מיט מיר אָפּגעשמועסט פון 9 אַ זייגער ביז 1 ביי טאָג. איך האָב געשלאָסן מיין געשעפט און געגאַנגען עסן מיטאָג. בערקאָוויטש האָט נאָך אַלץ גערעדט. איך האָב אים שוין איינגעלאַדן צו זיך. ביי מיטאָג האָט ער ווייטער ממשיך געווען מיט זיין ריידן. עס איז געוואָרן 3 אַ זייגער. ער האָט מיך ווידער באַגלייט אין געשעפט אַריין און אַזוי אָפּגערעדט ביז אין אָוונט אַריין, ביז איך האָב געשלאָסן די קלייט.

עס איז קיין וווּנדער ניט. די הכנסה איז געווען אַ גרויסע — ער האָט אַ סך געטראַכט און געלייענט — און קיין הוצאות איז ניט געווען — ער פלעגט אָפּלעבן חדשים און ניט האָבן מיט וועמען אַ וואָרט אַרויס־צוריידן — האָט ער זיך אויסגעלאָדן.

דער סוף איז געווען, אַז ער האָט זיך שוין מער ניט אומגעקערט קיין רוסלאַנד און האָט אויפגעהערט צו בייטן זיין אַרבעט און זיין וווינאָרט. ער איז געווען צופרידן צו לעבן במנוחה אין דעם ווייטן קאָניעטע, ווו ער איז געשעצט געוואָרן פאַר זיין וויסן און פאַר זיין שטאַנד, און ווו ער איז שפּעטער געשטאָרבן, ניט קומענדיק צו קבר־ישראל, ווייל ער איז געווען דער איינציקער ייד פון דעם דאָזיקן שטעטל.

איידער בערקאָוויטש האָט נאָך פאַרענדיקט מיט זיינע בוי־געשעפטן אין סאַנטיאַגאָ, האָט ער די ווייסבוימס אַריינגעפירט אין דער בראַנזשע.

רבקה איז גאָר אין גיכן געוואָרן אַ מומחה אין דעם דאָזיקן געשעפט. זי אַליין איז געווען די משגיחטע אויף דער אַרבעט און אויף דעם מאַ־טעריאַל, און איר מעגט זיין זיכער אַז פון איר אויג איז ניט פאַרהוילן געוואָרן, ניט קיין טשוועקל און ניט קיין שרייפל. ביי איר איז אַלץ געווען געמאָסטן, געוויגן און אָפּגעציילט.

און כדי בעסער אָפּצוהיטן די בוי־מאַטעריאַלן, האָט דאָס פּאָרפאָלק געוווינט אין אַ צוזאַמענגעשטעלטן צעלט, ביי דעם בנין וואָס זיי האָבן געבויט.

פריער האָבן זיי געבויט איינציקע שטיבער און נאָך דעם גאַנצע

סעריעס. פון זייער בויען האָבן זיי אָפּגעשפּאָרט הייזער און געלט, און אויסגעגעבן האָבן זיי וויניק, זיי האָבן געלעבט באַשיידן.

צום שבח פון די ווייסבוימס דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אין פאַרהעל־טעניש מיט דעם וואָס זיי פלעגן אויסגעבן פאַר זיך, האָבן זיי געגעבן גאַנץ פיינע באַשטייערונגען פאַר דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, סיי אויף דער יידישער גאַס, סיי אויף דער ניט־יידישער.

יהושע ווייסבוים איז געווען אַ גאָר פיינער, אויפריכטיקער און ערלעכער מענטש — אַ מענטש מיט געוויסן. ער איז פעיִק געווען זיך מודה צו זיין אויף אַן אמת.

אין סוף פון די פערציקער יאָרן האָב איך מיט אים אַ מאָל גערעדט — ווי מען זאָגט עס אין טשיילעניש — אויף נאַקעט.

איך האָב צו אים געזאָגט:

— ס׳טייטש, חבר ווייסבוים, וואָס רעכנט איר זיך? איר זיינט צוויי מענטשן אָן קינדער און אָן ריגדער. געלט האָט איר שוין, ניט איבער־צוציילן. פון דעם אינטערעס פון אייער געלט און פון דעם רענט פון אייערע הייזער, פאַרלעבט איר ניט אַפילו קיין 20 פּראָצענט. טאָ וואָס וועט זיין דער תכלית דערפון? פאַר וועמען וועט איר דאָס אַלץ איבער־לאָזן? אַ מענטש לעבט דאָך ניט אייביק.

— איך האָב שוין געטראַכט וועגן דעם. מיר רעכענען צו מאַכן אַ טעסטאַמענט, אַז אונדזער גאַנצער פאַרמעגן זאָל נאָך אונדזער טויט געהערן צום ראַטנפאַרבאַנד.

— אָבער וואָס רעדט איר, חבר ווייסבוים! אַזאַ רייכע מלוכה ווי דער ראַטנפאַרבאַנד דאַרף האָבן אייער געלט? דאָס איז דאָך אַ נאָנסענס. גיט בעסער דערווייל אַוועק אַ טייל פון אייער געלט, דאָ, אויף געזעל־שאַפטלעכע צוועקן. פאַראייביקט אייך מיט אַוועקשטעלן אַ יידישע אינסטי־טוציע אויף אייער נאָמען. אַט ווערן מיר דערדריקט און קענען ניט אויסהאַלטן די יידישע שלום־עליכם־שול. פאַר וואָס זאָלט איר ניט אויס־האַלטן די איינציקע יידישע שול אין טשילע?

— איר זייט גערעכט, חבר פילאָווסקי, מען דאַרף באַטראַכטן דעם ענין — האָט ער מיר געענטפערט.

ווי מיר דוכט, באַטראַכטן נאָך די ווייסבוימס עד־היום־הזה דעם ענין.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען איליאַ ערענבורג האָט כלומרשט געענטפערט אויף אַ בריוו פון אַ דייטשישן יידן, און האָט דאָרטן באַוויזן אַז עס איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי אַ יידיש פאָלק, איז פאָרגעקומען אַ דיס־

קוסיע אין דער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפט וועגן דעם בריוו. דער וויכוח איז געווען אַ העפטיקער. איך האָב אָפּגעוואָרפן דעם געמלאכהוועטן ענטפער פון ערענבורגן און באַוויזן אַז דאָ גיט לאַנג האָט דער זעלבער ערענבורג אַנדערש גערעדט, אַז בעת דער מלחמה האָט ער געשריבן מיט נביאישן פּאַטאָס און וועגן יידן האָט ער דאַך גערעדט בלשון רבים: „מיר יידן".

יהושע ווייסבוים האָט דעמאָלסט גיט געטיילט זיין מיינונג מיט זיין אשת-חייל. זי האָט פאַרטיידיקט א. ערענבורגס שטעלונג.

ווען עס איז פאָרגעקומען דער שלאַנסקי־פּראָצעס אין פּראָג, בעת איך בין שוין אַוועק סיי פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, סיי פון דער יידישער־פּראָגרעסיווער־באַוועגונג, וואָס האָט געביטן איר נאָמען אויף „שלום־עליכם צענטער", און אַ סך פון מיינע פריערדיקע חברים האָבן זיך דערווייטערט פון מיר, האָט זיך יהושע ווייסבוים ניט איינגעהאַלטן און איז אַריין צו מיר, זיך דורכשמועסן וועגן די פּראָצעסן.

איך האָב אים אויפגעוויזן ווי לעכערלעך די אַרגומענטן קעגן שלאַנס־קין זיינען. ערשטנס פון ווען אָן איז דאָס קאָסמאָפּאָליטיזם אַ פאַרברעכן פאַר וועלכן עס קומט טויט־שטראָף. אַחוץ דעם, ווי אַזוי קען מען באַהויפּטן אַז שלאַנסקי האָט זיך פאַרקויפט צו דעם קאַפּיטאַליזם, דאַן ווען ער איז געווען געקומען צום קאָמוניזם פון אַ בורזשואַזער היים, פון אַ פאָטער וואָס איז געווען איינער פון די רייכסטע טעקסטיל־פאַבריקאַנטן אין טשעכיען.

— ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך — האָב איך געטענהט — אַז אַ מענטש זאָל מוותר זיין אויף רייכקייט, כדי זיך נאָך דעם פאַרקויפן פאַר מיזעראַבלע דרייסיק דאָלאַר? און פאַרוואָס זיינען די פּראָצעסירטע 90 פּראָצענט יידן, ווען די יידן אין טשעכיען שטעלן פאַר מיט זיך אַ נישטיקן פּראָצענט?

יהושע ווייסבוים האָט זיך פאַרטראַכט און צו מיר געזאָגט:

— ווייסט איר וואָס, חבר פילאָווסקי, עס וואָלט ניט געשאַט מיר זאָלן איינאָרדענען וועגן דעם אַן עפנטלעכע דיסקוסיע און איר זאָלט אויך אַרויסטרעטן מיט אייערע אַרגומענטן.

— ווען איר וועט דאָס פועלן ביי אייערע חברים, בין איך גרייט — איז געווען מיין ענטפער.

עס פאַרשטייט זיך אַז פון דער עפנטלעכער דיסקוסיע איז גאָרניט אַרויסגעקומען.

ניט אַזוי איז געווען רבקה ווייסבוים. זי האָט געהערט צו די אָמן־זאַגערס פון דער קאָמוניסטישער ליניע.

אין די פופציקער יאָרן האָב איך זיך אַ מאָל געטראָפן מיט אייניקע פון מיינע עקס־פּראָגרעסיווע חברים, אין הויז פון יוסף גאָלדשטיין, אויף אַ מסיבה פאַר יידישע אַקטיאָרן. דאָרטן האָבן רבקה ווייסבוים און אַנדערע פאַרטראָטן אַ שפּאָגל נייע „שטעלונג" — מסתמא צוגעפּאַסט צו דער נייער צייט — אַז די יידן האָבן זיך תמיד אויסגעצייכנט אין אָפּנאַרן און אָפּשווינדלען דעם אָרעמען רוסישן פּויער נעבעך.

איך בין פון אַזעלכע רייד געוואָרן אַזוי אויפגעבראַכט, אַז איך האָב געהאַט גאַנצע טענות צום באַלעבאָס פון שטוב, וואָס דערלויבט אַזוינס אַרויסצוזאָגן ביי זיין טיש — ביי אַ יידישן טיש.

איצט לאָמיר זיך אומקערן צו גינאַ מעדעם.

צווישן אונדז האָט זיך פאַרבונדן אַ נאָענטע פריינדשאַפט. ווי זי איז נאָר פריי געוואָרן פון אירע רעדעס, זיצונגען און אויפנאַמעס, פלעגט זי זיך קומען אָפּרוען צו מיר אַהיים. ביי מיר האָט זי ניט געפונען, ניט קיין רייכקייט, ניט קיין קאָנפאָרט, נאָר אַ פשוטע יידישע היים, וווּ עס זיינען אַרומגעלאָפן דריי יינגעלעך, געקלונגען אויף יידיש און זיך מתעסק געווען אַרום דער מוטער־קאָץ מיט אירע קעצעלעך.

ביי מיר האָט זי געפילט די וואַרעמקייט פון אַ יידישער היים אין פּוילן, צי אין ליטע.

איך האָב זייער געשעצט גינאַ מעדעם, פאַר איר באַשיידענער האַלטונג און פאַר איר באַשיידענעם לעבן.

אַחוץ סאַנטיאַגאָ האָט זי באַזוכט אַ פּאָר פּראָווינץ־שטעט.

אַ טאָג פאַר איר אַרויספאָרן אין וואַלפּאַראַיסאָ, בין איך אַהין געפאָרן כדי צוצוגרייטן דעם אָוונט.

אין דער באַשטימטער שעה, בין איך איר געגאַנגען באַגעגענען ביי דער באַן.

אַלע מענטשן פון ערשטן און צווייטן קלאַס זיינען שוין אַראָפּגעגאַנגען און זי איז ניטאָ.

איך האָב שוין ניט געוווסט וואָס איבערצוטראַכטן. ערשט פון עק פון באַן, זע איך ווי עס האָט זיך אַרויסגעפּעקלט גינאַ מעדעם, מיט איר קליינעם טשעמאָדאַנטשיק אין דער האַנט.

זי האָט מיך אָנגעקוקט און אַ זאָג געטאָן:

— אַזוי איז דאָס, טייערער חבר, אויף קהלשן חשבון פֿאַר איך תמיד דריטע קלאַס.

גינא מעדעם האָט מיר געשאַצט פֿאַר מיין פּשטות, פֿאַר מיין זיין אָפֿן מיט מענטשן און פֿאַר ווען עפּעס טאָן פֿאַר אַנדערע.

**זי האָט דאָס מיר שפּעטער געשריבן אין אירע בריוו.**

זי האָט מיר אין איין בריוו געשריבן, אַז זי זעט מיר תמיד פֿאַר אירע אויגן, ווי איך שטיי אויף דער בינע, האַלט אַ רעדע און דריק צו מיט דער האַנט מיין זייט, כדי צו שטילן דעם ווייטיק פֿון דעם מאָגן־געשוויר, אויף וועלכן איך האָב געליטן.

איך האָב זיך מיט איר איבערגעשריבן איבער 15 יאָר.

אירע בריוו, מיט הונדערטער און הונדערטער אַנדערע בריוו פֿון שרייבער, אַרטיסטן, לערער, לעקטאָרן, אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייטן און בריוו פֿון סתם מענטשן, האָב איך אַוועקגעשיקט צו „ייוואָ" אין ניו־יאָרק, אין 1963, פֿאַר מיין עולה זיין קיין ישראל.

## שווער צו זיין אַ פּראָגרעסיווער ייד

אויב עס איז ריכטיק וואָס מען זאָגט אַז עס איז שווער צו זיין סתם אַ ייד, איז עס נאָך אַ סך שווערער צו זיין אַ פּראָגרעסיווער ייד — צו זיין אַ יידישער קאָמוניסט.

צו זיין אַ ייד, איז מען דאָך ניט פֿאַרבונדן מיט טעריטאָריעלער אָנגעהעריקייט. צו זיין אַ ייד דאַרף מען לעבן ווי אַ ייד, זיך האַלטן ביי יידישע טראַדיציעס, אָדער לכל־הפּחות זיך קלאַמערן אַרום דער יידישער פֿאָלקס־שפּראַך, אַרום איר קולטור, און פֿאַרמאָגן ליבשאַפֿט צום אייגענעם פֿאָלק.

וויפֿל סתירות זיינען דאָ צווישן דעם אַלעמען און זיין אַ קאָמוניסט. האַלט איר זיך פֿעסט ביי דער יידישער שפּראַך און איר קולטור — זיינט איר רחמנא ליצלן אַ יידישיסט און אַ קולטורניק. טאָמער האָט איר שטאַרק ליב אייער פֿאָלק — זיינט איר אַן אתה־בחרתנוניק.

די רוסן מעגן זיך באַרימען, אַז רוסלאַנד האָט אַרויסגעגעבן די גרעסטע אַנטדעקער און דערפֿינדער. טאָמער זאָגט עס אַ ייד, איז ער אַ שאָוויניסט און וואָס ניט!

מען מעג זיין אַ סאָוועטישער פּאַטריאָט, אָבער מיט יידישן פּאַטריאָ־טיזם דאַרף מען זיך באַהאַלטן. דאָס הייסט דאָך נאַציאָנאַליזם.

און אין די דאָזיקע סתירה ווערט צעריסן און צעבראָקלט די יידישע נשמה. דער יידישער קאָמוניסט רעדט אָפּט קעגן דעם אין וואָס ער גלויבט אין די טיפענישן פון זיין נשמה.

אַזוי פאַרשמירן און אויסקרימען דעם אייגענעם יידישן פּנים, זוי עס קענען דאָס די יידישע קאָמוניסטן, קענען דאָס קיין שום קאָמוניסטן אויף דער גאַנצער וועלט, צו וועלכע אומה ולשון זיי זאָלן ניט געהערן.

ווער האָט ניט געקאָנט אין טשילע דעם יידישן קאָמוניסט, משה געלמאַן — אַן ענטוזיאַסט און אַ פרומער פאַנאַטיקער, וואָס איז פּשוט געקראָכן פון זיין אייגענער הויט אַרויס ?

משה געלמאַן איז געווען מיינער אַ לאַנדסמאַן. איך האָב זיך מיט אים באַקענט, גלייך ווי איך בין אָנגעקומען קיין טשילע. בעסער גע־זאָגט, — ער האָט מיך דערקאָנט. ער האָט מיר אַ מאָל געהערט ריידן אויף אַ פאַרזאַמלונג אין פּאָלטאַווע.

ער מיט זיין אַ שוועסטער זיינען געשטאַנען אויף סאַן־דיעגאָ מיט אַ גאַלאַנטעריי־געשעפט. עס האָט זיי אָפּגענומען זייער אַ ברודער, וואָס איז געקומען אין לאַנד נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

זייער ברודער איז שוין געווען אַן אויסגעמישטער צווישן איטאַ־ליענער. צווישן יידן האָט איר אים קיין מאָל ניט געזען. ער איז געווען צופרידן מיט זיין גורל. ער האָט גאָרניט געזוכט.

**געלמאַן און זיין שוועסטער זיינען געווען רוסיש־ריידנדיקע. זיי האָבן דערמיט געגלאַנצט — כאָטש משה האָט גערעדט אַ רוסיש מיט אַ ווילנער אַקצענט און אַ געזונטן ווילנער יידיש.**

ער איז געווען אַן אומרויקער בחור. ער האָט זיך געוואָלט אויפהויבן העכער ווי ער איז געווען און ניט געהאַט קיין כוח.

אין פּאָלטאַווע, ווו ער איז פאַרטראָגן געוואָרן צוזאַמען מיט זיין משפּחה, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ער געווען אַ „קאָמסאָמאָלעץ״, און דאָ, אין טשילע, איז ער דערווייל, איידער וואָס־ווען, געוואָרן אַ מיטגליד אין דער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע אויפן נאָמען פון לייב יאַפע.

**איך בין געווען זיין מסית ומדיח. איך בין דאָס געווען לפּי תומי.** איך האָב צו אים געזאָגט:

— אָבער משה, ווי פּאַסט זיך דאָס ציוניזם מיט קאָמוניזם? — אָדער, אָדער.

ער האָט זיך געכאַפּט און איז אַרויסגעטראָטן פון דער יוגנט אָר־גאַניזאַציע „לעאָן יאָפע״.

מ. געלמאַן האָט ניט געלערנט קיין פּרק און דאָך האָט ער געהאַלטן פון דעם „עשה לך רב״. ער האָט געמוזט האָבן אַ רבין, ווייל ער האָט אין עפּעס, אָדער אין וועמען, געמוזט גלויבן און אַריינפאַלן אין עקסטאַז. ער האָט עס ניט געקענט טאָן סתם, אַבסטראַקט. ער האָט געמוזט האָבן פאַר זיינע אויגן אַן אָביעקט, וואָס פאַרקערפּערט זיין גלויבן.

די ערשטע צייט, בין איך געווען זיין רבי. נאָך דעם איז דאָס גע־וואָרן ישראל ריטשקער, שפּעטער האָט ער זיך געמאַכט גוישע רביים — אַבי רביים.

ער האָט געלעבט אין שטענדיקער שפּאַנונג. ער האָט געוואָלט אַרויס־רופן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט.

ווען ער איז אַרומגעגאַנגען מיטן „פּעקל״ אויף די פּלייצעס, ווי אַ „סעמאַנאַלטשיק״, האָט ער, דער געוועזענער „קאָמסאָמאָלעץ״ געוואָלט אַרויסרופן צו זיך באַדויער און וווּנדער, האָט ער זיך אָנגעגעבן פאַר זיינע אָרעמע קליענטן פאַר אַ געוועזענעם רוסישן נאָבל־מאַן.

דאָס איז ביי אים ניט געווען קיין גרויסקייט־מאַניע, נאָר אַ מין פאַנטאַזיע, ניט צו זיין דאָס וואָס ער איז אין דער ווירקלעכקייט.

ער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט. ער פּלעגט זיך ניט קענען געזעגנען מיט אַ פּעזע. ער האָט ניט געקאָנט — כאָטש טוט אים עפּעס.

שפּעטער, אין זיינע רייפערע יאָרן, ווען ער האָט פאַרקערט אין דער יידישער־פּראָגרעסיווער־געזעלשאַפט, איז געווען צרות מיט אים. טאָמער האָט מען געגומען ריידן וועגן אַ געלט־קאַמפּיין, פּלעגט ער זיך נעמען דרייען אויפן בענקל, און זיין קעגן דעם, ווייל — האָט ער געטענהט — מיט די געלט־זאַמלונגען וועט מען פאַרטרייבן די חברים. עס איז אויסגע־קומען, ווי ער וואָלט געליטן אויף אַן אַלערגיע, געלט צו געבן.

דאָך האָט משה, אין זיינע יונגע יאָרן, באַוויזן אַ גבורה. ער האָט געווונען דעם הויפּט־טרעפער פון 20.000 פּעזעס און ער האָט עס אַוועק־געגעבן זיין שוועסטער. דאָס געלט האָט איר געקלעקט צו מאַכן אַ רייזע קיין ווילנע און פון דאָרטן זיך אומקערן אַ התונה געהאַטע.

געלמאַן געהאַט זיין צימער אין פּענסיאָן ניט ווייט פון מיר און איז געווען אַ יוצא ונכנס ביי מיר אין שטוב.

ער איז תמיד ארומגעגאַנגען אַ האַלב־הונגעריקער, אַ זשעדנער און אַ פאַרשמאַכטער.

דאָס ערשטע וואָס ער פלעגט צו מיר זאָגן, ביים אַריינקומען, איז געווען:

— אָבער וואָס ווילט איר פון מיר, יאַנקל? אַז איך בין ניט קיין ייד. איך וויל ניט זיין קיין ייד.

— ווער בעט אייך דען איר זאָלט זיין אַ ייד. אדרבה זייט אַ גוי. גייט צו די גויים. ווער לאָזט אייך דען ניט? איך זאָג אייך אָבער, אַז ווען מען וועט אייך אַפילו טרייבן פון יידן, וועט איר אַלץ קומען צו זיי.

— יידן, שמידן, וואָס הערט זיך עפעס מיט אַ שטיקעלע געפילטע פיש, מיישקע? איר וואָלט געוועזן אַ בעלן?

— אַ שטיקעלע געפילטע פיש? — פלעגט ער זיך נעמען רייבן די הענט איינע אָן דער אַנדערער — אַ שטיקעלע געפילטע פיש, אוי, אַ מחיה.

משה פלעגט שטאַרק הנאה האָבן פון אַ יידישן ביסן, האָט ליב געהאַט צו שפילן יידישן טעאַטער און גאָר געקלעפּט צו יידן.

בעת איבאַניעזעס דיקטאַטור, איז ער אויסגעוואָקסן צו אַ „העלד". ער איז געזעסן עטלעכע טעג אין תפיסה און זיין רעוואָלוציאָנערער פּרעסטיזש האָט זיך געהויבן.

ער האָט געהערט צו די אמן־זאָגערס, און איז געשפּרונגען קדוש אַנט־קעגן יעדער אָנווייזונג פון דער פּאַרטיי, וועלנדיק זיך אַליין אַריבער־שפּרינגען.

אין 1940 איז ביי מיר געבוירן געוואָרן מיין מיזיניק.

איך האָב מיינע קינדער מל געווען, גאָר אָן צערעמאָניעס — צווישן דער משפחה. צו דעם ברית פון מיין מיזיניק זיינען געקומען מיין ברודער און צוויי שוואָגערס. עס איז געווען אַרום 12 אַ זייגער. דער מוהל האָט געדאַרפט אָנקומען איינס.

מיין יינגערער שוואָגער, יונה ע"ה, האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— און ווער וועט זיין קוואַטער, יאַנקל?

— וואָס הייסט ווער? — ווער עס וויל. ווילסט, זיי דו מיט דיין ווייב.

— אפשר וואָלסטו מכבד געווען מיישקען מיט קוואַטער?

— דו מיינסט עס ערנסט, צי דו שפּאַסט? ווייסטו וואָס, אויב משה וועט עס אָננעמען, איז בכבוד גדול.

מיין שוואָגער איז ניט פויל געווען, איז צו צום טעלעפאָן און צו אים אָנגעקלונגען.

עס האָט ניט געדויערט קיין 20 מינוט, ווי משה איז אָנגעקומען מיט זיין ווייב, מיט אַזאַ צעשטראַלטן און צעשמייכלטן פנים, אַז זיינע ליפּן האָבן דערגרייכט אַזש ביז צו די אויערן.

משה און זיין פרוי האָבן זייער קוואַטערשאַפט אָנגענומען ערנסט. צו יעדן געבורטסטאָג פלעגט מיין מיזיניק באַקומען פון זיי אַ מתנה, און ער פלעגט זיי באַזוכן.

געלמאַן האָט מיך אומגעביטן אויף אַנדערע רביים, ווייל איך האָב אים ניט ליב געהאַט און ניט געהאַסט.

איך האָב אים ניט ליב געהאַט, ווייל ער האָט ניט פאַרמאָגט קיין בולטע שטריכן, צוליב וועלכע מען זאָל אים קענען ליב האָבן, און איך האָב אים ניט פיינט געהאַט, מחמת איך בין צוגעגאַנגען צו אים מיט דער קריסטלעכער מאָראַל פון — שטראָף אים ניט גאָט, ווייל ער ווייסט ניט וואָס ער טוט.

נאָך דעם ווי איך האָב פאַרלאָזן די קאָמוניסטישע פאַרטיי, צוזאַמען מיט דער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפט, פלעגט ער נאָך צו מיר אַריינקומען. מיר פלעגן דיסקוטירן, הייס.

בעת די פּראָגער פּראָצעסן פון 1952, איז ער איין מאָל אַריינגעקומען צו מיר. וועגן וואָס האָט מען גערעדט? — וועגן די פּראָצעסן.

**איך האָב אים געוואָלט איבערצייגן, אַז זיי זיינען אַ גוט צוגעגרייטער יוסטיץ־מאָרד.**

**צווישן אַנדערן, האָב איך אים געשטעלט אַ קשיה:**

— זאָגט נאָר מיר, משה, ווי איז דאָס מעגלעך אַז צווישן 13 פּראָ־ **צעסירטע זאָלן פונקט זיין 11 יידן? דאָס איז דאָך אַ גוואַלדיקע דיספּראָ־** פּאָרציע, נעמענדיק אין באַטראַכט דעם קליינעם צאָל יידן וואָס טשע־ כאָסלאָוואַקיע פאַרמאָגט.

ער האָט לאַנג ניט געטראַכט און אַ זאָג געטאָן:

— וואָס פאַרשטייט איר דאָ ניט, יאַנקל? גאָר פשוט: די יידן האָבן ליב די פּעזע.

דאָ האָב איך אויפגעפּלאַצט. די קריסטלעכע מאָראַל מיינע איז ביי מיר אויסגערונגען און איך האָב אויסגעשריען:

— משה, מער זאָל אייער פוס מיין שוועל ניט אַריבערטרעטן.

איך האָב דאָס געזאָגט אין אַזאַ טאָן, אַז ער האָט געפאָלגט.

אַז ער פּלעגט מיך פון דאַן אָן טרעפן אין גאַס, האָט ער אויסגע־דרייט דעם קאָפּ. ער האָט מיך מער ניט געקענט קוקן גלייך אין די אויגן.

משהס טרוים צו זען דאָס לאַנד פון זיינע חלומות, איז סוף־כל־סוף פאַרווירקלעכט געוואָרן. אַרום 1957, נאָך דער אַנטדעקונג פון סטאַלינס רציחות, ווען דער אייזערנער פאָרהאַנג האָט זיך אַ ביסל געעפנט, האָט ער באַזוכט ראַטנפאַרבאַנד.

ווי מען האָט מיר דערציילט, האָט ער זיך ניט אויפגעהערט צו פאַסמאַקעווען פון רוסלאַנד.

משה האָט זיך נאָר געקענט באַגייסטערן פאַר עפּעס. צו אויסדריקן די סיבות פון זיין באַגייסטערונג, איז ער ניט געווען בכוח.

און אפשר — ווער ווייסט — האָט ער זיך געקניפּט די באַקן, די פאַרב זאָל שטיין. אפשר האָט ער זיך אַליין פאַרוויגט אין דעם פריערדיקן חלום וועגן רוסלאַנד, ווייל ער האָט אויך דערציילט אַז זיין ברודער יעקב, דעם גענעראַל, (אַז איר ווילט, קען איך אייך אַ ביסל אַראָפּלאָזן פון זיין טשין), האָט ער אין רוסלאַנד צווישן די לעבעדיקע ניט געפונען. ער איז ליקווידירט געוואָרן אין דער צייט פון דער סטאַליניסטישער, בלוטיקער שחיטה.

משה איז אין אַ קורצער צייט אַרום נאָך זיין אומקערן זיך פון רוסלאַנד ערנסט קראַנק געוואָרן.

און ווען ער האָט געזען אַז זיינע לעצטע טעג גייען אויס, האָט ער געשיקט רופן דעם פּרעזידענט פון דער חברה־קדישא פון סאַנטיאַגאָ און האָט צו אים געזאָגט כהאי לישנא:

— סעניאָר פּרעזידענטע! איך האָלט שמאָל. מיינע טעג זיינען געציילטע. וואָס מיר זיינען זיינען מיר, אָבער יידן זיינען מיר. בעט איך אייך, איר זאָלט מיר צוזאָגן, אַז איר וועט גוט באַהאַנדלען מיין ווייב און איר ניט באַרייסן.

משהס לוויה איז טאַקע געווען אין קאָמוניסטישן גייסט — מיט רויטע פאָנעס און מיט רעדעס, אָבער זי איז פאָרגעקומען אויפן יידישן בית־עולם פון קאָנטשאַלי.

* * *

לאָמיר אייך דערציילן אַ „מעשה־נורא" וועגן אַ יידישן קאָמוניסט, וואָס גרעניצט זיך מיט ציינישן חוזק. דער דאָזיקער קאָמוניסט איז אַ מאָל

געווען אַ שלאָסער־אַרבעטער — אַ גאַנץ אינטעליגענטער מענטש. ער איז בכלל געווען אַ נוח־לבריות און זייער ווייט פון פרומען פאַנאַטיזם. ער איז געווען געגליכן צו אַ יידישן קליין־שטעטלשן יונגערמאַן, וואָס איז געוואָרן אַן אַפּיקורס, אָבער ער האַלט שטאַט, גייט שבת אין שול אַריין און רייסט ניט איין די קאַפּאָטע. ער פלעגט אַ סך מאָל מודה זיין אויף אַן אמת און אַ מאָל דורכלאָזן אַ קאָמוניסטישן „דאַווענען".

אָט דער דאָזיקער קאָמוניסט, וואָס האָט אַ מאָל פאַרזוכט אַ בלעטל גמרא אין אַ ישיבה, האָט חתונה געהאַט פאַר אַ קריסטלעכער פרוי.

ער האָט געהאַט איין איינציקן זון, וואָס איז געשטאַנען אין שדוכים.

איצט הערט אַ מעשה: דער בחור האָט זיך דווקא פאַרליבט אין אַ יידישער טאָכטער.

די עלטערן פון דעם מיידל האָבן פאַרלאַנגט נאָר אַ יידישע חתונה, כדת משה וישראל — אַז ניט איז אויס שידוך.

האָט זיך דער זון פון דעם יידישן טאַטן, דעם קאָמוניסט, און פון דער קריסטלעכער מאַמע, געמוזט יידישן. און זי, דעם קאָמוניסטס קריסט־לעכע פרוי, האָט זיך געמוזט מגיר זיין, כדי זיי זאָלן קענען פירן זייער זון צו דער חופּה.

* * *

מיר איז אַ מאָל אויסגעקומען צו מאַכן אַ שפּאַציר איבער וואַלפּאַ־ראַיסאָ, מיט אַ יידישן אַדוואָקאַט, פּאַרטנאַי, וואָס איז געווען אַ קאָמו־ניסט.

מיר האָבן פאַרגעזעצט די דיסקוסיע וואָס איז מיט אַ טאָג פריער געפירט געוואָרן אין דעם יידישן פאַראיין פון וואַלפּאַראַיסאָ, צי יידן זיינען אַ פאָלק, צי ניין.

פּאַרטנאַי האָט געוואָלט, מיט אַלע זיינע אַדוואָקאַטישע גענג איבער־צייגן, אַז יידן זיינען ניט קיין פאָלק. און הינטער אונדז, האָט זיך גע־בריקעוועט אין שויס פון דעם אַדוואָקאַטס ווייבל — וואָס איז געווען אַ טאָכטער פון אַ קריסטלעכער מאַמען און אַ יידישן טאַטן — איר באַשניטענער יאַטל.

און טאַקע אָסקאַר האַלפּערן אַליין, וועגן וועמען מיר האָבן שוין פריער אַ ביסל דערציילט: ווער קען דאָס ניט אין סאַנטיאַגאָ דעם גוטן, ליבהאַרציקן און אפשר ניט צופיל גליקלעכן — הבר אָסקאַר האַלפּערן?

דער בן־הרב א. האַלפּערן האָט החונה געהאַט מיט אַ קריסטלעכן מיידל. אַ פּרנסה האָט ער דווקא א יידישע, ער איז אַ פאַרזיכערונגס־אַגענט. ער האָט זיך ניט אַרויפגעאַרבעט — ער גיט זיך צו פיל אָפּ מיט געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט.

זיינע קינדער האָט ער דווקא געגעבן עכט יידישע נעמען. זיין עלטסטער זון הייסט ישראל־קדיש, אַ נאָמען נאָך זיין טאַטן דעם רב.

ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינע פּרינציפּן. זיינע זין האָבן ניט קיין „סמן״ פון יידישקייט.

וואָס טוט גאָט — אָדער ווי די ניט גלויביקע וואָלטן געזאָגט — די איראָניע פון גורל! — איינער פון זיינע זין, חיים, האָט אים אָפּגעטאָן אויף טערקיש. אין איין טאָג האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק קיין ישראל. ער איז דאָרטן אַריין אין אַן אַגראַר־שול.

און אָט דער דאָזיקער זון, זיין חיים, „פאַרשוואַרצט״ אים פשוט דאָס פנים — ער טוט אים אָן „חרפות״ און „בושות״.

אַ רעזערוו־זעלנער פון צה״ל, וואָס קומט פון טשילע, האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט זיך געטראָפן מיט אַ טשילענער בחור, האַלפּערן, אויף די שלאַכט־פעלדער פון דער זעקס־טאָגיקער מלחמה, און דער דאָ־זיקער בחור האָט זיך געשלאָגן ווי אַ העלד.

חיים האָט זיך געמוזט גוט שלאָגן קעגן די אַראַבער, וואָרעם, אַז ניט, וואָלט ער שוין געוואָרן אָפּגעווישט פון דער ערד, און זיין טאַטע, אָסקאַר, דאַרף נעבעך אין טשילע רחמנות האָבן אויף די געשלאָגענע אַראַבער, וואָס זיינען אָנגעגריפן געוואָרן דורך די ישראלדיקע אַגרעסאָרן — צווישן זיי זיין זון!

* * *

איך וויל דאָ איצט דערציילן וועגן אַן עפּיזאָד וואָס האָט פּאַסירט אין 1936.

די פאַראייניקטע־פּראָגרעסיווע־יידישע־געזעלשאַפט האָט דאַן איבער־געלעבט איר האָניק־פּעריאָד. די הברים האָבן נאָך ניט געקאָנט אַזוי גוט איינער דעם אַנדערן און געגאָסן פון דעם דערקענטעניש־נייגער און פון וועלן באַווייזן זיך, יעדער איינער מיט זיינע מעלות.

דער עלטסטער פון אַלע אַקטיווע הברים איז געווען יצחק דיווינעץ. י. דיווינעץ איז געווען אַ ייד אַ גבר, טאַקע „משכמו ומעלה״. ער

האָט פאַרמאָגט אַ פּאָר גוט־געפּלעגטע, גלאַנציק־שוואַרצע וואָנצעס, ווו עס האָט זיך שוין פאַרגנבעט אַ ווייס הערעלע. די וואָנצעס האָבן צוגעגעבן ערנסט זיין פּנים.

ער איז געווען אַ גוטמוטיקער יידישער פאָלקס־מענטש, מיט אַ באַ־דערפעניש אָוועקצוגעבן פאַר עפּעס — אָדער פּאַר וועמען עס איז — זיין נשמה. אָבער אויף זיין אויסערלעכקייט האָט זיך דאָס ניט אָנגעזען.

זיין פרוי איז געווען די צאַרטקייט אַליין. יאָרן־לאַנג האָב איך זיי געזען ביי די ניי־מאַשינען. זיי האָבן געאַרבעט ביי דאַמען־קליידער־באַפּוצונג. זיי זיינען געווען פון די געציילטע יידישע האָרעפּאַשניקעס אין טשילע.

זיי האָבן שטענדיק געוווינט אין די פּאָר צימערן וואָס האָבן זיך געפונען הינטער זייער וואַרשטאַט.

זיי האָבן געפירט אַ גאָר באַשיידענעם לעבן און אויסגעהאָדעוועט פיר קינדער. צוויי טעכטער און צוויי זין.

איין טאָכטער האָט געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט און איז נאָך דעם געוואָרן די פרוי פון דעם באַרימטן פּאָעט כוליאָ באַרענעטשעאַ. די אַנדער טאָכטער האָט געענדיקט דעם פּעדאַגאָגישן פאַקולטעט. איין זון איז געוואָרן אַ סאָציאָלאָג און דער ייִנגסטער אַ מעכאַניקער.

פּלוצים איז די פרוי דיווינעץ מיד געוואָרן צו דרייען דעם פּעדאַל פון דער ניי־מאַשין, און האָט זי פאַרלאָזן צוזאַמען מיט דער וועלט און איז אַוועק רוען איר אייביקע רו.

י. דיווינעץ איז געבליבן אַליין. ער האָט אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט און גוט געוווּסט ווי צוצוגרייטן דאָס עסן פאַר זיך און פאַר די קינדער.

פאַרן טויט פון זיין פרוי, האָט די ערשטע חתונה געהאַט זייער צווייטע טאָכטער, פאַר אַ קריסט — פאַר דעם זון פון אַ רייכער שפּאַנישער פאַ־מיליע פון אינדוסטריעלער.

וואָס עס איז פאָרגעקומען ביי דער פאַמיליע דיווינעץ, האָט מען ניט געוווּסט, נאָר די פאַרהייראַטע טאָכטער איז ניט אָפט געקומען צו די עלטערן אַהיים.

דיווינעץ איז דאַן אַלט געווען אַ יאָר 55. ער איז געווען ווי דער פאָטער פון די פּראָגרעסיווע חברים. ער האָט געהאַט אַ לב־טוב און איז געווען אַ געטרייער פריינד.

אין דער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפט האָט ער אָפּגעפונען זיין ווערט.

זיין טיכטיקייט פלעגט ער אַרויסווייזן בעת אַ יום־טוב. ער האָט געהערט צו דער יום־טוב קאָמיסיע.

צו יעגער צייט האָבן זיך די חברים פון דער געזעלשאַפט געפירט באַשיידן. אַלע יום־טובים פלעגן זיי אַליין צוגרייטן, און די הכנסות פון די פייערונגען זיינען געווען גרויסע.

מיטן פראַווען די יום־טובים האָבן זיך מערסטנס פאַרנומען די פרויען. דיווינעץ איז געווען אָן אויסנאַם. ער פלעגט צוגרייטן די פליישן און די סאַלאַטן און אַליין מאַכן די סאַנדוויטשעס. אַרום דעם טיש ווו ער איז געשטאַנען האָבן די מענטשן געקלעפּט ווי די פליגן. ער האָט פיין סער־ווירט, מיט גוטסקייט און מיט פאַרגינערישקייט.

נאָך איינעם אַזאַ יום־טוב, וואָס איז פאַרגעקומען אין אַ זונטיק פאַר־נאַכט, זיינען מיר ביידע געגאַנגען צוזאַמען אַהיים.

ער איז געווען דאָס מאָל באַריידעוודיק, ניט ווי זיין שטייגער.

— איר הערט — האָט ער צו מיר געזאָגט — איך לעב היינט איבער אַ גליקלעכן טאָג. מיין חיה (זיין עלטערע טאָכטער), האָט זיך נעכטן פאַרשריבן אין „ציוויל" — און ווער כוליאָ איז (אַ פרעמירטער דיכטער, צו יענער צייט דער פירער פון דער טשילענער סטודענטנשאַפט), דאַרף איך אייך ניט דערציילן. און דאָך שפּרינגט מיר דאָס האַרץ אַרויס פונעם אָרט.

מיר האָבן זיך צעשיידט. דיווינעץ איז אַריין אין דעם יידישן פּענסיאָן פון טשאַרלעס.

פאַר וואָס דער פּענסיאָן האָט געהייסן טשאַרלעס, ווייס איך ניט. ווארעם די גאַנצע קוכערקע און מאַכערקע דאָרטן איז גאָר געווען טשאַרלעסעס פרוי, רעגינאַ. טשאַרלעסעס אַרבעט איז נאָר געווען אַרומ־דרייען זיך אַרום די טישלעך, קיבעצן מיט די מענטשן, און אַלע ווײַלע אונטערהויבן די הויזן, וואָס פלעגן זיך אַרונטערלאָזן אונטער זיין פּעסל־בויך. זומער־צייט איז ער אַ גאַנצן טאָג געזעסן אויף אַ בענקל, ביים אַריינגאַנג פון זיין קלייט. לעבן אים איז געשטאַנען אַ פּעסל מיט אייז־קרעם. ער פלעגט יעדער געוויסע צייט זיך געבן אַ כאַפּ פון בענקל, ווי איינער וואָס האָט זיך דערמאָנט אַז ער האָט פאַרגעסן אָפּצוטאָן זייער אַ וויכטיקע אַרבעט. דאַן איז ער צוגעלאָפן צום פּעסל, זיך אָנגענומען מיט שוווּנג און געגומען עס דרייען הין און צוריק, אין דעם אייז און זאַלץ ווו עס איז געשטאַנען, דער אייז־קרעם זאָל ניט צעגיין. די דאָזיקע

אַרבעט האָט ער געטאָן מיט באַזונדער השיבות און איז געווען צופרידן וואָס ער ברענגט נוצן דער וועלט.

פריער האָט טשאַרלעס געהאַט אַ רעסטאָראַן אין בוענאָס־איירעס. אַנט־קעגן דער אַריינגאַנגס־טיר האָט איר געזען אַן אויפשריפט אויף דער וואַנט: מענטש, זאָרג זיך ניט. אין זיין פּענסיאָן אין טשילע איז תמיד געווען לעבעדיק לוסטיק. דאָרטן האָט מען זיך דערוווּסט פון אַלע נייסן, פּליאָטקעס און פון אַלע „קאָפּוטשעס" (אויפגעבלאָזענע נייס). מען פלעגט דאָרטן אויך ריידן וועגן פּאָליטיק און נעמען אָבּט אויפן צימבל די „פּראָגרעסיווע".

אימיצער האָט דאָרטן פּאַרטשעפּעט דיווינעצן. דיווינעץ איז אַריבער צו די הויכע טענער, פּלוצים אַ פּאַל געטאָן, ניט אויפצושטיין מער.

דאָס איז געווען דער ערשטער טויט־פּאַל פון אַ טיכטיקן חבר פון דער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפט, פון אַן ערלעכן האָרעפּאַשניק און פּאָלקס־מענטש.

ביי אַ. האַלפּערן האָט זיך צעשפּילט די פּאַנטאַזיע.

— מען דאַרף מאַכן אַ פּראָגרעסיווע לוויה — האָט ער געטענהט.

— ווי זעט אויס אַ פּראָגרעסיווע לוויה? — האָב איך געפרעגט.

— מ'עט שוין באַטראַכטן.

איבער דער שטאָט זיינען גלייך אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז מען וועט דיווינעצן באַערדיקן איינגעוויקלט אין אַ רויטער פּאָן.

אין דער אמתן איז דאָס געווען אַ לוויה, ווי אַלע לוויות. די חברה־קדישא־לייט זיינען געקומען צו דיווינעצן אין הויז און האָבן אָפּגעטאָן דעם מת זיין רעכט, ווי מען טוט עס אַלע יידן.

עס איז נאָר פּאָרגעקומען אַ שטיקל אינצידענט. האַלפּערן איז געווען קעגן דעם אַז מען זאָל דיווינעצן איינהילן אין זיין טלית. (און אַ טלית האָט ער דווקא געהאַט אַ באַלעבאַטישן, אַ גרויסן און אַ וואָלענעם). דיווינעצס טעכטער האָבן זיך אַריינגעמישט און פּאַרלאַנגט אַז מען זאָל זייער פּאָטער יאָ איינוויקלען אין דעם טלית.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך זיך דערוווּסט אַז חיה דיווינעץ צינדט יעדן פרייטיק צו נאַכט ליכט, אין דעם הויז פון איר מיוחסדיקער קאַטוילישער שוויגער, און פּאַסט יום־כיפור.

איך בין צוגעגאַנגען צו האַלפּערן און אַ זאָג געטאָן:

— אָסקאַר, מישט זיך ניט. מען דאַרף רעספּעקטירן דעם ווילן פון די קינדער, און אַחוץ אַלעמען, וואָס אַרט אייך אַז מען וועט דיווינעצן

מקבר זיין אין אַ טלית — וועט זיין ווייניקער מיט אַ טלית אויף דער וועלט.

האַלפּערן האָט מיך אָנגעקוקט און האָט זיך באַרויקט.

די לוויה פון דיוויגעצן איז געווען ווי אַלע יידישע לוויות — מיט פסוקים פון תהילים און מיט קדיש. מען האָט אים ניט באַגראָבן אין קיין רויטער פאָן. די רויטע פאָן האָט נאָר באַדעקט זיין ארון. דער איינציקער הלוך איז נאָר באַשטאַנען אין דעם, וואָס עס זיינען ביי זיין אָפענעם קבר געהאַלטן געוואָרן עטלעכע רעדעס וועגן אים. ביז דאַנען האָט נאָך סאַנטיאַגאָ ניט געהערט קיין הספדים איבער אַ פשוטן יידן.

# יידיש טעאַטער אין טשילע

צו יענער צייט, אין די יאָרן פון דער צווייטער העלפט פון די דרייסיקער, האָבן טשילע באַזוכט אַ גאַנצע רייע יידישע אַקטיאָרן, צווישן זיי די שטראמערס און די גינטערס. די גינטערס האָבן די גאַנצע צייט אַרומגעוואָנדערט איבער דרום־ און צענטראַל־אַמעריקע.

איך האָב זיי דאַן אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס בכלל, און אויך אין דער פּרעסע.

זיי האָבן זיך ניט גערעכנט אויף אַזאַ פריינדלעכער אויפנאַמע פון מיין זייט. פון דאַן אָן האָבן מיר אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקע פריינדשאַפט. זיי האָבן אין גיכן אויסגעוואַנדערט קיין אויסטראַליע, ווו נתן האָט געהאַט אַ ברודער. ער איז דאָרטן אַריין אין ביזנעס, נאָר פון צייט צו צייט אַ מאָל מיטגעשפּילט טעאַטער. מיר האָבן זיך איבערגעשריבן, ביזן טאָג פון זיין טויט. ער פלעגט מיר אָפט צושיקן גאַנץ געלונגענע פעליעטאָנען, מיט חן און הומאָר, וואָס איך האָב זיי גערן געדרוקט אין דער טשילענער יידישער פּרעסע.

דאַן האָט אויך צום ערשטן מאָל באַזוכט טשילע, זיגמונט טורקאָוו, צוזאַמען מיט אסתר פּערלמאַן.

מיר האָבן אסתר פּערלמאַנען געקענט פאַר אַ ברעגענדיקער סוברעטין, פאַר אַ טענצערין, אַ שפּרינגערין, און ביי דער זייט פון ז. טורקאָוו האָבן

מיר דערזען פאַר זיך אַן אַנדער פּערלמאַן, אַ דראַמאַטישע אַקטריסע, מיט געמאָסטענע טריט און באַוועגונגען, און מיט אַ רויִקן טאָן.

איך האָב דאַן ניט אַזוי באַווונדערט איר פיינעם שפּילן, ווי דעם כוח אירן, זיך צו קענען אַזוי באַהערשן און צוימען.

ז. טורקאָוו האָט דאַן געצויגן צו זיינע ספּעקטאַקלען אַ טייל פון די סאַנטיאַגער ליבהאָבער. מיר איז דאַן אויסגעקומען צו זען אין אים, ניט נאָר דעם פיינעם רעזשיסאָר, נאָר אויך דעם קולטור־מענטש און איידלמאַן.

טורקאָוו איז דאַן, מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק, געווען אַ שטיק קוועק־זילבער, — די אומרו אַליין.

אַזאַ איידעלע האַלטונג און פיינע באַציונג צו ליבהאָבער ווי איך האָב געטראָפן ביי אים, האָב איך מער קיין מאָל אין מיין לעבן ניט באַגעגנט — ניט פריער, ניט שפּעטער — ביי יידישע אַקטיאָרן אָדער רעזשיסאָרן.

איך בין געווען געוווינט צו זען ווי דער יידישער רעזשיסאָר פלעגט ווען באַווייזן זיין „גרויסקייט״ מיט זיין דעספּאָטיזם צו די אַקטיאָרן אָדער ליבהאָבער, מיט וועלכע ער האָט געהאַט צו טאָן.

אַזעלכע מיני רעזשיסאָרן האָבן געמיינט, אַז מיט זייער זידלען זיך, אַז מיט זייערע גראָבע רייד הינטער די קוליסן, וועלן זיי באַווייזן זייער העכערקייט איבער אַלעמען מיט וועמען זיי פלעגן האָבן צו טאָן.

טורקאָוו איז צו זיין רעזשיסירן צוגעגאַנגען, ווי צו אַ מלאכת־הקודש, און זיינע מיטשפּילער האָט ער באַהאַנדלט ווי מענטשן. די הינטער־קוליסן זיינען ביי אים געווען שטאַרק אָפּגעהיט.

איין מאָל נאָר האָב איך אים געזען אַרויסגיין פון די כלים, ווען א. פּערלמאַן האָט בשום אופן ניט געקענט אַרויסברענגען עפּעלבאַום, נאָר עס איז ביי איר אַרויסגעקומען עפּלבוים.

# איך גיב אַרויס מיין ערשטן בוך

אין 1937, האָב איך אַרויסגעגעבן, אויפן אייגענעם חשבון, מיין ערשטן בוך, „פון טשילע״.

אויפן פאָדער־בלאַט פון „פון טשילע״ שטייט אַפילו: אַרויסגעגעבן פון דער „כאַראַייניקטער־פּראָגרעסיווער־יידישער־געזעלשאַפט״, אָבער דאָס איז נאָר געווען לבוי. וואָס שייך די קאָסטן, זיינען זיי געגאַנגען אין גאַנצן

אויף מיין השבון.

קיין גרויסער גביר בין איך דאַן ניט געווען, קיין דערפאַרנקייט אין אַרויסגעבן ביכער האָב איך אויך ניט געהאַט — האָב איך אויפן אויסער־לעכן אויסזען ניט געלייגט קיין שום אַכט.

„פון טשילע״ איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויפן ביליקסטן פּאַפּיר, מיט אַ צו קלײנעם שריפט, און עס איז אַפילו ניט אָנגעגעבן געוואָרן זיין איינהאַלט.

דאָס בוך איז אויסגעזעצט געוואָרן פון אַ קריסט, מיט דער האַנט, אין דער זעלבער דרוקעריי ווו מיר האָבן אַרויסגעגעבן די וואָכנשריפט „אונדזער לעבן״.

מען דאַרף דערצו צוגעבן, אַז אין דעם גאַנצן בוך געפינט איר ניט קיין איין דרוק־פעלער.

די הילע האָט געצייכנט מיין גוטער חבר און פריינד, אברהם הירש, אַן עסטרייכישער ייִד וואָס האָט זיך „מגיר״ געווען צווישן אונדז און האָט זיך אַפילו אויסגעלערנט אָנצושרייבן אַן אַרטיקל אין ייִדיש.

זיין הילע איז אַרויסגעקומען גאַנץ געראָטן, ניט ערגער ווי ביי אַ פּראָפעסיאָנאַל.

איך בין דאַן געווען אַזוי באַזיז, אַז איך האָב דאָס בוך אַרויסגעגעבן אין 2.000 עקזעמפּלאַרן.

צום גליק זיינען מיר פון זיי פאַרבליבן ניט מער ווי אַ פופצן־צוואַנציק.

איך בין צוגעטראָטן צום אַרויסגעבן „פון טשילע״, מיט אַ ציטער אין האַרצן. איך האָב פון קיינעם ניט געהאַט קיין סטימול צום שרייבן און נאָך ווייניקער צו אַרויסגעבן אַ בוך.

איך האָב געצווייפלט צי זיינען מיינע זאַכן ראוי אַריינגענומען צו ווערן צווישן טאָוולען.

**איך האָב אויף ייִדישע אותיות געקוקט מיט די אויגן פון דעם** אַמאָליקן ישיבה־בחור — אַז זיי זיינען הייליק און קומען אַראָפּ אויף דער ערד פון השמים.

איך האָב געוואָלט מיט אימיצן זיך מישב זיין וועגן דעם, צי זאָל **איך אַרויסלאָזן מיין בוך, אָדער ניט. איך האָב באַשלאָסן זיך צו באַראָטן** מיט מיין ברודער סנדר. סוף־כל־סוף — האָב איך געטראַכט — איז ער דאָך אַן אינטעליגענטער מענטש מיט אַ חוש פאַר שיינקייט און מיט אַ געפיל פאַר געזאַנג.

איך האָב אויפגעפּנט מיין אַרכיוו און צוזאַמען מיט אים אָפּגעקליבן

28 זאַכן, וואָס זיינען שוין פריער געווען געדרוקט אין פאַרשיידענע אויסגאַבעס פון טשילע און פון אויסלאַנד.

געדאַרפט האָב איך די שאַפונגען מיינע, וואָס זייגען אַריין אין „פון טשילע״, באַצייכענען ווי דערציילונגען און מיניאַטורן, נאָר מחמת איבערגעטריבענער באַשיידנקייט האָב איך זיי אָנגערופן: טיפּן און ביל־דער פון טשילענער לעבן.

ווי די וועלט איז זיך נוהג, האָט די פּאַראייניקטע פּראָגרעסיווע־יידישע־געזעלשאַפט איינגעאָרדנט אַ טיי לכּבוד דאָס דערשיינען פון מיין בוך אין „סירקולאָ איזראַעליטאַ״, ווו עס איז בייגעווען מלך ראַוויטש, וועלכער האָט זיך פּונקט דאַן געפונען אין טשילע. דער טאָסט־מייסטער פון דעם אָוונט איז געווען יקותיאל ברינער. עס זיינען געווען רעדעס, און אין מיין וואָרט האָב איך זיך צופיל מתנצל געווען פאַרן אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך.

ווערדליק ווי אַן אָנפאַנגער, האָב איך געהאַט — ווי מען זאָגט עס — אַ גאַנץ פיינע קריטיק.

צו מיר איז נאָר דערגאַנגען אַן אויסשניט פון אַ קאָוונער צייטונג, ווו עס איז געווען איבערגעדרוקט מיין דערציילונג „קאָמפּאַניערא בער־נאַרדאַ״ (חבר בערנאַרדאַ), מיט אַ פּאָזיטיוון אַריינפיר פון דער רעדאַקציע וועגן מיין שרייבן, און — אין אַ פּאָר יאָר אַרום נאָכן דערשיינען פון „פון טשילע״ — אַ רעצענזיע פון ד״ר מוקדוני.

ד״ר מוקדוני האָט געלויבט מיין יידיש, מיין גלאַטיק שרייבן און מיין קענען אויסמאָלן איינס־צוויי אַ טיפּ.

אים איז בעסער געפעלן געוואָרן מיין שרייבן וועגן יידישע מענטשן, ווי וועגן די טשילענער איינגעבוירענע.

דאָס איז געווען די אָפיציעלע ערשטע סמיכות אויף שרייבעריי וואָס איך האָב באַקומען אין דעם ווייטן טשילע.

## יידישע קולטור־אַקציעס אין טשילע

אין 1937 איז קיין טשילע געקומען, אין שליחות פון „יוואָ״, דער דיכטער מלך ראַוויטש. מ. ראַוויטש איז אַחוץ דיכטער און עסייסט, אַ שטיק צייט געווען איינער פון די יידישע שרייבער־רייזנדיקע. ער האָט שוין ביז דאַן באַזוכט אַלע 5 קאָנטינענטן.

איך בין געווען זיין אַ געטרייען לייענער, און מיט באַזונדערן אינ־טערעס האָב איך געלייענט זיינע באַשרייבונגען וועגן אויסטערלישע מענטשן און וייטע, אומבאַקאַנטע לענדער.

ער האָט זיין קאַמפּיין פאַרן „ייוואָ" ניט אָנגעהויבן פון קיין גרויסן לאַנד, נאָר דווקא פון טשילע.

ער איז דאָרטן אָנגעקומען מיטן פּאַציפיק און זיין ערשטן אָפּשטעל געמאַכט אין וואַלפּאַראַיסאָ.

איידער ער איז געקומען קיין טשילע, האָב איך אין די דאָרטיקע יידישע אויסגאַבעס געפירט אַן אויפקלערונגס־אַרבעט וועגן „ייוואָ". מיר האָבן געגרינדעט אַ „ייוואָ" אין טשילע, פון וועלכער איך בין געווען דער סעקרעטאַר. שפּעטער איז אַ סך יאָרן געווען דער סעקרעטאַר געשל סאַק.

אַז מיר האָבן זיך דערוווסט וועגן ראַוויטשעס אָנקומען, האָט דער ענטוזיאַסט א. האַלפּערן גלייך פאַרגעלייגט, אַז עס זאָל אַרויספאָרן אַ דע־לעגאַציע פון דער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפט קיין וואַלפּאַראַיסאָ, כדי אים צו מקבל־פּנים זיין.

אין דער דעלעגאַציע זיינען אויסגעקליבן געוואָרן, האַלפּערן און איך.

מיר זיינען אָפּגעווען עטלעכע טעג אין וואַלפּאַראַיסאָ און דאָרטן צוגעגרייט דעם אַרויסטריט פון ראַוויטשן.

אין די עטלעכע טעג, האָב איך קענען געלערנט ראַוויטשעס אויסער־געוויינטלעכער תמימות און ערלעכקייט.

ווען מיר זיינען אַריינגעשטיגן אין דער באַן, צו פאָרן קיין סאַנטיאַגאָ, האָט אים באַגלייט זיינער אַ „חסיד". אַז מען האָט דערהערט דעם ערשטן קלונג פון דער באַן און דער ייד האָט זיך ניט גערירט פון אָרט, האָט אים ראַוויטש צוגעאיילט.

— האָט קיין מורא ניט, חבר ראַוויטש, האָט דער ייד אים דער־קלערט — איך פאָר מיט אייך ביז דער ערשטער סטאַנציע. ביז דאָרטן קאָנטראָלירט מען ניט די בילעטן — און אַזוי קום איך אויך צוריק.

— ניין — האָט זיך ביי אים ראַוויטש געבעטן — מען טאָר קיינעם ניט אָפּנאַרן, אַפילו די מלוכה אויך ניט. איך בעט אייך. צוליב וואָס זאָלט איר דאָס טאָן? גייט אַראָפּ.

און דער ייד האָט אים געפאָלגט.

מ. ראַוויטש איז אַ מענטש וואָס יאָגט זיך ניט נאָך קיין פאַרדינסטן. ער איז דער אמתער מסתּפּיק־במועט. מיט וויפל ער האָט, מיט אַזוי פיל

באַנוגנט ער זיך. ער טוט זיך אָן באַשיידן און ריין און שטייט איין אין ניט קיין טייערע האָטעלן, אַפילו ווען ער פאָרט על חשבון הקהל.

ער היט אָפּ זיין לעבן, ווי אַן איינמאָליקע גאָב פון גאָט. ער וועט אייך קיין מאָל ניט אַריבערגיין דעם וועג אין מיטן דער גאַס, נאָר ביי אַ ראָג, און אויך דאַן מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט.

מ. ראַוויטש איז אָפּגעווען אין טשילע עטלעכע וואָכן. איך וויל זיך דאָ ניט באַרימען, נאָר כמעט איך אַליין האָב מיט אים דורכגעפירט דעם קאַמפּיין פאַרן „ייוואָ״.

איך פלעג אים פאַרמאַטערן — אַזוי סיסטעמאַטיש האָב איך געאַרבעט.

איין מאָל, ווען איך בין אַזוי געגאַנגען מיט אים, האָב איך צו אים אַ זאָג געטאָן:

— חבר ראַוויטש, קומט אַריבער אַנטקעגן. דאָרטן איז דאָ מיין אַ באַקאַנטער. ער האָט אַן אַפּטייק. איך האָף אַז מיר וועלן ביי אים באַקומען אַ פיינע באַשטייערונג.

— לאָזט אָפּ, חבר פילאָווסקי, — האָט ער צו מיר געזאָגט — מען דאַרף עפּעס איבערלאָזן פאַר אַ צווייטן.

**מיר, די פּראָגרעסיווע יידן, ניט ווי אין אַנדערע לענדער, האָבן זיך געצאַצקעט מיט ראַוויטשן, זיך אַרומגעטראָגן מיט אים ווי מיט אַן אבן־טוב, האָבן געפּראַוועט פאַר אים באַנקעטן מיט אַ באַזונדערן מעניו, ווייל ער איז אַ וועגעטאַריאַנער, אָבער ער איז געבליבן קאַלט צו אונדז און איינגעשלאָסן אין זיך.**

מיר האָבן זיךביידע זייער גוט באַקאַנט איינער מיט דעם אַנדערן. גאַנצע שעהן האָבן מיר געשמועסט צווישן זיך, סיי אין די שפּאַצירן איבער די פּאַרקן פון סאַנטיאַגאָ, סיי בעת אונדזער דורכפירן דעם קאַמ־פּיין פאַרן „ייוואָ״, אָבער נאָענט זיינען מיר קיין מאָל ניט געוואָרן.

איך ווייס ניט פאַרוואָס איך פיל אַזוי, צי איז דאָס ניט אַ מין אייפערזוכט וואָס איך האָב געשפּירט צו אים, נאָך דעם ווי ער האָט זיך באַצויגן צו מיינע קאָלעגן וויטאַל און גיסער, וואָס האָבן אים, ווי מיר האָט זיך געדוכט, געהאַט צוגעגרייט קעגן מיר. אָדער אפשר איז ריכטיק מיין פאָראורטייל, אַז אַלע וועגעטאַריאַנער זיינען שטיקלעך אַנאַרכיסטן און קענען מער ווי אַלעמען ליב האָבן זיך אַליין.

איך האָב שפּעטער זיך געטראָפן עטלעכע מאָל מיט ראַוויטשן, אין ניו־יאָרק און אין זיין איצטיקער היימשטאָט, מאָנטרעאַל. ער איז צו מיר תמיד געווען פריינדלעך און געשמייכלט מיט זיינע ווייסע ציין. ער איז

אויך געווען דער פּאַרזיצער פון אַן אָוונט וואָס די קאַנאַדער יידישע שרייבער האָבן פאַר מיר איינגעאָרדנט אין 1958, און גערעדט אויף דער אָפּשיידס־מסיבה פאַר מיר, ביי איידע מאַזע אין שטוב, ווו ער האָט געלויבט מיין שרייבן און אַרויסגעבראַכט, אַז אויב מען וועט אַ מאָל מאַכן אַן אָפּקלייב פון דאָס וואָס עס איז געשאַפן געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור, וועל איך דאָרטן מוזן זיין פאַרטראָטן. פון דעסט וועגן בין איך אַלץ געבליבן אין ספק צי ראַוויטש האָט מיך ליב.

* * *

אַרום 1937 האָט יאַנקל מייזיל דורכגעפירט אַ רייזע איבער עטלעכע לענדער פון דרום־אַמעריקע, מיט דעם תכלית צו פאַרשפּרייטן דאָס יידישע בוך — איבערהויפּט פון דעם קולטור־ליגע־לאַגער.

א. ל. שוסהיים, דער וואָרטזאָגער פון דער „אידישער צייטונג" אין בוענאָס־איירעס, וואָס איז צו יענער צייט געווען עקסטרעם־ציוניסטיש, להיפּוך פון „די פּרעסע" וואָס איז געווען אָריענטירט אויף לינקס, האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אַזעלכע מיני אַקציעס, וואָס שטערן די נאַציאָנאַלע קאַמפּיינען — די זאַמלונגען פאַר ארץ־ישראל.

איך האָב רעאַגירט אין דער „יידישע פּרעסע" פון סאַנטיאַגאָ אויף שוסהיימס אַרטיקל, אויפווייזנדיק אַז מיטן בויען די יידישע קולטור באַפעסטיקט מען אויך דאָס נאַציאָנאַלע יידישע לעבן אין אַלע לענדער ווו יידן געפינען זיך.

ווען י. מייזיל איז נאָך אַרגענטינע אַראָפּגעקומען קיין טשילע, האָט ער שוין אין מיר געהאַט אַ פריינד, פון פאָרויס.

י. מייזיל האָט אין טשילע פאַרבראַכט אייניקע הדשים. ער האָט זיך ניט געהאַט נאָך וואָס צו איילן צו זיינע ביכער־עסקים אין וואַרשע.

איך האָב אים אַ סך געהאָלפן אין זיין ביכער־פאַרשפּרייטן און אַליין געווען ביי אים אַ גוטער אָפּנעמער פון דער דאָזיקער סחורה.

אָבער אַחוץ אַלע געשעפטן האָב איך זיך מיט מייזילן אַזוי אויפגע־לעבט, ווי מיר וואָלטן זיך געקענט אַ גאַנץ לעבן.

ער איז געווען אַ פיינער מנגן און אַ שטיק הייסער חסיד. לעבן אָן געזאַנג, איז פאַר אים קיין לעבן ניט געווען.

ער האָט באַזוכט טשילע סוף־יאָר (דער דאָרטיקער פרילינג).

יעדן אָוונט פלעג איך זיך טרעפן מיט אים. אַ סך מאָל צוזאַמען מיט די גאָלדשטיינס, אידאַ און יוסף, וואָס זיינען אויך געווען פיינע זינגער, און מיר פלעגן פאַרברענגען די אָוונטן, ביז אין דער נאַכט אַריין, אין

דער קאַפּעטעריע פון „פּלאַסאַ דע אַלמאַגראַ״ (אַ סקוועער), ביי אַ גלעזל „קאַלאַ דע מאַנאַ״ (אַ טשילענער משקה, וואָס אַנטהאַלט אין זיך בראָנפן, מילך און צוקער און וואָס „לאָזט זיך טרינקען״. דאָס איז אַ סעזאָן־משקה, בעת די יום־טובים פון קריסטמוס און ניי־יאָר), אויסזינגענדיק דערביי אַ שלל מיט לידער. ד. ה. געזונגען האָבן י. מייזיל און די גאָלדשטיינס, און איך האָב אין זיך די ניגונים איינגעזאַפּט, ווי אַ שוואָם.

מייזיל פלעגט זינגען בלויז חסידישע ניגונים און אוקראַיִנישע געזאַנגען, און ער פלעגט עס טאָן מיט אַזוי פיל מתיקות, עד כלות־הנפש.

איך, וואָס האָב אַ שווערן געהער איבערצונעמען מאָטיוון, בין אָבער אַ טיף פאַרקאָכטער און פאַרבענקטער אין געזאַנג. איך וואָלט אָפּגעזעסן גאַנצע שעהן און שעהן, און הערן די ווייכקייט און די וואַרעמקייט וואָס די מנגנים גיבן איבער מיט זייער קול און נשמה.

און בין איך שוין אַ מאָל בייגעקומען עפּעס אַ ניגון, האָב איך אים שוין פאַרגעדענקט אויף אייביק, און ער ברומט אַרויס פון מיר, בעת מיין אַליינקייט. איך טרוי אים זעלטן ווען אָן. איך בלייב געטריי צו דעם זעלטענעם ניגון וואָס באַזעצט זיך אין מיר און ער דערוועקט זיך אין מיר אין שייכות מיט איבערגעלעבטע טעג און מיט באַענטקייט פון מענטשן. קיין סך אַזעלכע ניגונים פאַרמאָג איך ניט. אַ פּאָר האָב איך געבראַכט פון די בין־השמשותן פון דער ישיבה, אַ פּאָר זיינען דאָס קינדער־לידער, וואָס זיינען פול מיט זאָרגלאָזער פרייד, אָדער מיט צאַרטן, בשמהדיקן אומעט.

אַזוי קען איך איבערזינגען דאָס קינדער ליד, „דער ווינטער איז געקומען״ (אַ פריילעכס), און דאָס ליד, „געקומען איז אַ פויגעלע צוריק אַהיים פאַרנאַכט״ (פול מיט צער פאַרן געפינען פאַרצוקט אירע קינדערלעך). איך געדענק אַלערליי וויג־לידער, ווו די מאַמע ווערט באַוויזן אין איר מוטערלעכער גרויסקייט און אין איר אומפאַרבייטלעכקייט, וכדומה.

פּאָר אַ סך קינדער־לידער וואָס איך האָב פאַרגעדענקט, האָב איך צו פאַרדאַנקען מיין קינדהייט־חבר פון דער ישיבה, לייב קאַסאָווער, וועמען איך האָב שפּעטער געטראָפן, אַלס לערער (מיר זיינען אין די אָנהויב צוואַנציקער יאָרן געוועזן לערער אין די קולטור־ליגע שולן פון דער ליטע). ער האָט מיט מיר ניט איינגעשטודירט די דאָזיקע לידער. ער פלעגט זיי

נאָר זינגען פאַר זיך, אין זיך, מיט דעם איידעלן ציטער פון זיין ברוסט־שטימע, און זיך אַליין באַגלייטן אויף די טענער פון זיין קאָנצערטינע.

יאָרן פון אים, און אין דער ווייטקייט פון אים, פלעג איך אים אימיטירן און זיך באַמיען אַרויסצוברענגען די טענער פון די דאָזיקע לידער, ווען קיינער איז דערביי ניט געווען, און אויך אַ מאָל, ווען עס איז יאָ אימיצער געווען. דווקא אַזאַ פּערזאָן, וואָס האָט יאָ געקאָנט דער־קאָנען די עכטקייט פון מיין איבערזינגען דעם ניגון, ניט קוקנדיק וואָס בכלל בין איך געווען טעמפּ צו איבערנעמען געזאַנג.

ווען איך וואָלט געקאָנט די „חכמה" פון געזאַנג־שרייבן (נאָטן), וואָלט איך דאָ פאַראייביקט די לידער וואָס איך האָב אַזוי שווער דער־לערנט — אָבער אויף תמיד — פון מיין חבר לייב, און אויך די לידער וואָס איך האָב שפּעטער געלערנט ביי יעקב מייזילן, אין די שטילע, פאַר־חלומטע פאַרנאַכטן פון דעם ווייטן, אומבאַקאַנטן טשילע.

די לידער פון די דאָזיקע צוויי מענטשן, האָב איך פאַרגעדענקט מער ווי אַלע אין מיין לעבן, ווייל איך האָב זיי באַנומען און פאַרנומען — און ווייל איך האָב זיי אויפגענומען אין שעהן פון רחמים — אין בין־השמשות שעהן...

פון מייזילס לידער האָב איך פאַרגעדענקט צוויי חסידישע, און איינע אַן אוקראַאינישע. די דאָזיקע לידער באַשטייען כמעט פון הוילן ניגון. זיי זיינען כמעט אָן ווערטער.

פלעגט ער זיך אַזוי צעזינגען, איידער דאָס ליכט פון טאָג איז נאָך אָפּגעווישט געוואָרן:

— אוי, אוי, אוי!
אוי, אוי, אוי!
אַז איך וויל ניט קיין עולם־הזה,
איך וויל ניט קיין עולם־הבא.
איך וויל נאָר דיר,
איך וויל נאָר דיר,
איך וויל נאָר דיר...

און אין דער שטילקייט פון דעם אָוונט איז פאַמעלכל אַריינגעפאַלן מייזילס שטילער און האַרציקער:

— איך וויל נאָר דיר, נאָר דיר, נאָר דיר...

אָדער ער פלעגט איבערגעבן, ווי אַזוי אַ חסידישער רבי איז מספּיד זיין רביצן. און ער פלעגט זיך פונאנדערשאָקלען:

— איי, איי!
איי, איי! איי!
מורי ורבותי.
איי, מורי ורבותי!
מורי ורבותי! — — ——

וואָס פאַר אַ טייערע יידענע זי איז דאָס געווען!
יעדן פרימאָרגן, פלעגט זי אויפשטיין און שרייען און רופן און וועקן:
דער שוסטער איז שוין אויפגעשטאַנען צו זיין אַרבעט, דער שניידער איז שוין אויפגעשטאַנען צו זיין אַרבעט, דער סטאָליער איז שוין אויפ־געשטאַנען צו זיין אַרבעט! — ווען וועסטו שוין שמעיה אויפשטיין צו דיין אַרבעט?!

און דאָ איז געקומען קרעסטשענדאָ:
דער שוסטער איז שוין אויפגעשטאַנען צו זיין אַרבעט א.א.וו.א.וו.
זיין אוקראַיניש לידל האָט קיין סך ניט דערציילט, נאָר דעם פאַר־שטיקטן וויי פון אַ פרוי וואָס איז אָפּגענאַרט געוואָרן אין איר ליבע, און אַז דאָס קינד וואָס איז נאָך איר פאַרבליבן פון אים אויף אירע אָרעמס, איז נאָך ענלעך צו אים.

דאָס ליד האָט ער אַזוי געזונגען:

— ווין אויעכאַל,
אי אָסטאַוויל,
שטשע מאַליוטקו נאַ רוקאַך.
טו מאַליוטקו זוואַט אַניוטו,
שטשע פאָכאָזשע נאַ ניעוואָ.
טו מאַ־ליו־ו־ט־קו־ו.
זוואַט אַניו־ו־טו־ו־ו,
שטשע פאָ־כאָ־אָ־אָ־זשע נאַ ניעוואָ.
(ער איז אַוועקגעפאָרן
און איבערגעלאָזן
נאָך אַ פיצל אויף די הענט.
דאָס פיצל,
וואָס הייסט אַניוטאַ,
איז נאָך ענלעך צו אים.
דאָס פי־י־צ־ל,

וואָס הייסט אַניוטאַ,

איז נאָך ענלעך אויף אים).

אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז יעקב מייזיל, דער גרויסאַרטיקער זינגער פון אוקראַינישע לידער, דערהרגעט געוואָרן דורך זיינע אוקראַינישע לאַנדסלייט, ווען ער איז צו זיי געלאָפן זיך ראַטעווען פון די פאַרברענער פון זיין פאָלק.

אפשר וועט נאָך אַ מאָל אויפשטיין אַ זינגער און מקונן וואָס וועט אין אַ זומערדיקן בין־השמשות אויסזינגען די עלעגיע איבער דעם אויס־געהרגעטן יידן, און דעם פלוך אויף זיין מערדער.

* * *

אין אַ יאָר אַרום, אין 1938, איז קיין טשילע אָראָפּגעקומען דורכצו־פירן דעם „ייוואָ״־קאַמפּיין, י. גילישינסקי.

גילישינסקי האָט געהערט צו די קולטור־האָרעפּאַשניקעס. געקומען איז ער פון טשערנאָוויטש, פון קוזא־וואָדאַ 9. אויסגעזען האָט ער גיכער ווי אַ בעסאַראַבער ייד, איידער אַ בוקאָווינער, לויט זיין ברייטקייט נאָך, זיין דערוואַקסנקייט און לויט נאָך זיין פשטות נאָך. פון פאַך איז ער געווען אַ לערער און אַן אָנגעהעריקער צום „בונד״.

ער האָט ניט געוווסט ווי אַזוי אויסצודריקן זיין פריינדשאַפט צו מיר, פאַרן העלפן אים דורכפירן זיין שליחות מיט דערפאָלג. ער פלעגט זיך מער געפינען ביי מיר אין שטוב, ווי אין האָטעל.

איך האָב אים געהאַט באַגלייט צו זיינע אויפטריטן אין די געגנטן פון סאַנטיאַגאָ און אין די פּראָווינץ־שטעט.

עס איז מיר געווען אַ ביסל פּריקרע — איך פלעג זיצן אַ צערויטלטער און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן — ווען איך האָב אַ מעטום געהערט די זעלבע רעדע פון גילישינסקין — אָבער וואָרט אין וואָרט.

ער איז מיר פאַרבליבן אַ גוטער, איבערגעגעבענער פריינד און זיך אָפּט איבערגעשריבן מיט מיר, ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן.

ער האָט זיך געקליבן אַרויסצופאָרן אין אַ שליחות פון „ייוואָ״ קיין צפון־אַמעריקע, אָבער דערוויל זיינען אָנגעלאָפן די בלוטיקע יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און ער האָט געטיילט דעם גורל פון די מיליאָנען קדושים אונדזערע.

# יאָרן וואָס האָבן מיר געשלאָגן

די יאָרן 1936—37—38, האָב איך שווער איבערגעלעבט. די פּראָצעסן אין רוסלאַנד האָבן מיך ניט געלאָזט צו רו. איך האָב געזען אַז מען נאַרט מיך.

איך האָב מיך ניט געקענט פאָרשטעלן אַז מיט אַ מאָל זאָלן אַזוי פיל אַלטע רעוואָלוציאָנערן — וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לייב און לעבן, וואָס האָבן געשפּילט מיט זייערע קעפּ — ווערן פלוצים פאַררעטער פון דער זעלבער רעוואָלוציע און פאַרקויפן זיך צו דער בורזשואַזיע. אַ סך פון די רעוואָלוציאָנערן זיינען דאָך געקומען פון באַקוועמע הייזער — אַפילו פון דעם אדל — צווישן זיי לענין אַליין. און מיט אַ מאָל פאַרקויפן זיי, די זעלבע, דעם סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד צו פאַרשיידענע קעג־נערישע מאַכטן. וואָס איז דאָס פאַר אַזאַ מין טייוולאָנישער שפּיל?! און פון וואַנען נעמען זיך דאָס עפּעס אַזוי פיל פאַררעטער, דווקא אין די רייען פון דער רעוואָלוציע? און ווער מען זאָל מען שוין בכלל גלויבן, אַז די אַלע נעכטיקע געטער זיינען געוואָרן פאַרברעכער און בוגדים? עס האָט זיך ניט געלייגט אויפן שכל.

היינט די וידוים! עס האָט פּשוט געשלאָגן צו דער גאַל.

די צעבראָכנקייט איז אויך געקומען דערפון וואָס מען האָט געזען די געפאַלנקייט פון די געוועזענע באָלשעוויסטישע פירער.

מיר זיינען געווען געוווינט צו זען אין רוסלאַנד, ניט נאָר גרויסע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען געווען פעיק איינצושטעלן זייער לעבן פאַר דער רעוואָלוציע, נאָר אויך אַזעלכע וואָס האָבן זיך אַליין געקענט פאַר־טיידיקן און אַרויסטרעטן קעגן צאַרישן רעזשים, בעת זיי זיינען געשטאַנען פאַר אַן עפנטלעכן משפּט. און דאָ אַלע ווי איינער, קלאַפּן זיך על־חטא און זיינען זיך מודה אין אַלע עבירות וואָס מען האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט.

ווו איז כאָטש איינער פון זיי, וואָס זאָל האָבן דעם מוט און אויסדריקן די פאַרברעכנס פון די רויטע מאַכטהאָבערס, וועלכע זיינען נעכטן געווען זייערע קאַמפס־חברים?

דאָס אַלץ האָט מען ניט געקענט פאַרשטיין.

צו יענער צייט האָט מיך אָ. האַלפּערן באַקענט מיט אַ צפון־אַמעריי־קאַנער יידישן קאָמוניסט, מיט איינעם אַ ראַבינאָוויטש. אָט דער ראַבינאָ־וויטש איז געווען פון פאַך אַ שריפטזעצער און פלעגט אַרומפאָרן איבער

אַמעריקאַנער שיפן. ער פלעגט דאָרטן צוזאַמענשטעלן די מעניוס און די בייס־ביולעטינען. פון צייט צו צייט איז ער געקומען קיין טשילע און פאַר אונדז איז ער געווען אַ לעבעדיקער עדות פון רוסלאַנד, ווייל ער פלעגט אויך אַהין דערגרייכן.

— ווי קען דאָס אַלץ אמת זיין, ראַבינאָוויטש — האָב איך צו אים געטענהט — ווי קען דאָס מעגלעך זיין, אַז אַלטע, רוסישע באַלשעוויקעס, זאָלן זיך פאַרקויפן צו יאַפּאַן?!

— עס זיינען דאָ צייטן, חבר פילאָווסקי — האָט ער מיר רויִק געענטפערט — וואָס מען דאַרף דעם ליגן מאַכן פאַר אַן אמת.

— ווען איז דאָס געדעדט געוואָרן — האָב איך זיך צעהיצט — ווען דער ליגן איז אַן אמת, אָבער ווען דער ליגן איז אַ בפירושער פאַרברעכערישער ליגן און לאָזט זיך אַפילו ניט פאָרשטעלן, טאָ צו וואָס פרעג איך אייך? און סתם האַקן קעפּ, איז ביי אייך גאָרניט?! לשם־מה? לשם־מה?

איך האָב מער ניט אויסגעהאַלטן. איך בין דאַן געווען אַ מיטגליד פון דער געזעלשאַפט „פריינד פון ראַטנפאַרבאַנד" („אַמיגאָס דע לאַ אורס"), און ווען דער קאַסיר איז געקומען צו מיר נאָך דעם חודשלעכן מיטגלידס־אָפּצאָל, האָב איך מיין גאַנצן צאָרן אויסגעלאָזן צו אים. איך האָב אים שיעור פון שטוב ניט אַרויסגעוואָרפן.

— איך וויל מער ניט שטיצן די רויטע פאַשיסטן — האָב איך צו אים געשריען — איך וועל מער ניט צאָלן קיין מיטגלידס־אָפּצאָל! איך בין אויס פריינד פון אַזאַ לאַנד!

דער אינקאַסענט, וואָס איז מסתמא געווען „אַן אייגענער", האָט אפשר אויך דורכגעלעבט די זעלבע צווייפלען וואָס איך און איז אַוועק אַ פאַרווירטער, ניט אויסריידנדיק קיין וואָרט.

## ד"ר משה מערקין

אין 1938 איז קיין טשילע אָנגעקומען ד"ר משה מערקין.

ד"ר משה מערקין איז געווען אַן אַדוואָקאַט לויט זיין פּראָפעסיע, ווי ער האָט איבערגעגעבן, און איז געקומען קיין טשילע וועגן אַ ירושה־ענין פון זיינעם אַ קליענט.

ווי ער האָט שפּעטער דערציילט, האָט אים די רוסישע רעוואָלוציע פון 1917 געטראָפן אויף די בענק פון יורידישן פאַקולטעט אין אוקראַינע.

ווו ער האָט געענדיקט זיין יורי, צי אין רוסלאַנד, צי אין פוילן, אָדער בכלל ניט — ווייס איך ניט.

נאָר משה מערקין האָט ליב געהאַט, מען זאָל אים רופן מיט זיין גאַנצן טיטל: חבר ד״ר משה מערקין.

ער האָט מסוכן ליב געהאַט צו האַלטן רעדעס. ווען מען וועקט אים אויף אין מיטן דער נאַכט און מען זאָגט אים: חבר ד״ר משה מערקין, מען דאַרף האַלטן אַ רעדע, וואָלט ער גרייט געווען דאָס צו טאָן. אויף וואָס פאַר אַ טעמע? — דאָס מאַכט ניט אויס. ער וועט זיך שוין אַן עצה געבןביים ריידן. וועט ער זיך ניט האַלטן ביי דער טעמע. ווער וועט אים דען עפּעס זאָגן! וועט ער ניט אָנגעבן קיין ריכטיקע דאַטן. ווער וועט אים דען כאַפּן ביי דער האַנט! כאָטש טאָמער האָט אין זאַל ווו ד״ר משה מערקין האָט גערעדט, זיך געפונען יוסף גאָלדשיין, דער אָנגעלייענטסטער ייד אין טשילע, האָט איר געהאַט פון אים צווישנרופן. יוסף גאָלדשיין האָט ניט פאַרטראָגן קיין עוולה און גלייך אויף אַן אָרט „פּאָפּראַוועט״ די רעדנער׳ס, ווען זיי פלעגן מאַכן זייערע טעותים.

ד״ר משה מערקין האָט זיך געחברט מיט די עטלעכע אינטעליגענטע יידיש־יידישע מענטשן. אַ ברירה האָט ער געהאַט?! קיין שפּאַניש האָט ער דאָך ניט געקענט און קיין רוסיש־ריידנדיקער עולם איז צווישן די יידן פון טשילע ניט געווען.

ער פלעגט פון צייט צו צייט אויך אָנשרייבן אַן אַרטיקל אין אַ יידי־שער אויסגאַבע.

ער איז געווען דער טיפּ פון אַ רוסישן, יידישן אינטעליגענט, וואָס האָט אים געצויגן צו גיין צום פאָלק.

צו קיין גדולה, איז ער אין טשילע ניט דערגאַנגען. צו די „העכערע פענצטער״ פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט האָט ער ניט דער־גרייכט.

ער האָט זיך דווקא דערשלאָגן, איין מאָל, אַרויסצוטרעטן אויף אַ גרויסן, געזעלשאַפטלעכן אַקט וואָס די ציוניסטן פון טשילע האָבן אָרגאַניזירט. נאָר איך ווייס ניט פאַרוואָס — ער האָט ניט אויסגענומען.

און אפשר ווייס איך יאָ. אים האָט געפעלט דאָס הייליקע פייער פון די גלויביקע.

ער איז געווען זייער אַ טאָלעראַנטער מענטש. נאָך אַ צו טאָלעראַנ־

טער. ער האָט מיט אַלעמען געלעבט בשלום. דער דיאַלאָג איז ניט געלעגן אין זיין טבע. ער האָט נאָר געוווּסט און ליב געהאַט צו מאָנאָלאָגירן.

איך האָב אים געהאַלטן פאַר אַ צווייטן משה ריזענבערגן, נאָר פון אַ העכערער קאַטעגאָריע.

ד״ר משה מערקין האָט געהערט צו אַ בכבודיקער יידישער משפחה, וואָס איז אַריבערגעקומען פון ערגעץ־ווו פון ווייסרוסלאַנד קיין פוילן. לויט אים, האָט זיין פאָטער געפירט אַ באַנק־הויז אין וואַרשע.

ד״ר משה מערקין איז געווען דער עלטערער ברודער פון דעם יונגן וויסנשאַפטלער מאַקס עריק, און ער האָט קיין מאָל ניט גערעדט מיט קיין פאַרביטערונג קעגן סאָוועטרוסלאַנד, ניט קוקנדיק וואָס זיין ברודער, וועלכער איז אַהין אַוועק פרייוויליק אין סוף פון די צוואַנציקער יאָרן, איז דאָרטן פאַרפאַלן געוואָרן, ווי אין תהום אַריין.

ד״ר משה מערקין איז געווען זייער אַ פריינדלעכער מענטש. אַן אמתער מעורב־בין־הבריות.

פאַר דער צייט וואָס ער האָט געוווינט אין טשילע און אין משך פון די סך חדשים וואָס ער האָט שפּעטער פאַרבראַכט אין לאַנד — בעת זיינע וויזיטן — האָבן מיר זיך גאָר פיין צוזאַמענגעלעבט און פאַרקערט אין דער זעלבער געזעלשאַפט. אָבער איך ווייס ניט פאַרוואָס — אפשר צוליב דעם שאַרפן קאָנטראַסט אין אונדזערע כאַראַקטערן — האָב איך זיך תמיד באַצויגן מיט אַ סך רעזערוואַציע, סיי צו דעם וואָס ער האָט דערציילט און סיי צו אים אַליין.

ער האָט צו טשילע ניט געהאַט קיין מזל. ער האָט זיך דאָרטן צו קיין זאַך ניט דערשלאָגן. פאַרקערט, ווען ער איז אַריבערגעפאָרן קיין אַרגענ־טינע, וואָס האָט געהאַט אַ צען מאָל גרעסערע יידישע באַפעלקערונג ווי טשילע, און אַ קאָכיקערן יידישן לעבן — אָדער אפשר נאָר דערפאַר — איז ער דאָרטן גיך געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון די „אידישע צייטונג״, ווו ער פלעגט פאַרעפנטלעכן אַרטיקלען וועגן אַלערליי עניינים אונטער זיין באַליבטן נאָמען: ד״ר משה מערקין.

ער האָט אויך אַ סך יאָרן פאַרטראָטן די „אָרט״־געזעלשאַפט אין דרום־אַמעריקע.

ניט קוקנדיק וואָס ער איז געווען אַזאַ באַריידעוודיקער, איז דאָך ביי אים פאַרבליבן פאַרבאָרגן אַ ווינקל פון זיין לעבן — פון זיין משפחה־לעבן.

ער האָט געהאַט אַ פרוי און אַ טאָכטער אין ענגלאַנד, פון וועמען ער איז געווען אָפּגעריסן צענדליקער יאָרן.

דעם לעצטן מאָל האָב איך אים געזען אין טשילע, אין 1962.

מיר, דער פאַרבאַנד פון די פּוילישע יידן, האָבן אים דאָן אָראָפּ־געבראַכט אויף אַ פּאָר רעפעראַטן, ווי דעם אַלטן און גוטן פריינד פון די אַמאָליקע יאָרן. ער האָט שוין דאַן אויסגעזען מיד, אָן דער אַמאָליקער אויסערגעוויינטלעכער לוסט צום לעבן, און איז שוין געווען האַלב בלינד.

אין אַ פּאָר יאָר אַרום, האָט ער ערגעץ־ווו אין אייראָפּע, געפונען זיין אייביקע רו.

## 1939

עס איז אָנגעקומען דאָס גורלדיקע יאָר פון 1939 פאַר דער וועלט. זי האָט זיך צעפלאַקערט פון אַלע זייטן מיט דעם פייער פון מלחמה און האָט אָנגעהויבן אָפּצוגיין מיט בלוט. דאָס יידישע פאָלק איז אין איר שיעור ניט פאַרטיליקט געוואָרן.

איך בין דאַן אַלט געווען 40 יאָר. מיינע 40 יאָר לעבן אויף דער וועלט זיינען ניט געווען קיין לייכטע.

איך האָב איבערגעלעבט אַן איינזאַמע קינדהייט — ניט באַטראַכט צו ווערן פון מיינע עלטערן.

שפּעטער האָט מיין קינדעריש האַרץ דורכגעשפּירט די בענקשאַפט פון צו זיין אָפּגעריסן פון טאַטע־מאַמע, שוועסטער־ברודער. איך האָב זיך געפונען אַ פּאָר יאָר ביי מיין זיידע־באָבע, און נאָך דעם זיך געוואַלגערט, יאָרן, אין די ישיבות, געשלאָפן אויף די שמאָלע סאָפּקעס, אָדער אין די הילצערנע בעטן, אויסגעבעט מיט שטרוי, און געגעסן ברויט מיט טיי, זעלטן ווען אַ שטיקל פליייש.

אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָב איך ממש געהונגערט, און דאָס ברויט וואָס איך האָב שוין יאָ געגעסן, איז געווען אַ געמיש פון פּלעווועס, וויקע און אַ ביסל מעל.

נאָך דעם האָב איך דורכגעמאַכט מיין אַוואַנטוריסטישע רייזע קיין אוקראַינע, ווו איך האָב איבערגעלעבט דעם גאַנצן גרויל פון אַלערליי באַנדעס־„מאַכטן", און ווידעראַמאָל געהונגערט. שפּעטער־צו מיינע וואַנ־דערונגען איבער פּוילן, ליטע און צוריק פּוילן, און צום סוף דאָס עמי־גראַנטישע לעבן אין אַרגענטינע און טשילע.

אויך מיינע 15 יאָר לעבן אין טשילע האָבן מיר ניט באַפרידיקט. פון

איין זייט האָב איך געלעבט ווי אויף דער ווילע, האָפנדיק זיך אַרויסצור־קריגן פון דאָרטן, און פון דער צווייטער זייט, האָב איך אַוועקגעגעבן מיין גאַנצן כוח און ענערגיע צו בויען דאָס יידישע לעבן פון טשילע. מיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, דאָס שרייבן, די זאָרג פון אויסהאַלטן אַ פאַמיליע, האָט מיך געהאַלטן אַן אָנגעשפּאַנטן און געררייצטן. פון אַזאַ מין לעבן און איבערלעבן, האָב איך אָפּגעשפּאָרט אַ מאָגן־געשוויר.

איך האָב קיין מאָל צייט ניט געהאַט כדי זיך אָפּצוהיטן, האַלטן אַ ריכטיקע דיעטע און האָבן די געהעריקע רו.

אין די קריטישע צייטן, ווען דער מאָגן־געשוויר אַטאַקירט דעם קראַנקן, ליידט ער פון איינגעגעסענע ווייטיקן, ענלעך צו צאָן־ווייטיק. די ווייטיקן שטאַרקערן זיך אין די נאַכטיקע שעהן, ווען דער מאָגן באַקומט ניט קיין שפּייז און דער קראַנקער פילט אויף זיך, אין דער שלאָפלאָזיקייט, ניט נאָר די יסורים, נאָר אויך די אַלע עוולות וואָס די וועלט איז קעגן אים באַגאַנגען.

אין 1939, האָט מיר די קראַנקייט אַ לענגערע צייט אַטאַקירט, און מיין משפחה האָט מיר געגומען צוריידן איך זאָל אַריינפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן — אפשר וועל איך דאָרטן געהאָלפן ווערן.

איך האָב זיך אַן דעם דאָזיקן פלאַן אָנגעכאַפּט. און איך מוז דאָ זאָגן דעם אמת, אַז ניט אַזוי צוליב מיין גלויבן אַז אין די שטאַטן וועל איך געגעזן ווערן פון דער קראַנקייט — איך בין ניט געווען אַזוי נאַאיוו צו גלויבן אַז דאָ איז אַ פראַגע פון גרעסערע אָדער קלענערע דאָקטוירים — ווי צוליב דעם וואָס איך האָב געהאַט אַ גרויסן באַגער צו זען דאָס דאָזיקע גרויסע וואונדערלאַנד, וואָס האָט אַריינגענומען אין זיך אַזוי פיל יידן, און ווו עס געפינט זיך דאָס סמעטענע פון דעם יידישן פאָלק, אירע גרעסט שרייבער און גייסטמענטשן.

נאָך 15 יאָר לעבן אין דעם פאַרוואָרפענעם טשילע, ווייט פון גאָט און פון לייטן, האָט זיך מיר פאַרוואָלט אָנקוקן די גרויסע וועלט — איבער־הויפּט די יידישע וועלט.

די רייזע־געזעלשאַפט וואָס האָט מיר פאַרקויפט די בילעטן האָט מיר אַרויסגעשיקט מיט אַן ענגלישער שיף, דריטער קלאַס, דורכן פּאַציפיק ביז די אינדזלען פון בערמודאס, און פון דאָרטן האָב איך געדאַרפט אַריינפאָרן אין די שטאַטן מיט אַן ענגלישער לוקסוס־שיף, „דער קעניג פון בערמודא״, אויף וועלכער עס האָבן געררייזט געלט־מאַגנאַטן אויף זומער־אָפּרו, פון ניו־יאָרק קיין בערמודאס און צוריק.

די דאַטע ווען מיין שיף האָט געדאַרפט פאַרלאָזן די ברעגעס פון טשילע איז געווען דער 26־סטער אויגוסט.

איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר איך האָב געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז פונקט ווען איך וועל זיך לאָזן אין וועג אַריין, וועט אויסברעכן אַ מלחמה.

איך האָב מיין פאָרשפּירונג פאָרגעבראַכט פאַר מיין יינגסטן ברודער, וואָס איז ערשט מיט עטלעכע חדשים צוריק געקומען פון אייראָפּע, און ער האָט זיך אויסגעלאַכט פון דעם.

— קיינער וויל ניט קיין מלחמות — האָט ער צו מיר געזאָגט.

מיין געשעפט — דעמלט האָב איך געאַרבעט ביי קראַוואַטן — האָב איך איבערגעלאָזן אויף מיין פרוי, וואָס האָט פאַרמאָגט אַרטיסטישע פעי־קייטן און ניט קיין קרעמערישע און אויף מיין ברודער, וואָס איז געהאַט געקומען צו מיר מיט אַ 3 חדשים פריער. ער איז גאָך געווען אַ גרינער און דערצו האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט דערלערנען די לאַנדס־שפּראַך און זיך צוגעגרייט אַריינצוטרעטן אין דעם טשילענער אוניווערסיטעט, אויפן אַגראָנאָמישן פאַקולטעט. ער האָט געוואָלט פאָרזעצן דעם לימוד וואָס ער האָט געהאַט איבערגעריסן אין פוילן, צוליב די אַנטיסעמיטישע אָנגריפן אויף יידישע סטודענטן.

פאַר מיין אָפּפאָרן פון טשילע האָב איך ערשט דערשפּירט אַז איך האָב אין דעם דאָזיקן לאַנד, איבערהויפּט צווישן די יידן, געשלאָגן וואָרצלען.

מען האָט פאַר מיר איינגעאָרדנט אָפּשיידס־אָוונטן, און אַ גרויסער עולם יידן איז געקומען צו דער באַן־סטאַנציע „מאַפּאָטשאָ", זיך געזע־גענען מיט מיר.

אַ גרופּע פון די דאָזיקע יידן, צוזאַמען מיט דעם סעקרעטאַר פון דער פאַראייניקטער־פּראָגרעסיווער־יידישער־געזעלשאַפט, אשר האַלפּערן, האָבן מיר באַגלייט ביז צו דעם פּאָרט פון וואַלפּאַראַיסאָ, און אין דער נאַכט פון מיין אָפּפאָרן, האָבן זיי מיר געזעגנט, צוזאַמען מיט נאָך דאָרטיקע יידן, מיט אַ באַנקעט.

מיטן אָפּרוקן זיך פון מיין שיף פון די ברעגעס פון וואַלפּאַראַיסאָ, זיינען מיר די פּנימער פון מיינע באַגלייטער געוואָרן אַ סך נאָענטער ווי פריער.

אויף דער שיף האָב איך געמאַכט אַ סך באַקאַנטשאַפט.

איינער פון די שיפס־מאַנשאַפט איז געווען אַן ענגלישער יידישער

בהור, וואָס האָט גערעדט אַ געשמאַקן ליטווישן יידיש און נאָך געדענקט אַ בלאַט גמרא, וואָס ער האָט ניט לאַנג פאַרלאָזן.

אויף דער קיכער איז געווען אַן עלטערער ייד, אַ פאַרענגלישטער, וואָס האָט געהייסן פילפּס.

די מערסטע פּאַסאַזשירן זייגען געפאָרן צו די דערבייאיקע לענדער פון דרום־ און צענטראַל־אַמעריקע. צווישן זיי איז אויך געווען אַ ייד, ברייטמאַן, וואָס איז געקומען קיין טשילע פון פּערו און עס האָט אים צוריק געצויגן אַהין.

קיין אייראָפּע איז געפאָרן אַן עלטערע יוגאָסלאַווישע פרוי, וואָס האָט שוין איר געבורטסלאַנד ניט געזען אַריבער 50 יאָר. איך האָב זיך אויך פאַרחברט מיט אַ כינעזער פון אַ יאָר 60, וואָס האָט זיך צו מיר צוגע־קלעפּט דערפאַר וואָס איך האָב אויף אים ניט געקוקט פון אויבן אַראָפּ, ווי אַ סך זיינען געוווינט צו טאָן. ער פלעגט מיך אָפּט פאַרבעטן צו זיך אין קאַבינע און מכבד זיין מיט אַ געשמאַקן, שטאַרקן טיי, וואָס נאָר די כינעזער קענען אַזוי צוגרייטן.

אין דער ערשטער קלאַס זייגען געפאָרן עטלעכע בייע אַמבאַסאַדאָרן, וואָס די רעגירונג פון פאָלקס־פראָנט האָט געהאַט באַשטימט פאַר פאַר־שיידענע לענדער. צווישן זיי איז אויך געווען דער שפּעטערדיקער טשי־לענער פּרעזידענט, גבריאל גאָנסאַלעס ווידעלא, וואָס איז געשיקט געוואָרן אַלס אַמבאַסאַדאָר קיין פראַנקרייך.

איך בין געווען באַקאַנט אין די קרייזן פון פאָלקס־פראָנט, און אין די גרעסערע פּאָרטן פון טשילע ווו מיר זייגען דורכגעפאָרן בין איך פאַר־בעטן געוואָרן אויף די אויפנאַמעס וואָס מען האָט געמאַכט פאַר די אַמבאַ־סאַדאָרן, וואָס זייגען געווען באַוווּסטע פּאָליטיקער פון לאַנד.

צו דעם פּאָרט איקיקע זייגען מיר אָנגעקומען ביינאַכט. די בראַזגערייי אויף דער שיף, פאַרן אָפּשטעלן זיך, האָט אויפגעוועקט די נאַכט און די מענטשן.

די שיף האָט אויפגענומען עטלעכע בייע פּאַסאַזשירן, וואָס זייגען געקומען פון באָליוויע. דאָס זייגען געווען פיר מאַן — דריי יידן און אַ פּאָליאַק. ביז זיין צוריקפאָרן אַהיים האָט ער זיך אָנגעגעבן פאַר אַ ייד, כדי צו קענען געניסן פון דער שטיצע וואָס די יידישע עמיגראַנטן פלעגן באַקומען. אויף דער שיף האָט ער געגומען אונטערשטרייכן אַז ער איז אַן אמתער פּאָליאַק, כדי מען זאָל אים חס־וחלילה ניט חושד זיין אַז ער איז אַ ייד.

בעת אונדזער שיף האָט פאַראַנקערט אין איקיקע, בין איך געלעגן אויף מיין בעטל פון דער קליינער קאַבינע וואָס איז געווען צוגעטיילט פאַר צווייען. דאָס אַנדער בעטל איז געשטאַנען ליידיק, צוליב מאַנגל אין פּאַסאַזשירן. די טיר איז געשטאַנען אָפן. איך האָב געוואָלט אַז אַ ביסל לופט זאָל אַריינקומען אין דער פאַרשטיקטער קאַיוטע.

גאָכן אָפּטומלען זיך פון די נייע פּאַסאַזשירן, ווען די שיף האָט גע־נומען ווייטער שווימען, האָט זיך אין דער אָפענער טיר באַוויזן אַ קאָפּ פון אַ קליינעם פאַרשוין.

מיר האָבן זיך ביידע גוט אָנגעקוקט. קאָנטיק, אַז ער האָט פאַרשטאַנען אַז איך בין אַ ייד, אָבער ער איז ניט געווען זיכער אין דעם, האָט ער כדי ניט דורכצופאַלן מיט קיין דירעקטער פראַגע, מיך אַ פרעג געטאָן צי רייד איך ניט אַמאָל קיין דייטש.

— איר קענט צו מיר ריידן פשוט יידיש — האָב איך אים געענטפערט.

דער נייער פּאַסאַזשיר איז שוין געווען פון דער אינעווייניקסטער זייט פון דער קאַבינע און איז געוואָרן מיט מיר אַ גוטער ברודער.

ער האָט געשטאַמט פון פוילן. געהייסן האָט ער פוגד און איז געווען פון דער פּראָפעסיע אַ צאָן דאָקטער — אַ פריערדיקער ישיבה־בחור.

זיין משפחה איז פאַרבליבן אין פוילן און אים איז באַליוויע ניט געפעלן געוואָרן, פאָרט ער דאָס צוריק אַהיים.

אין דער זעלבער נאַכט וואָס מיר זיינען אַרויסגעפאָרן פון איקיקע, האָבן מיר זיך דערוווסט דורך ראַדיאָ אַז די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן און אַז היטלער איז באַפאַלן פוילן.

אויף מאָרגן אין דער פרי איז אונדזער שיף שוין געווען באַוואַכט מיט צוויי ענגלישע דעסטרויערס.

צווישן די פּאַסאַזשירן האָט אויסגעבראָכן אַ פּאַניק. מען האָט מורא געהאַט אַז די דייטשן זאָלן ניט אונטערטרינקען אונדזער שיף, ווייל זי האָט געפירט פון טשילע קריגס־מאַטעריאַל, קופּער.

דער געוועזענער חסיד און דער היינטיקער צאָן־דאָקטער, פוגד, איז געוואָרן מיין שאָטן. זיין גאַנצע פאַרצווייפלונג האָט ער אויסגעלאָזן צו מיר. ער האָט געהערט אַז וואַרשע איז באָמבאַרדירט געוואָרן. ער האָט מיר אַרויסגעריסן שטיקער פלייש פון די אָרעמס, מיך געשטורקעט אין האַרצן אַריין און געטענהט:

— יאָך בייט ענק, זוגט מיר, וויאַהין פור יאָך. וויאַהין? — די היים מיינע איז שוין חרוב געוואורן! ווער ווייסט צי מאָן פאַמיליע לייבט נוך.

איך האָב דאַן ניט געוווסט וואָס איס צו ענטפערן. ווער האָט זיך דאָס געקענט פאָרשטעלן, אַז די מלחמה איז ניט נאָר קעגן פוילן, נאָר קעגן דער גאַנצער וועלט און אַז זי האָט פאַר איר הויפּטציל צו פאַר־ניכטן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק.

היינט וואָלט איך שוין אים געוווסט וואָס צו ענטפערן. היינט ווייס איך אַז פונד איז געפאָרן אין דעם כף־הקלע אַריין פון דעם היטלער־גיהנום.

איך האָב זיך געהאַלטן נאָענט מיט די טשילענער פּאַסאַזשירן. מיר פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן אויף דעם דעק פון דער שיף, דאָרטן שמועסן און אויך מאַכן אַ קערטל. איינער פון זיי, דער פאָרשטייער פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, איז געווען ברוגז אויף מיר, פאַרוואָס איך דערצייל אָפט וועגן דער אָרעמקייט פון טשילע. ער האָט אין דעם געזען אַ מין דיבת־רעה אויף דעם לאַנד.

אין דער גרופּע האָט זיך געפונען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 30, מיט אַן אינטעליגענטן פּנים און מיט פיינע מאַנירן. איך האָב אים געהערט ריידן רוסיש מיט דעם דאָלמעטשער פון דער שיף, וואָס איז געווען אַ רוס.

איך בין געווען זיכער אַז ער איז אַ ייד, אַ זון פון יידיש־רוסישע עמיגראַנטן.

איך בין צו אים צוגעגאַנגען, ווי פונד צו מיר, און האָב אים אומ־דירעקט געפרעגט צי איז ער ניט אַ זון פון רוסיש־ריידנדיקע עלטערן. איך האָב אים אָבער דערמיט געהאָלפן צו טרייבן מיט מיר שפּאַס.

— יאָ — האָט ער מיר געזאָגט — איך בין פון מעקסיקע! מיינע עלטערן זיינען רוסיש־ריידנדיקע.

ערשט ווען איך האָב שוין געדאַרפט זיך אַריבערזעצן אין אַ קליין שיפל וואָס האָט מיך געדאַרפט צופירן צו דער לוקסוס־שיף „דער קעניג פון בערמודאס״, איז דער יונגערמאַן צוגעגאַנגען צו מיר מיט אַ בריוו אין דער האַנט און מיך געבעטן דאָס אַריינוואַרפן אין אַ פּאָסט־קעסטל פון ניו־יאָרק.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דעם בריוו. ער איז געווען אַדרעסירט קיין טשילע.

איך האָב זיך איבערגעקוקט מיט דעם יונגערמאַן. ער האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט.

ער איז געווען אַ טשילענער דאָקטער, דער מאַן פון אַ יידיש־רוסישער פרוי. ביי איר האָט ער דאָס רוסיש געלערנט.

ער האָט פֿאַרמאָגט אַן אויסערגעוויינטלעכע פֿעיִקייט צו דערלערנען שפּראַכן, און אויף וועלכן לשון ער זאָל ניט האָבן גערעדט, האָט איר געקענט מיינען אַז דאָס רעדט ער אויף זיין מוטערשפּראַך.

אַחוץ דעם איז ער געווען באַרימט אין דער טשילענער מעדיצינישער וועלט, און ער איז דאָס געפֿאָרן קיין ענגלאַנד אויף אַ פֿאָרשונגס־אַרבעט.

איך בין אָנגעקומען צו דער שיף „קינג אָף בערמודאס".

פֿון דעם קאָנטראַסט אין ביידע שיפֿן, בין איך מבולבל געוואָרן. אַזאַ שיף האָב איך אַפֿילו אין קינאָ ניט געזען.

די קאָרידאָרן זיינען געווען געדעקט און באַצויגן מיט טעפּיכער. אַנשטאָט אַן ענגער קאַבינע, אין וועלכער איך בין געווען געוווינט ביז דאַן צו פֿאָרן, האָב איך זיך אָפּגעפֿונען אין אַ כמו איינפּערזאָנענדיקער דירה־דעפּאַרטאַמענט.

איך בין אַריין אויף וועטשערע אין עסזאַל, און איך האָב געמיינט אַז איך געפֿין זיך אויף אַ רייכער חתונה.

די קעלנער זיינען אַרומגעלאָפֿן און אייך העפֿלעך באַדינט. עס האָט דאָרטן ניט געפֿעלט אַפֿילו פֿון קיין פֿויגל־מילך.

איך געדענק אַז איך האָב געבעטן אַ סורטימענט פֿון פּרוכטן, און מען האָט מיר צוגעטראָגן פּירות אפשר פֿון צען מינים.

ביי מיין טיש האָבן זיך געפֿונען דריי קאַנאַדער יונגעלייט. זיי האָבן געזען מיין אומבאַהאָלפֿנקייט, צוליב מיין מאַנגל אין שפּראַך־קענטעניש, און זיי האָבן מיר אַרויסגעהאָלפֿן מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט.

איך האָב זיך אַזוי פֿאַרחברט מיט מיינע דריי שיפֿס־ברידער אַז זיי זיינען מיר שפּעטער געקומען זען, ווען איך האָב זיך געפֿונען ביי מיין שוועסטער אין טאָראָנטאָ.

איינער פֿון די יונגעלייט האָט געקענט ריידן אַ ביסל דייטש און ער איז געוואָרן מיין וועגווייזער און פּראָטעקטאָר.

נאָך דער וועטשערע האָט ער מיך איינגעלאַדן אין רעסטאָראַן. איך האָב דערשטיקט אין זיך מיין איגנאָראַנץ:

— ווי קען דאָס זיין אַ רעסטאָראַן אין אַ שיף?

מיר זיינען אַריינגעקומען אין דעם באַר. ביים בופֿעט איז געזעסן אַ דיקער ענגלענדער.

אַ קעלנער איז צוגעקומען צו אונדזער טיש, כדי אונדז צו באַדינען. מיין פֿריינד, דער שיפֿס־ברודער, וואָס האָט געהייסן קעלנער, האָט

באַשטעלט ביי אים אַ וויסקי — איך אַ דזשינדזשערייל. איך האָב אים דערקלערט, ווי עס איז, אַז איך טאָר ניט טרינקען קיין אַלקאָהאָל.

דערנאָך איז שוין אַוועק אַ גאַנג. ער אַ וויסקי — איך אַ דזשינדזשערייל. ער אַ וויסקי — איך אַ דזשינדזשערייל.

נאָך אַזוי פיל וויסקיס וואָס ער האָט אין זיך אריינגעגאָסן, איז ער געוואָרן פריילעך און גענומען זינגען עפּעס אַ דייטשיש לידל, וואָס ער האָט געירשנט פון זיינע דייטשע עלטערן:

— מיין פאַטער וואר שניידער...

דער דיקער ענגלענדער וואָס איז געזעסן ביים בופעט האָט זיך אָנגעצונדן אויף צוגטער־רויט און גענומען טרייבן קעלנערן פון באַר און שרייען: נאַציס! נאַציס!

קעלנער איז געוואָרן שטאַרק צעקאָכט, ווי קומט מען אים באַליידיקן און רופן נאַציס. ער איז זיך געלאָפן שלאָגן מיטן דיקן ענגלענדער. עס האָבן זיך אַריינגעמישט די באַדינער פון באַר און האָבן קוים באַרויקט קעלנערן.

ער איז געבליבן זיצן ביים טיש אַן אויסגעשעפּטער.

איצט בין איך געוואָרן זיין וועגווייזער. ער האָט מיר אָנגעגעבן דעם נומער פון זיין קאַבינע און איך האָב אים געפירט אַהין.

גייענדיק אויף צוריק האָב איך זיך אָנגעטראָפן פּנים אל פּנים מיט אַן עלעגאַנטער דאַמע. פאַרבייגייענדיק זי אין שמאָלן קאָרעדאָר, האָט זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט, פון געוווינהייטוועגן, דער שפּאַנישער „קאָן פּערמיסאָ" — מיט אייער דערלויבעניש.

די דאַמע איז אויפגעשפּרונגען אַ פאַרחידושטע:

— „קאָן פּערמיסאָ" — אַזוי הייסט, דו רעדסט שפּאַניש!

זי האָט זיך פאַר מיר פאַרגעשטעלט:

— קאָנדעסאַ...

האָב איך זיך שוין אויף דער שיף אָנגעשטויסן אויף אַ גראַפינע און איך האָב נאָך מיט איר אַ געמיינזאַמע שפּראַך.

איך בין זיכער, אַז אויף דער שיף „קינג אָף בערמודאס" האָט זיך געפונען ניט איין מענטש, מיט וועמען איך האָב געקענט האָבן אַ געמיינזאַמע און נאָך פאַר מיר אַ נאָענטערע שפּראַך ווי שפּאַניש — יידיש, אָבער דער פּרווו וואָס איך האָב געמאַכט האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן, מחמת דעם סנאָביזם פון אונדזערע ברידער־יידן, וואָס לאָזן זיך שווער דערקענען.

ביינאַכט איז אויף דער שיף פאָרגעקומען אַ „דע גאַלאַ״־באַל, און אויף מאָרגן אַלערליי פאַרוועטן.

צווישן איין מאַלצייט און דעם צווייטן, זיינען פאַרבייגעגאַנגען קעלבער־רינס פירנדיק אויף רעדלעך־טישלעך פון כל־טוב.

עס איז נאָר געווען אַ שאָדן וואָס די גאַנצע רייזע פון בערמודאס ביז ניו־יאָרק האָט געדויערט קאָרגע צוויי מעת־לעת.

קיין ניו־יאָרק זיינען מיר אָנגעקומען אין דער פרי.

וועגן מיין אָנקומען האָבן געוווסט, מיין פעטער ישראל, אַ ברודער פון מיין טאַטן וואָס איז אַוועק קיין אַמעריקע ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָר 17 און איז שוין דאָרטן געווען קרוב פון 40 יאָר, מיין אַ שוואָגער און מיין שוועסטער פון קאַנאַדע. זיי האָבן מיר דערוואַרט — אַחוץ מיין שוועסטער — אויסער דעם פּאָרט.

מיין שוועסטער איז געקומען קיין ניו־יאָרק, פון טאָראָנטאָ, כדי זיך צו טרעפן מיט מיר. מיר האָבן זיך שוין ניט געזען קיין 15 יאָר.

ווי עס ווייזט אויס איז אונדז אָנגעקומען שווער דאָס דערקענען זיך. פאַר דער צייט וואָס איך האָב מיין שוועסטער ניט געזען, האָבן זיך אַריינגעגנבעט גרויע פּאַסמעס אין אירע האָר, ניט קוקנדיק וואָס זי איז דאַן געווען אַ פרוי אין די אָנהויב דרייסיקער יאָרן.

איך האָב געמיינט אַז קיינעד איז מיר ניט געקומען דערוואַרטן. איך בין געשטאַנען צוזאַמען מיט דער שפּאַנישער קאָנדעסאַ און מיר האָבן געזוכט אַן איבערזעצער פון שפּאַניש, כדי צו שיקן טעלעגראַמעס צו אונדזערע קרובים. אויך איר איז קיינער ניט געקומען צו באַגעגענען.

פלוצים הער איך אַ באָעקנט־באַקאַנטע שטימע:

— יאַנקל דאָס ביסטו?

— יאָ.

דאָס איז געווען מיין שוועסטער אסתר. מיר זיינען זיך אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס.

פאַרפאָרן בין איך צו מיין שוואָגער, ווייל מיין פעטער איז אַליין געווען אַ קוואַרטיראַנט ביי יענעם.

ניט קוקנדיק וואָס ער איז געווען אַ טאַטע פון 10 קינדער, איז ער געווען אַ געגעטער.

איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז איינער פאַרגינט זיך צו האָבן 10 קינדער — און נאָך אין אַמעריקע — איז ער שוין ניט קיין גרויסער גביר.

# ניו־יאָרק

איך בין אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק דעם 15־טן סעפּטעמבער 1939, — דעם ערשטן טאָג ראש־השנה.

אויף די ברוקלינער גאַסן האָט זיך געמערקט דער יום־טוב. אַ סך געשעפטן זיינען געווען געשלאָסן.

פון דעם אויטאָמאָביל אין וועלכן איך בין געפאָרן אויפן וועג צו מיין שוואָגער, האָב איך געזען אַרומלויפן און שפּילן זיך אַ סך ייִנגלעך מיט יאַרמלקעס אויף די קעפּ.

די טעג זיינען געשטאַנען מילדע און לויטערע.

ניו־יאָרק האָט אָפּגעאָטעמט מיט אירע גאַנצע לונגען. די לופט און די ערד האָט זיך אָפּגעקילט פון דער פייכטער, מידער חמימה, וואָס איז געשטאַנען מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק איבער איר.

דער אָנהייב האַרבסט הייסט אין אַמעריקע דער אינדיאַנישער זומער, און דאָס איז דאָרטן די שענסטע צייט פון יאָר.

אין די טעג פון ראש־השנה און יום־כיפור אַרבעטן ניט דאָס רוב יידן פון ניו־יאָרק.

די פּליאַזשעס פון ברוקלין זיינען געווען באַשאָטן מיט יידן — מערסטנס מענער. זיי זיינען געווען אין די טויזנטער.

דער איינציקער געשפּרעך איז געווען, די מלחמה.

די מענטשן האָבן נאָך דאָן ניט באַנומען און ניט פאַרנומען דעם אומגליק וואָס זי האָט געבראַכט מיט זיך, איבערהויפּט פאַר דעם יידישן פאָלק.

די דיסקוסיעס זיינען געווען הייסע.

דער וויכוח איז געגאַנגען אַרום דער האַנדלונג פון רוסלאַנד, מיט איר שליסן דעם ניט־אָנגריף־אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד.

איך האָב נאָך אויף דער שיף געהערט וועגן דעם פּאַקט און אים אָנגענומען. איך האָב אים באַרעכטיקט, מחמת ענגלאַנד האָט געשיקט אַזאַ מלוכה־מאַן ווי טשעמבערליינען אייננצונעמען היטלערן און אים נאָכגעבן, ווי מען גיט נאָך אַ קליין, צעבאַלעוועט קינד, און צו די פאַרהאַנדלונגען מיט רוסלאַנד האָט זי געשיקט דריט־ראַנגיקע שלוחים.

אַגב, האָב איך ניט געזען קיין בייז אין אַ ניט־אָנגריף־אָפּמאַך. איך האָב אָבער, ניט זייענדיק בטבע קיין פּאָליטיקער, דערשפּירט אַז ער איז

ווייט אַוועק פון צו זיין נאָר אַ ניט־אָנגריף־אָפּמאַך. איך האָב געפילט אין אים אַ מין פריינדשאַפט־פּאַקט.

ווען מיין שוועסטער, וואָס איז דאַן געווען אַ מיליטאַנטישע קאָמור־ניסטקע, האָט מיך באַגעגנט אין פּאָרט פון ניו־יאָרק, האָט זי נאָכן אַרומכאַפּן זיך מיט מיר און נאָכן צוקושן זיך, גלייך געפרעגט וואָס איז מיין שטעלונג צו דעם רוסיש־דייטשן אָפּמאַך, ווי דאָס וואָלט געווען דאָס וויכטיקסטע וואָס זי האָט געהאַט מיר צו פרעגן, נאָך ניט זען מיר גאַנצע 15 יאָר. און אַז איך האָב איר געזאָגט דאָס איך זע אין דעם אַן אָפּוועררונג קעגן אַ מלחמה צווישן רוסלאַנד מיט דייטשלאַנד, אַז רוסלאַנד האָט איי־בערגעשפּיצט ענגלאַנד וואָס האָט געוואָלט זען דעם צוזאַמענשטויס צווישן דייטשלאַנד מיט רוסלאַנד, האָט זי פרייער אָפּגעאָטעמט — זי האָט צוויי מאָל אָפּגעפונען איר ברודער.

אָבער ווען איך בין אין אַ דריי וואָכן אַרום אָנגעקומען צו איר אין געסט, אין טאָראָנטאָ, אַרום איינס אַ זייגער ביי נאַכט, און זי אין דער היים ניט געפונען, נאָר מיין שוואָגער וואָס האָט מיך אָפּגעוואַרט, האָב איך זיך דערוווּסט אַז זי פּראַוועט הצות פאַר דער וועלט־רעוואָלוציע, פאַר דער וועלט־באַפרייונג מיט גיין פאַרשפּרייטן פלוגבלעטלעך קעגן דער מלחמה, איז צווישן אונדז אויסגעבראָכן אַ העפטיקער וויכוח.

איך האָב צו איר אַלץ געטענהט:

— וואָס גייט עס דיר אָן און וואָס גייט אָן דעם סאָציאַליזם, דער רעוואָלוציע, אַז די קאַפּיטאַליסטישע לענדער וועלן זיך אַרומשלאָגן מיט היטלערן? דערפון וועלן דאָך אָפּגעשוואַכט ווערן סיי דער קאַפּיטאַליזם, סיי דער היטלעריזם.

און איך פאַרשטיי דאָס נאָך עד היום ניט. סיידן די פריינדשאַפט צווישן היטלערן און סטאַלינען איז געווען אַן אָרגאַנישע און ניט נאָר קיין אָפּמאַכערישע.

מיין שוועסטערס ענטפער איז געווען אַ שוואַכער. איר טאָן האָט געקלונגען מיט רעזיגנאַציע:

— אַז מיר זיינען בכלל קעגן יעדער סאָרט מלחמה.

די דיסקוסיעס אַרום דעם דאָזיקן אָפּמאַך, זיינען נאָך אין ניו־יאָרק געפירט געוואָרן לאַנג, אין אַלע עפנטלעכע פּלעצער און אין די סקווערן פון די יידישע געגנטן.

אויף דעם פּלעצל, ניט ווייט פון דעם „פאָרווערטס" און דעם „טאָג", האָבן זיך יידן געהיצט. זיי פלעגן ריידן וועגן די יידישע זשורנאַליסטן

אין אַן אינטימן טאָן. בן־ציון גאָלדבערגן, פלעגן זיי אָנרופן גאָלדבערקע, א. כהנען, כהנקע א. א. וו.

ד״ר חיים זשיטלאָווסקי איז דאַן געווען דער מליץ־יושר פון רוסלאַנד. זיינע אַרטיקלען פלעגן דערשיינען אין „טאָג״ ווי דער טעקסט פון דער גמרא, — אַרומגענומען מיט מפרשים און אָפּווענדונגען, אין די באַמער־קונגען פון דער רעדאַקציע.

אַ סך גרויסע יידישע שרייבער און דיכטער, ווי לייוויק, אָפּאַטאָשו, הירשביין א. א., זיינען אַרויסגעטראָטן פון „ייקוף״ צוליב דעם אָפּמאַך.

איך געדענק ווי איך האָב אָפּגעפרעגט הירשביינען — וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער „ייקוף״ מיט דעם אָפּמאַך? — האָט ער מיר אויף דעם געענטפערט אַז די פּערזענלעכקייט און דער אָנזען פון אַ יידישן שרייבער דאַרף זיין אַזוי דערהויבן, אַזוי הייליק־ריין, אַז קיין קריטיק זאָל צו אים ניט קענען צוקומען.

איך האָב פאַרבראַכט מיט מיין שוועסטער אין ניו־יאָרק אַ צען טעג. איך האָב דאָרטן דער עיקר געלעבט אין דער יידישער וועלט.

מיין שוועסטער האָט אויף מיר געזאָגט, אַז איך לייד פון אַ יידיש־קאָמפּלעקס. ווו איך בין געשטאַנען און געגאַנגען, האָב איך אַלץ געהערט יידיש. די דיסקוסיעס אויף דער גאַס, אַרום די געביידעס פון „פאָרווערטס״ און „טאָג״, זיינען געווען אין יידיש. דער פאָטאָגראַף וואָס האָט אונדז באַגעגנט און פאַרגעלייגט מיין שוועסטער מיר זאָלן זיך לאָזן פאָטאָ־גראַפירן און איך האָב זי געפרעגט צי דאָס קאָסט „געלעט״, ווי אונדזער זיידינקע פלעגט זאָגן, האָט פלוצים געענטפערט אַנשטאָט מיין שוועסטער:

— געלט, שמעלט. עס קאָסט ניט אַזוי פיל געלט.

ווען מיר האָבן זיך איין מאָל דערנענטערט צום ראָקפעלער סיטי, האָב איך צו איר זיך אָפּגערופן:

— איך הער ערגעץ זינגען אַ יידיש ליד.

— האָסט שוין ווידער אָנגעהויבן מיט דיין יידיש? עס דאַכט זיך דיר.

עס האָט זיך מיר אָבער ניט געדוכט. מיר זיינען אָפּגעגאַנגען אַ 50 מעטער. ביי אַ הויכער און דיקער וואַנט פון אַ גרויסער געביידע איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אַ בלינדער זינגער, וואָס האָט געזונגען אַן אַלט־באַקאַנטע טרויעריקע יידישע ליד, פון דעם רעפּערטואַר וואָס די בלינדע זינגער אין ווילנע האָבן געזונגען.

איך פלעג פרווון צוגיין צו אַ פּאָליציימאַן און פרעגן ביי אים דעם וועג, אויף יידיש, און האָב באַקומען אַן ענטפער. איך האָב געקויפט

מיינע פאָסט־מאַרקעס, אין ברוקלין, אויף יידיש, און מיין שוועסטער האָט, אַ באַזיגטע, געשמייכלט.

איך פלעג צוויי מאָל אַ טאָג באַזוכן די קאַפעען ווו די יידישע שרייבער האָבן פאַרקערט, מיטאָג־צייט אין מילער־קאַפע, לעבן „פאָרווערטס", און די ראָיאַל־קאַפע, אין די אָוונטן.

איך בין דאָרטן מערסטנס אַריינגעקומען מיט מיין שוועסטער.

איין מאָל זיינען מיר געזעסן ביי אַ טיש, וואָס אברהם רייזען האָט אים געפירט. ער האָט געהערט צו די שרייבער וואָס איך האָב ליב געהאַט, איידער איך האָב זיי געקענט. אין מיין פאָרשטעלונג האָב איך געקענט דעם יונגן רייזענען, מיט די שוואַרצע וואָנצעס און מיט די ברענענדיקע אויגן.

געטראָפן האָב איך רייזענען אין עלטער פון אַריבער זעכציק.

אָבער די הומאַנישקייט זיינע, די גוטסקייט, די מענטשנפריינדשאַפט, האָב איך ביי אים געפונען די זעלבע ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט.

איך געדענק שוין ניט, ווער אַלץ עס האָט זיך דאַן געפונען ביי דעם דאָזיקן טיש. איך געדענק נאָר ווי ער האָט מיך געטוליעט צו זיך, און גענומען רימען מיין שרייבן, אַז מיין שפּראַך קלינגט תנכיש. ער האָט צו מיר געזאָגט:

— איך מוז שרייבן וועגן אייך אין מיין זשורנאַל, אומבאַדינגט.

איינער פון די שרייבער האָט מיך גלייך אָפּגעקילט און מיר אַרויס־געפירט פון אַ טעות.

— נעמט זיך ניט איבער — האָט ער מיר אויפגעקלערט — רייזען רעדט וועגן אַלעמען אַזוי.

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ קיבעצן, ווי אַזוי מען פלעגט שרייבער נעמען אויפן זיכער.

פלוצים איז אין קאַפע מילער אַריינגעקומען שלום אַש. ער האָט נאָך דאַן אויסגעזען גאַנץ מאַיעסטעטיש, ניט קוקנדיק וואָס זיין שוואַרצע טשופּרינע איז שוין געווען דורכגעמישט מיט גראָ.

ער האָט זיך קאַלט באַגריסט מיטן עולם. אַלע האָבן זיך אַ הויב אויף געטאָן פון אָרט.

איך האָב געשפּירט, ווי מיין שוועסטער ציט מיך ביי דער פאָלע, איך זאָל זיך זעצן.

אַש האָט זיך צום טיש ניט צוגעזעצט. ער איז געשטאַנען אַ ווייַלע לעבן רייזענען און איז אַוועק.

דער עולם איז געוואָרן פרייער (עס האָט גאָרניט דערצו, אַז איך אַ פּאָר טעג אַרום זאָל איך האָבן געזען דעם זעלבן גרויסן שלום אַש אין אַ דעפּאַרטאַמענט־סטאָר, זיצנדיק ביי אַ טישל און אונטערשרייבן זיין חתימה אויף יעדן בוך זיינעם וואָס איז דאָרטן אין יענעם טאָג פאַר־קויפט געוואָרן).

דערווייל האָבן לוצקיס ליפּן פאַרבלאָנדזשעט צו דעם אָרעם פון מיין שוועסטער.

ווען מיר האָבן פאַרלאָזן די קאַפע מילער, האָט זיך מיין שוועסטער אָפּגערופן צו מיר:

— דיינע שרייבער זיינען גאַנץ פיין דעגענערירט.

זי האָט מיר דערציילט ווי לוצקי האָט זיך די גאַנצע צייט געשאַרט צו איר.

— דו ווייסט — האָט מיין שוועסטער צו מיר געזאָגט — מיר געפעלט בכלל ניט זיך צו נודיען צווישן גרויסע מענטשן.

אין קאַפע מילער און ביי אַנדערע געלעגנהייטן האָב איך זיך באַקענט מיט אַ סך שרייבער און דיכטער, מיט אַנדערע גאָר פאָרמעל, און מיט אַנדערע נאָענט. איך האָב זיך דאָן באַקענט מיט: אָפּאַטאָשו, לייוויק, רייזען, לוצקי, קאָסאָוער, פעט, ש. רייזען, וויינפּער, מייזיל, זינגער, קאָר־לינסקי, דראָפּקין, גלאַזמאַן, פופקאָ, באָגין, קליגג, און נאָך אַנדערע וועמענס נעמען איך געדענק שוין ניט.

ש. ניגער האָט מיר איין טאָג געטראָפן און מיך אַוועקגעפירט אויף אַ פאַרזאַמלונג פון י. ל. פּרץ־שרייבער־פאַראיין. ער האָט מיר פאָרגעשטעלט פאַר די פאַרזאַמלטע. איך האָב זיך דאָרטן נאָך אַ מאָל אַנטוישט אין דעם שרייבער־מין. בעסער איז צו קענען די שרייבער נאָר פון זייערע שאַפונגען. דו האָסט דאַן אין דיין פאָרשטעלונגס־קראַפט דעם בילד וואָס דו ווילסט וועגן יעדן איינעם פון זיי.

אויף דער פאַרזאַמלונג זיינען די רעדנער געווען אומבאַהאָלפן און ניט רעאַל. זיי, די שרייבער, וואָס עצהן די גאַנצע וועלט ווי זיך אויפ־צופירן, די וואָס ווייזן דעם וועג אויף וועלכן די מענטשהייט זאָל גיין, פאַרלירן זיך ווען זיי דאַרפן באַטראַכטן זייערע שרייבערישע אינטערעסן.

די קאַפע מילער איז ניט געווען עקסקלוסיוו פאַר שרייבער, נאָר אַזוי ווי זי איז געשטאַנען נאָענט פון „פאָרווערטס" און פון „טאָג" פלעגן זיך די מיטאַרבעטער פון די צייטונגען אַריינכאַפּן אַהין אויף לאָנטש, און צו זיי האָבן זיך שוין באַהעפט אַנדערע שרייבער, לשם קיבעצן.

די קאַפּע „ראַיאַל“ איז שוין געווען אַן אויסשליסלעכער טרעפּפּונקט פאַר שרייבער און אַרטיסטן. ביי אייניקע טישלעך פלעגן זיצן יידישע אַקטיאָרן און ביי די אַנדערע, יידישע פּענמענטשן.

איך געדענק אַז דאָרטן האָט זיך אַרומגעדרייט אַ פרוי, וואָס האָט זיך איינגערעדט אַז זי איז אַ גרויסע אַקטריסע. זי פלעגט אויפן קול דערציילן וועגן די אַנגאַזשאַמענטן וואָס זי האָט באַקומען פון יידישן קונסט־טעאַטער און פון אַנדערע טרופּעס.

איין אָוונט בין איך געזעסן ביי אַ טישל אין קאַפּע ראַיאַל, צוזאַמען מיט זוני מועד און מיט אַ פרוי פון אַ יידישן שרייבער, וואָס האָט צוזאַמען מיט אים יורד געווען פון ארץ־ישראל.

איך האָב ליב געהאַט צו פאַרברענגען מיט זוני מועד. ער האָט גערעדט געלאַסן. בעתן ריידן פלעגט ער עפּעס שניצן. ער פלעגט האלטן אַ שטעקן אין די הענט, שמועסנדיק אים שניצן, און אומבאַמערקטערהייט איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הילצערנער קייט. דער נאָך ניט אויסגעשניצ־טער טייל פון שטעקן, האָט אויסגעזען ווי דאָס הענטל פון אַ קאַנטשיק.

אַז ז. מועד האָט שניצנדיק געשמועסט מיט אייך, האָט עס אויסגעזען, ווי ער שעפּט אַרויס זיינע געדאַנקען און זיינע רייד פון דעם הילצערנעם קאַנטשיק אַרויס.

דאָס מאָל איז ער געווען באַזונדער שאַרפזיניק און עלעגאַנט אין זיין ריידן.

אַנטקעגן אים איז געזעסן די פרוי פון דעם שרייבער, וואָס איז אין קאַפּע געקומען אין מיין באַגלייטונג. זי איז געווען אַ יונגע, אַ קוועק־זילבערדיקע און אַ רייצנדיקע. זי האָט פאַרמאָגט אַ רויטפלאַמיקן קאָפּ, אַ קריסטאַל־ווייסן האַלדז, ראָזע, אָנגעצונדענע באַקן און טיף־בלויע אויגן.

זוני איז געזעסן אַנטקעגן איר. זיינע שוואַרץ־ברענענדיקע אויגן, האָבן זיך געטובלט אין דעם בלאָ פון דער פרויס אויגן און האָבן זיך נאָך מער געצונדן.

פּלוצים האָט זיך לעבן אונדזער טישל אַ שטעל אַוועק געטאָן אַ מאָד־נער פאַרשוין, אַ ניט קיין הויכער, מיט אַ שוואַרץ־געזילבערטער באָרד, מיט אַ קורצן יאָזשיק אויפן קאָפּ, און אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ פּאָר צעפּאָרענע שיך, אין ברייטע, ניט קיין געפּרעסטע הויזן, און אין אַ שוואַרצן רעקל, לענגער פון זיין מאָס. פון אונטערן רעקל האָט אַרויסגעקוקט אַ ניט קיין גאָר ריין לייבל.

ער האָט געגומען זיך איבערשמועסן מיט זונין. איך האָב זיך צוגע־הערט צו זייגע רייד. אַלץ וואָס דער מענטש האָט געזאָגט, איז געווען אין גראַמען.

די קעלנער פון קאַפע זיינען ניט געווען צופרידן מיט זיין באַזוך, כאָטש איך פאַרשטיי ניט פאַרוואָס. ער האָט דאָך צוגעגעבן קאָליר פאַר דעם אָרט. ווער ווייסט וויפל מענטשן עס פלעגן ניט קומען אין קאַפע אַריין — אַזוי ווי איך — כדי אָנצוטרעפן אַזעלכע אויסטערלישע טיפן, ווי דער מענטש איז געווען.

ווען ער האָט זיך אָפגעקערט אַ ביסל פון אונדזער טישל, האָב איך אַ זאָג געטאָן צו זונין:

— אַ טשיקאַווער טיפּ. ווער איז ער?

— ער איז ניט אַבי ווער, ער איז אַן אָריגינעלער דיכטער. ער הייסט הערמאַן גאָלד.

— איך וויל זיך באַקענען מיט אים.

זוני האָט אונדז פאַרגעשטעלט. מיר האָבן געפונען צווישן זיך אַ גע־מיינזאַמע שפּראַך. איך פלעג אים ענטפערן עקספּראָמטאָם מיט גראַמען אויף זיינע געגראַמטע רייד.

מיר זיינען שטאַרק באַפריינדט געוואָרן און זיך יאָרן לאַנג איבער־געשריבן — פאַרשטייט זיך, אין גראַמען.

איך האָב געפילט אַז הערמאַן גאָלד פאַרדעקט עפּעס אַ טראַגעדיע וואָס ער טראָגט אין זיך, מיט דעם אויסטערלישן לץ וואָס ער האָט אָנגע־טאָן אויף זיך.

דער סוף איז געווען, אַז ער איז געשטאָרבן פון האַרץ־ווייטאָג, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, פון וועלכער זיין איינציקער זון האָט זיך ניט אומגעקערט.

איך פלעג אָפט אַריינקומען אין די יידישע צייטונגען פון ניו־יאָרק. מ. ד. גיסער האָט מיר געהאַט געגעבן אַ בריוו צו א. גלאַנץ־לעיעלעס, וועלכער האָט מיך זייער פריינדלעך אויפגענומען. ער האָט, ווי אַלע אין יענער צייט, מיך אַ פרעג געטאָן וועגן דעם רוסיש־דייטשישן אָפּמאַך.

איך האָב אים געענטפערט, אַז ווי אַ ווילנער בין איך צופרידן וואָס דאָרטן זיינען די רוסן און ניט די דייטשן.

ער האָט מיט סאַרקאַזם אַן ענטפער געטאָן:

— ווער ווייסט וואָס עס איז בעסער, די טשאַכאָטקע, צי אַ כאָליערע.

דאַן איז דאָס געווען אַ דראַסטישער זאָג, אַפילו פאַר אַ טראָצקיסט,

פאַר וועלכן גלאַנץ איז אָנגעגאַנגען. אָבער מיט דעם פאַרלויף פון די יאָרן האָב איך זיך אַרומגעזען אַז ביידע רעזשימען, סיי דער היטלעריס־טישער, סיי דער סטאַליניסטישער, זיינען געווען אַן אומגליק פאַר דער וועלט, פאַר דעם סאָציאַליזם און איבערהויפּט פאַר דעם יידישן פאָלק — מיט דעם אונטערשייד וואָס היטלער איז געווען אַן אָפענער שונא פון דער מענטשהייט, און סטאַלין האָט זיך געקליידט אין דער פעל פון אַ שעפּס, בעת ער איז געווען אַ פאַרצוקנדיקע חיה, וואָס האָט איבער־געלאָזט נאָך זיך אַ שול מיט געטרייע תלמידים, פון צביעות און פערפידיע.

קיינער האָט אַזוי פיל ניט געטאָן קיין שלעכטס דעם קאָמוניזם און אים צוריקגעשטויסן אויף הונדערטער יאָרן, ווי דאָס האָט געטאָן סטאַלין און זיינע יורשים.

אין „פאָרווערטס״ האָב איך זיך, אומדירעקט, באַקענט מיט אב. קאַהאַנען.

איך בין אַהין אַריינגעקומען כדי אַריינצוגעבן אַ גאַנצע ליסטע פון קרובים וואָס ווערן געזוכט דורך טשילענער יידן.

איינע פון די רעדאַקציע סעקרעטאַרשעס האָט מיך אויפגענומען.

פלוצים קומט צו אַן עלטערער מאַן צו איר. זי הערט מיך אויף צו באַהאַנדלען און שענקט די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט דעם עלטערן מאַן, ווי איך וואָלט דערביי אין גאַנצן ניט געווען.

דער עלטערער מאַן — דאָס איז געווען דער רעדאַקטאָר און דירעקטאָר פון דער גרעסטער יידישער צייטונג אין ניו־יאָרק, פון „פאָרווערטס״, אב. קאהאן.

ער האָט צו זיין סעקרעטאַרשע גערעדט אין ענגליש, און האָט מיט דעם אָנגעוואָרפן אַ פרעמדקייט אויף אייך, אַחוץ דעם וואָס ער האָט דאָס אָנגעמאַכט מיט זיין ניט צוגעלאָזטן, פאַרמאַכטן פנים, וואָס ער האָט נאָך אַ ביסל פאַרקרימט.

אַז איך האָב זיך דערוווּסט ווער ער איז, האָב איך זיך געוווּנדערט, ווי קען דאָס זיין אַז אַזאַ אַלטער ייד — דערצו נאָך אַ פאַרקרימעניש — זאָל זיין דער קעניג (אָדער דיקטאַטאָר) פון דער יידישער פרעסע אין אַמעריקע.

אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך זיך ווידער אָנגעשטויסן אויף דעם בייזן יידן — אויף אב. קאַהאַנען.

איך בין אַראָפּגעפאָרן מיט דער ווינדע פון דער „פאָרווערטס״־געביידע. אויף איינעם פון די שטאָקן איז אַריינגעשטיגן דער זעלבער, עלטע־

רער, אין קערפער רעדוצירטער מאַן, און די ווינדע האָט, מיט אַלע מענטשן, אַנשטאָט צו פאַרזעצן אַראָפּצונידערן צו דעם ערשטן שטאָק, צום אַרויסגאַנג, זיך צוריק אויפגעהויבן אין דער הויך, צו דעם שטאָק וואָס זי האָט באַדאַרפט האָבן.

נאָך דעם ווי דער אַסענסאָריסט, אַן עלטערער, האַרעפּאַשנער ייד, האָט דאָרטן איבערגעלאָזן אונדז. קאַהאַנען, האָט זיך ביי מיר אַרויסגעריסן אַ פּראָטעסט:

— אַלץ צוליב דעם אדון־הגדול!

דעם אַסענסאָריסט איז דאָס געפעלן געוואָרן, און ער האָט געהאַלטן אין איין איבערהזרן:

— יעס. יעס, ווערי גוד, דער אַדון־הגדול! דער אדון־הגדול! גוד.

כאָטש איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק אין מיינע פּריוואַטע אַנגע־לעגנהייטן און האָב דאַן ניט געהערט צו קיין פּאַרטיי, האָט זיך מיר דאָך איינגעגעבן אַנצושליסן געזעלשאַפטלעכע און פערזענלעכע פאַר־בינדונגען.

איך האָב געהאַט עטלעכע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען, סיי אין ניו־יאָרק, סיי אין די בראָנקס. איך האָב געהאַט וואָס צו דערציילן פון דעם עקזאָטישן און אַנדערשדיקן לעבן פון דעם דרום־אַמעריקאַנער מענטשן און פון דעם דאָרטיקן יידן.

אין בראָנקס, אין די שלום־עליכם־הייזער, בין איך אַפילו געווען איינגעלאַדן אויפצוטרעטן צוויי מאָל אין דעם זעלבן חודש, אַזוי איז דעם דאָרטיקן עולם געפעלן געוואָרן מיין אופן פון דערציילן, איבער די פרעמדע ווייטע לענדער. מיין פּראָטעקטאָרקע איז דאָרט געווען די דיכטערין מלכה לי. זי איז נאָך דאַן געווען גאָר יונג און אין דעם אָנפאַנג פון איר מוטערשאַפט. זי האָט דעמאָלט געהאַט אַ פּיצינקע טעכטערל.

מיט איר און מיט איר מאַן אהרן ראַפּאַפּאָרט, האָב איך זיך זייער באַפריינדט, און מיר האָבן אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט אַ קאָרעספּאָנ־דענץ צווישן אונדז.

איך האָב זיך געזומען באַקאַנען און טרעפן מיט מיין פאַמיליע. אַ טייל פון זיי האָב איך נאָך געדענקט פון דער היים, פון מיין קינדהייט.

פריער פון אַלץ האָט מיין פעטער ישראל איינגעאָרדנט פאַר מיר אַן אויפנאַמע אין דעם הויז פון איינעם פון זיינע קינדער. זיינע קינדער זיינען אַלע געווען ביז גאָר שיינע.

מיין פעטער איז דאַן אַלט געווען אַ יאָר 57, און סמנים פון בלאָנד־קייט האָבן זיך נאָך ביי אים אָנגעזען.

זיינע קינדער האָבן זיך פאַרנומען מיט פאַרשיידענע פּראָפעסיעס און מלאכות. איין טאָכטער, אַ פייערדיקע ברונעטקע, איז געווען אַ פּאָליציי־אָפיצערין; אַ זון, אַ שטאַרקער און ברייטביייניקער, מיט אַ בלאָנדער טשופּרינע, איז געווען אַ מאַטראָס. איינע פון זיינע טעכטער, שיינקע האָט זי געהייסן, איז פּונקט געווען געראָטן אין מיין שוועסטער שיינקען — און אַזוי שיין און צאַרט ווי זי.

זי האָט זיך געהאַלטן אַ ביסל אָן אַ זייט פון אַלעמען, ווי פאַרשעמט. זי איז געווען אַ פאַרהייראַטע, און איז געקומען צו איר שוועסטער, אַליין, אָן איר מאַן. איך האָב זי הושד געווען, אַז זי פאַרדעקט איר מאַנס יחוס, וואָס איז ניט פון יידישער אָפּשטאַמונג.

הקיצור, מיין פעטערס קינדער האָבן זיך „פּונקט צוגעפּאַסט" צו אים, דעם בן־הרב, וואָס האָט פאַרקערט אין ניו־יאָרק צווישן רעליגיעזע יידן, און צו זייער זיידן, דעם ראָזשאַנקער רב...

איך בין אויך געגאַנגען זיך באַקענען מיט די טעכטער פון מיין פעטער נחום. אייגנטלעך איז דער פעטער נחום געווען מיין אָן עלטער פעטער. איך האָב אים געדענקט ווען ער איז געווען אויף אַ באַזוך ביי מיין זיידן אין ראָזשאַנקע. ער איז געווען דער ברודער פון מיין באָבען. ווי עס ווייזט אויס איז ער געווען אַ ייד אַ משכיל. איך נעם דאָס דערפון, וואָס ער האָט דאַן, מיט אַ 60 יאָר צוריק, געטראָגן נאָר אַ קמץ־בערדל, און פון דעם וואָס ער האָט שבת ניט געוואָלט גיין אין שול דאַוונען אין בית־מדרש.

דער תירוץ איז כלומרשט געווען אַז אים געפעלן ניט אַזוי פיל שלום־עליכמס וואָס מען וועט דאָרטן אריינשטעקן און דאָס ענטפערן אַלעמען אויף זייערע שאלות.

גאָט וועט ביחידות אויך דערהערן מיינע תפילות. מלא כל האָרץ כבודו האָט ער געזאָגט צו מיין זיידן. און מיין זיידע איז צו אים ניט צוגע־שטאַנען.

מיין פעטער האָט געוווינט אין סמאַרגאָן, און ער האָט געהאַט טעכטער סאָציאַליסטקעס, מיט געשוירענע קעפּ.

איך האָב געוווסט, אַז ער האָט פּלוצים פאַרקויפט זיין שטוב, ליקווי־דירט זיינע געשעפטן מיט וויסאָצקיס טיי, און איז אַוועק קיין אַמעריקע.

איך בין נאָך דאַן געווען גאָר אַ קינד, און פון די ריידערייען וואָס

איך האָב געהערט, האָב איך אַרויסגענומען אַז מיין פעטער נחום האָט געמוזט אַוועקגיין קיין אַמעריקע, צוליב זיינע ניט גאָר כשרע טיי־געשעפטן.

דער אמת אָבער וועגן זיין עוקר זיין פון כּמאַרגאָן — וואָס איך האָב זיך דערוווּסט איצט, בעת מיין זיין אין ניו־יאָרק, פון מיין פעטער ישראל — איז געווען אַז ער האָט געמוזט אַוועק קיין אַמעריקע, מחמת אין זיין געראָטענער טאָכטער אסתרקע האָט זיך פאַרליבט אַ רוסישער סטודענט, דער זון פון דעם גוט־באַזיצער פון יענער געגנט.

דער סוף איז געווען אַז מיין פעטערס פאָרטל האָט אים ניט געהאָלפן. דער סטודענט איז אסתרקען נאָכגעפאָרן קיין אַמעריקע און האָט מיט איר דאָרטן חתונה געהאַט.

דאָס איינציקע וואָס מיין פעטער נחום האָט אויסגעמיטן, איז געווען די שרעקלעכע חרפּה פון שמד. אין אַמעריקע האָט אַ ייד מיט אַ קריסט געמעגט חתונה האָבן ניט אָנקומענדיק צו קיין שמד.

סיי ווי סיי האָט מיין פעטער ניט געקענט אויסהאַלטן דעם ווייטאָג וואָס ער האָט איבערגעלעבט, און איז קורץ נאָך זיין אסתרקעס חתונה האָבן, געשטאָרבן.

מיט אסתרקען, מיין פעטער נחומס, האָב איך זיך ניט געטראָפן, ווייל זי האָט געוווינט ערגעץ ווייט פון ניו־יאָרק, אויף אַ פאַרעם.

מיין פעטער ישראל איז געווען זייער סענטימענטאַל צו מיר. ער פלעגט מיך אומעטום באַגלייטן — אַפילו ביי די קרובים אויסער ניו־יאָרק.

צייט האָט ער געהאַט גענוג. זיינע קינדער זיינען שוין געווען באַזאָרגט. ער האָט געוווינט ערגעץ־ווו, ווי אַ „באָרדער" (קוואַרטיראַנט).

אויף יעדער שיינער זאַך וואָס ער האָט ערגעץ געזען אין אַ שויפענצטער, פלעגט ער מיך פרעגן צי זי געפעלט מיר, און מיר צוזאָגן דאָס צו קויפן. געקויפט האָט ער מיר גאָרניט, ניט ווייל ער האָט ניט געוואָלט, נאָר ווייל ער איז נעבעך געווען אַ קבצן מיט אַ גוט האַרץ. ער האָט צו יענער צייט געאַרבעט ווי אַ פאַרזיכערונגס־אַגענט.

ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע, פון אָנהויב הייַנטיקן יאָרהונדערט, אַלס אַ 17 יאָריקער בחורל, אַ קליינשטעטלדיקן רבס אַ זון האָט ער זיך צו קיין אַנדער זאַך ניט געקענט נעמען, ווי צו פּעדלעריי.

זיין פעטער, אברהם אלי, פון דעם קליין שטעטל וואָס לעבן ניוענגלאַנד, האָט אים באַזאָרגט מיט אַ קעסטל און אַ ביסל סחורה, און אים אָנגעזאָגט: וואָס איינער וועט דיך פרעגן, זאָלסטו זאָגן — לוק ען די באַסקעט.

אַ קונהטע האָט אים אַ מאָל אַ פרעג געטאָן:

— האָסט אַ ווייב? האָסט קרובים? — און מיין פעטער האָט איר אויף דעם געענטפערט:

— לוק ען די באַסקעט.

היינט ווייס ער שוין, אַז ער דאַרף ניט זאָגן אויף זיין ווייב: „לוק ען די באַסקעט״ — אָבער קיין איבעריקע פּרנסה האָט ער נאָך אַלץ ניט.

איך האָב זיך דאָן אויך באַקענט אין ניו־יאָרק, מיט מיין אַ קוזין. ער איז געווען דער זון פון מיין פעטער אברהם, וועגן וועלכן איך האָב שוין דערציילט פריער. דאָס איז געווען מיין פעטער, וועמען מען האָט קינדווייז געגנבעט.

מיין פעטער אברהם איז געווען אַ פאַרמעגלעכער ייד פאַר דער ער־שטער וועלט־מלחמה, אַ באַלעבאָס פון אַ גאַרבעריי אין ביאַליסטאָקער געגנט, אַ גרויסער גביר אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — אַ באַלעבאָס פון צוויי לעדער־פאַבריקן, איינע אין כאַרקאָוו און די צווייטע אין אָמסק — און אַ יורד נאָכן קומען צו דער מאַכט פון די באָלשעוויקעס, ווען ער איז קוים ניצול געוואָרן מיטן לעבן.

ער האָט זיך מיט זיין משפּחה דערשלאָגן קיין פּוילן. ער האָט נאָך ווידער פּרובירט צו פאַרלייגן גרויסע געשעפטן, אין ביאַליסטאָק, אָבער עס איז מער ניט געגאַנגען.

ווי אַלע יורדים, האָט ער נאָך געפּרובירט אָנצוהאַלטן שטאָט און געפירט אַ ברייטן לעבן.

אין די דרייסיקער יאָרן איז מיין פעטער אברהם געוואָרן זייער פאַר־אָרעמט. זיין בן־יחיד — דעם געצערטלטן און געקעכלטן — האָט ער מער ניט געקענט שיקן קיין אויסלאַנד, אין אוניווערסיטעט.

מיין קוזין האָט זיך פאַרפלאָנטערט אין אַן אַמעריקאַנער שידוך.

אין יענע יאָרן פלעגן אַראָפּקומען קיין פּוילן און קיין ליטע אַמע־ריקאַנער בתולות, וואָס האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך דעם יחוס פון זייער אַמערקאַנישקייט, און דעם נדן — אַן אַמעריקאַנער וויזע נאָך דער חתונה. (האָבנדיק אַן אַמעריקאַנער בירגערין פאַר אַ פרוי, האָט מען געהאַט דאָס רעכט אַריינצופאָרן קיין אַמעריקע).

מיין קרוב האָט דאָס חתונה געהאַט פאַר אַזאַ אַמעריקאַנער כלה.

ווי ער האָט נאָר באַטראָטן קאָלומבוסעס ערד, האָבן זיך פאַר אים געענדיקט אַלע אַמעריקאַנער גליקן.

אויס, ניטאָ ווער עס זאָל אים כאָליען. דאָס ווייב און די שוויגער

האָבן אים געשיקט אַרבעטן. ער האָט געוואַשן טעלער און געווײנט — אָבער געוואַשן.

דאָס ערשטע מיט וואָס ער האָט זיך געקענט אַמעריקאַניזירן, איז געווען דאָס וואָס ער האָט פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן זײַן ייִדישן נאָמען און דעם נאָמען פֿון זײַנע יחוסדיקע דורות. פֿון טוביה איז געוואָרן טעדי, און פֿון קאַפּלאַן, קאַרינגטאָן. צוזאַמען, טעדי קאַרינגטאָן.

ער האָט שוין אויך געוווסט צו פֿאַראורטיילן די נעגערס און קוקן אויף זיי מיט פֿאַראַכטונג, ער, וועמענס פֿיס עס האָבן זיך נאָך ניט אַנגעוואַרעמט אָן דער אַמעריקאַנער ערד.

דאָס צווייטע מאָל ווען איך האָב מײַן קוזין געטראָפֿן, מיט 18 יאָר שפּעטער, איז ער שוין באמת געווען אַמעריקאַניזירט — רײַך, און נאָך ווײַטער פֿון זיך און פֿון זײַן שטאַם.

ווען איך האָב אים אין 1957 אָפּגערופֿן דורכן טעלעפֿאָן, האָט ער מיר געענטפֿערט אין רוסיש.

איך האָב מיך געטראַכט — דער סנאָב — אפשר רעדט ער אין דער אַנוועזנהייט פֿון אַ הויכער דאַמע, און עס „פּאַסט" אים ניט אַרויסצווײַזן זײַן ייִדישקייט, זײַן ייִדיש־„זשאַרגאָנישע" אָרעמקייט.

מײַן קוזין טוביה איז געווען דער באַלעבאָס פֿון אַ „בידיפֿול" אינסטי־טוט (אַ שיינהייטס־אינסטיטוט). ער האָט דורכגעמאַכט אַ קורס אין דער מלאכה. דאָס וואָס ער האָט געלערנט אַ פּאָר יאָר אויפֿן מעדיציניש פֿאַ־קולטעט, האָט אים געהאָלפֿן ער זאָל דעם דאָזיקן פֿאַך אויסלערנען פּערפֿעקט.

זײַן אינסטיטוט איז געוואָרן זייער באַרימט אין ניו־יאָרק. ער האָט פֿאַרמאָגט אַזאַ כשופֿדיקע האַנט, אַז ער פֿלעגט מיט איר פֿאַרווישן פֿון די שיינהייטס־פּנימער יעדער סמן פֿון אַ הערעלע, אַ ניט־געווונטשענעם פּינטעלע, אָדער אַ קנײַטשעלע. צו אים איז געווען שווערער צוצוקומען, ווי צו דעם גרעסטן פּראָפֿעסאָר.

איין מאָל בין איך אַזוי געגאַנגען, אין ניו־יאָרק, מיט דעם שרייבער חיים פּעט. ער האָט מיך געפֿירט צו אַ באַרימטן אַדוואָקאַט, וועגן דעם ענין פֿון דער בראַשור איבער די קונקער ייִדן, וואָס די מיסיאָנערן פֿון דעטראָיט האָבן אַרויסגעגעבן אונטער מײַן נאָמען, אין 1940.

ווען מיר זײַנען אָנגעקומען אויף דער 42־סטער גאַס און דער 5־טער עוועניו, האָב איך פֿון ווײַטנס דערזען אויף אַ פֿענצטער פֿון דעם 4־טן שטאָק, דעם נאָמען פֿון טעדי קאַרינגטאָן.

דאָס איז געווען דער אינסטיטוט פון מיין קוזין.

עס האָט מיך אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן:

— מבשרך אל תתעלם — בלוט איז ניט קיין וואַסער.

פּעט איז אַרויף צוזאַמען מיט מיר. ער איז געבליבן וואַרטן אַ ווײַלע אין קאָרידאָר, און איך בין אַרײַן צו מיין קוזין.

ער האָט ווידער געגומען ריידן מיט מיר רוסיש.

— וואָס רעדסטו מיט מיר עפּעס רוסיש?

— אָט אַזוי.

דאָס ריידן מיט מיר אויך אויג אויף אויג אין רוסיש, האָט מיך דערוויטערט פון אים.

מיר האָבן געהאַט אָפּגערעדט אַ טאָג אין וועלכן מיר זאָלן צוזאַמען אַרויסגיין. ער האָט דאָס מיר געוואָלט מהנה זיין מיט אַ „גוד טיים". אָבער ווען עס איז אָנגעקומען דער דאָזיקער טאָג, האָב איך אים אָנגעקלונגען מיט דעם אויסרייד אַז איך פיל זיך ניט געזונט.

איך האָב געוווּסט אַז איך וועל אים מער ניט קענען קוקן גלייך אין די אויגן אַרײַן. דאָס איז געווען דער לעצטער „גודביי" וואָס איך האָב געזאָגט מיין קוזין.

אין 1960, ווען איך האָב ווידער באַזוכט ניו־יאָרק, האָב איך אים שוין מער ניט געזען, און אַפילו ניט אָנגעקלונגען צו אים.

איך האָב שוין מער ניט געהאַלטן פון „מבשרך אל תתעלם", ווייל ער האָט זיך אַנטפלייסט און אַרויסגעריסן פון אונדזער משפחה. ער האָט בכיוון אַוועקגעוואָרפן זיין יידישן נאָמען, זיין שפּראַך, זיין אָפּשטאַם, און אַפילו זיין יידישן אויסזען. ער האָט שוין אין 1957 ניט פאַרמאָגט קיין יידישן פּנים. ער האָט גיכער אויסגעזען ווי אַן אָפּגעפרעסענער קיילער, אין זיין ווייסן כאַלאַט.

דאָס איינציקע וואָס האָט גערעדט אין זיין פאַרענטפערונג איז געווען:

— אָ, גאָט, פאַרגיב אים, ווייל ער ווייס ניט וואָס ער טוט, ער ווייס ניט וואָס ער רעדט.

אַזוי האָט עס אויך פאַרשטאַנען מיין מומע שיינע — וואָס איז אויך געווען טוביהס — ווען איך האָב איר דערציילט פון דעם:

— זע, יאַנקעלע, לאָז אים אָפּ. ער איז גאָט די נשמה שולדיק. ער איז פשוט אַ „נאַביטי דוראַק" (אַ מין צוגעפּלעטשטער נאַר).

# איבער פאַרשיידענע שטעט
# פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע

נאָכן אָפּזיין עטלעכע וואָכן אין ניו־יאָרק, האָב איך זיך אַוועקגעלאָזן איבערן לאַנד און קיין קאַנאַדע.

פאַר אַן ערך 100 דאָלאַר, בין איך אויסגעפאָרן גאָר ווייטע שטחים פון די פאַראייניקטע שטאַטן. איך בין געפאָרן מיט אַן אויטאָבוס־קאָמפּאַניע. איך בין אַרויסגעפאָרן פון ניו־יאָרק קיין ניוענגלאַנד און אַנדערע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, און פון דאָרט קיין שיקאַגאָ, פון שיקאַגאָ קיין ראָטשעסטער מינעסאָטע, פון דאָרטן צוריק קיין שיקאַגאָ און נאָך דעם קיין טאָראָנטאָ, מאָנטרעאַל, און צוריק קיין ניו־יאָרק.

אַז איך בין געקומען צוריק קיין ניו־יאָרק, האָב איך דערציילט מיין שוואָגער, אַז אין איין שטאָט בין איך ניט געפאָרן מיטן בוס, ווייל אַ באַקאַנטער האָט מיך מיטגענומען, האָט ער צו מיר געזאָגט: — אויב אַזוי קענסטו דאָך צוריקבאַקומען 5 דאָלאַר. איך האָב געמיינט, אַז ער שפּאַסט פון מיר, ער לאַכט אָפּ פון אַ „גרינעם". אָבער מיין שוואָגער האָט ביי מיר געבעטן די רייזע־קאַרטע, און נאָך דעם זעלבן פאַרנאַכט האָט ער מיר געבראַכט די 5 דאָלאַר, פאַר דער שטרעקע וואָס איך בין אויף דעם אויטאָבוס ניט געפאָרן.

צום ערשטן האָב איך באַזוכט מיין פעטער אברהם־אלין — מיין באָבעס אַ ברודער. ער איז געווען אַ רייכער ייד, אַ באַלעבאָס פון צוויי טעקסטיל־פאַבריקן. ער איז דאַן אַלט געווען אַ יאָר 70 און געאַרבעט אין שותפות מיט זיינע צוויי זין. דער דריטער זון האָט אויך געאַרבעט אין דעם פעטערס געשעפטן, אָבער ווי אַ צוגעקומענער. פריער איז ער געווען אַ ייִנגל, און אַז ער איז געוואָרן אַ בחור, האָט זיך אים פאַרוואָלט דווקא החתונה האָבן פאַר זיין עלטערנס דינסט, אַ פּינלענדישע קריסטין.

מיין פעטער און די מומע זיינע געווען פרומע מענטשן, מיטן גאַנצן יידישן שטאַט.

זייער מיזיניק האָט געמוזט פאַרלאָזן די שטוב, צוזאַמען מיט דער דינסט. וואָס טוט מען ווייטער? עס איז דאָך פאָרט אַ קינד. איז מען

איינגעגאַנגען אַז די פּינלענדערין זאָל זיך מגיר זיין, און מען זאָל שטעלן אַ חופּה, כדת משה וישראל.

דער דריטער זון איז דאָס געווען ניט לאַנג נאָך דער חתונה און עס האָט נאָך דאַן ניט געקענט זיין קיין רייד אַז ער זאָל ווערן אַ שותף צו די געשעפטן פון זיין פאָטער מיט די ברידער.

די פּינלענדערין האָט זיך אין גאַנצן אויסגעלאַכט פון איר מגיר זיין זיך — פון דער גאַנצער צערעמאָניע. זי האָט געזאָגט צו מיין שוועסטער:

— וואָס מיינסטו. אַז נאָך דעם וואָס איך האָב זיך טובל געווען אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ פּאָר ווייבער, בין איך שוין געוואָרן אַ יידישקע? איך בין די זעלבע וואָס איך בין געווען.

דער מיזיניק מיט זיין גרטע, מיט אַן אָקאָרשט געבוירענעם קינד, האָבן געוווינט ביי מיין פעטער אין הויז.

מיין מומע איז דאַן געווען קראַנק, און אַ פּאַראַליזירטע פלעגט זי אָנפירן פון איר באַוועגלעכן שטול מיט דער גאַנצער שטוב, און אויך געבן איר מיינונג וועגן געשעפטלעכע ענינים.

מיין פעטער איז געווען דער פּרעזעס פון דער שטעטלשער שול און זיך געפירט, ווי אין די אַלטע, גוטע צייטן.

איך האָב שבת באַקומען מפטיר, און די מתפללים, אויסהערנדיק מיין עברי, האָבן בשום אופן ניט געוואָלט גלויבן אַז איך בין ניט קיין „גרינער", אַז איך קום פון „סאַוט־אַמעריקע". דאָס איז געווען דער איינציקער נחת וואָס איך האָב פאַרשאַפט מיין פעטער.

מיט דעם וואָס איך בין אַ שרייבער האָט ער זיך ניט געגרוויסט. ער האָט ניט געוווּסט מיט וואָס מען עסט דאָס.

מיין פעטער אברהם־אלי איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע מיט קנאַפּע אַכציק יאָר צוריק, פון אַ ליטווישן שטעטל, און איז ווייט ניט אַוועק. זיין גאַנץ לעבן האָט ער אַוועקגעגעבן פאַר פּרנסה און פאַר העלפן אַ קרוב פון דער אַלטער היים.

ער האָט אָנגעהויבן אין אַן אָפּגעלייגט שטעטל פון אַמעריקע, מיט פּעדלעריי, און זיך דערשלאָגן צו אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. אָבער ווען ער האָט שוין דאָס דערגרייכט, איז ער אַלט געוואָרן. זיין דאָקטער האָט אים פאַרזאָגט זיך אָפּצורוען נאָך יעדן עסן. אָבער, ווי האָט ער דאָס געקענט אויספירן, איצט, ווען ער איז אַ פאַבריקאַנט און פאָרט אין זיין פאַבריק אַריין אין אַ גלאַנציקן, נייעם אויטאָמאָביל?

ער האָט זיך אויך ניט געקענט אונטערגעבן פאַר זיינע קינדער, אַז

ער איז שוין אַן אַלד־מען, און טויג שוין צו גאָרניט. איז ער טאַקע אין אַ פּאָר יאָר אַרום נאָך מיין באַזוכן אים, געשטאָרבן.

ער האָט זיך אויך געהאַט זיינע „האָביס" — זען אַ שאָו (אַ פילם), און איז געווען אַ ליבהאָבער פון פּאָרצעלייען און קרישטאָלן.

ווען איך בין געווען ביי אים צו גאַסט, האָט ער מיר געוויזן זיין בופעט, אָנגעשטעלט מיט אַלערליי פּאָרצעלייען און זעלטענע קרישטאָלן.

זיין עלטערע שנור האָט דאַן צו אים געזאָגט:

— אַ יאָ, פּאַפּ, דאָס וועט זיין פּאָר מיר, ווען דו וועסט שטאַרבן? — אָנווייזנדיק אויף פּאָרצעלייען־שטיקער און אויף קרישטאַלן, וואָס זיינען איר געפעלן.

איך האָב זיך אויך, אין דעם זעלבן שטעטל, באַקענט מיט די קינדער פון דער מומע בוניען — אַ שוועסטער פון דעם פעטער אברהם־אלין און פון מיין באָבען. זי און איר מאַן האָבן שוין ניט געלעבט. איינער פון אירע זין איז געווען אַן אַדוואָקאַט, וואָס פלעגט קומען שבת אין שול אַריין, דער צווייטער איז געווען אַ מאָדעליסט פון אַוויאָנען, און די טאָכטער איז געווען די יורשטע פון די עלטערנס געשעפטן. זי האָט געהאַט אין שטוב אַלערליי סחורה און קאָנפעקציע־אַרטיקלען צו פאַרקויפן.

פון מיין פעטער אברהם־אלין בין איך געפאָרן קיין ניועגלאַנד, זיך צו טרעפן מיט מיין מומען אסתר־איטל. די מומע אסתר־איטל איז געווען מיין זיידנס (דעם ראָזשאַנקערס רבס) אַ שוועסטער, און איז געווען פונקט אַזוי קלוג ווי ער.

זי איז געווען די פּראַקטעקטאָרשע פון מיין טאַטן. ער איז פּאַר איר געווען די קרוין פון קאָפּ, איר בערעלע.

אַז מיין טאַטע פלעגט דאַרפן התונה מאַכן אַ טאָכטער, האָט שוין די מומע אסתר־איטל צוגעשיקט עטלעכע הונדערט דאָלאַר.

זי אַליין האָט קיין געלט ניט געהאַט, נאָר זי פלעגט שוין דאָס צונויפנעמען ביי די רייכע קרובים.

איר מאַן, דער פעטער שמואל־זימל, איז געווען אַ שוחט און אַ מטופל בבנים. זיי האָבן זיך אַלע ווי עס איז אויסגעהאָדעוועט אין אַמעריקע און געקומען צו אַ גוטן מעמד.

מיין מומע האָט איינגעלייגט וועלטן אַז מיין טאַטע זאָל קומען קיין אַמעריקע און דאָרטן ווערן אַ גרויסער רב.

מיין טאַטע האָט דערפון ניט געוואָלט הערן. ערשטנס האָט ער ניט

געוואָלט וויסן פון דער גוישער אַמעריקע, און אַחוץ דעם האָט ער שטאַרק מורא געהאַט פאַר בייסן.

זיינע קינדער און זיך אַליין האָט ער מיט דעם קיין טובה ניט געטאָן. ער, מיין מאַמע, און מיינע פיר שוועסטער, מיט זייערע פאַמיליעס, וואָלטן אויסגעמיטן דעם וועג צו אַ מיתה בשריפה, און די איבעריקע קינדער זיינע האָבן סיי ווי סיי אויסגעוואָנדערט אין דעם „גוישן" אַמעריקע.

ווען איך בין אָנגעקומען צו דער שטוב פון מיין מומע אסתר־איטל, האָב איך זיך פאַרווונדערט. ווו געפין איך זיך ערגעץ? אין אַמעריקע, אָדער אין ראָזשאַנקע, צי אָסטרין?

דער אַרויפגאַנג צו איר אין שטוב — דורך הילצערנע טרעפּ. דאָס שטיבל, ווי אַ קליינשטעטלדיקס — פון צוויי צימערן — פון אַ „שטוב" מיט אַ „קאַמער", דאָס הייסט, פון איין צימער וואָס דינט פאַר אַן עס־שטוב און אַ „כל־בו", און פון אַ צווייטן, אַ שלאָף־צימער.

ביים טיש אין „שטוב" איז געזעסן דער פעטער שמואל־זימל, מיט אַ שיינער, ווייסער באָרד איבערן ברוסט און מיט טויבן־אויגן. ער האָט זיך געשמאַק געשאָקלט ביי דער גמרא.

אַז מיר זיינען אַריינגעקומען צו מיין מומע אסתר־איטל אין שטוב אַריין, איך מיט מיין שוועסטער, האָבן מיר זי ניט געפונען.

דער פעטער האָט אונדז אָנגעקוקט. מיר האָבן זיך פאַר אים פאָרגע־שטעלט. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין טיכל אויף דעם דף ווו ער האָט גע־לערנט, און האָט זיך אויפגעהויבן.

ער האָט מיר אָפּגעגעבן אַ פריידיקן שלום־עליכם, און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט מיר און מיט מיין שוועסטער.

מיין מומע איז אָנגעקומען פּונקט דאַן ווען מיין פעטער האָט מיך אַ פרעג געטאָן:

— נו, יאַנקעלע, וואָס הערט מען? — דאַוונסטו כאָטש?

מיין מומע האָט אים אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט:

— ע, „דורעין" וואָס דו ביסט, וואָס דרייסטו אים אַ קאָפּ מיט דאַוונען. האָסטו אים כאָטש געפרעגט, צי ער איז ניט הונגעריק?

זי האָט אונדז אָנגעקאָרמעט, און געלייגט אָפּרוען פון דעם וועג.

מיר האָט זי באַלייגט אין קאַמער, אין דעם בעט וואָס איז געווען פול מיט קישנס און מיט קישעלעך, ביז צו דער סטעליע אַרויף, אַזוי ווי מען האָט זיך נוהג געווען ביי איר אין אָסטרין.

מיין פעטער שמואל־זימל האָט ווייטער געלערנט, אויף אַ נידעריקן קול,

און אַ שטילער ניגון האָט מיך פאַרוויגט און אַוועקגעפירט אין מיין פריערדיקער וועלט אַריין.

ער איז שוין דאַן געווען נאָענט צו די ניינציק, אָבער עס איז גאָרניט געווען קאָנטיק אויף אים. ער האָט געהאַט אַ גלייכן גאַנג, און אַ חשק צום לעבן, וואָס האָט זיך ביי אים אויסגעדריקט אין אַריינכאַפּן וואָס מערער עולם־הבא, וואָס מערער תורה ומעשים טובים.

ער האָט געלערנט, חוץ דעם ד״ף יומי וואָס איז געווען אָנגעזאָגט דורך דער ראַדיאָ, אויך זיין אייגענעם בלאַט גמרא.

דאַן, ווען איך האָב אים געטראָפן, האָט ער זיך שוין פון לאַנג אָפּגעזאָגט פון עסן פלייש. ער האָט איבערגעלאָזן די שחיטה ווען ער איז אַלט געוואָרן זיבעציק יאָר, ווייל עס איז ניט רעכט צו שעכטן אויף דער עלטער, מחמת די הענט קענען אַ ציטער טאָן, און פון קיין אַנדערנס שחיטה האָט ער ניט געוואָלט עסן.

דאָס ניט עסן קיין פלייש איז אפשר פאַר אים געווען אַ סגולה צו אריכת־ימים.

די מומע אסתר־איטל איז געגאַנגען, אויף דער עלטער, אויף קורסן פאַר ענגליש, כדי זי זאָל זיך קענען צוזאַמענשרייבן מיט איר מיזיניק אברהם־יאַנקעלען, וואָס האָט שוין קיין יידיש ניט געקענט שרייבן און לייענען, און ווייל עס שאַט סתם ניט אַז מען קען.

איך האָב זיך אויך געטראָפן מיט זייערע קינדער פון ניועגלאַנד. איינעם, יודעלען, האָב איך נאָך געדענקט פון דער ישיבה אין ווילנע, ווו ער האָט געלערנט.

מיין מומע אסתר־איטל און מיין פעטער שמואל־זימל האָבן געהאַט אַ גוטע און זאַטע עלטער, אַרומגערינגלט מיט קינדער און קינדס קינדער, און באַגלייט פון מעשים־טובים.

די מומע איז געשטאָרבן אין די הויכע אַכציקער און דער פעטער צו די 96 יאָר, ביי אַלע זיינע חושים. דער ניגון ביי זיין בלאַט גמרא האָט זיך אָפּגעשטעלט צוזאַמען מיט זיין לעבן.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט דער משפחה פון מיין טאַטנס צד, בין איך אַוועק זען די משפחה פון מיין מאַמען.

מיין מאַמע האָט געהאַט אַ פאַרצווייגטע פאַמיליע אין די שטאַטן. אַחוץ אַ ברודער און אַ שוועסטער, האָט זי דאָרטן פאַרמאָגט שוועסטער־קינדער און אַנדערע קרובים לרוב.

געפאָרן בין איך צו מיין מומע שיינען. די מומע שיינע איז געווען

אַ קאָפּיע פון מיין מאַמען. איך האָב איר נאָך געדענקט פון דער היים, פון דאַן ווען זי איז זיך געקומען זעגענען מיט אונדז, צוזאַמען מיט אירע דריי מיידלעך און איר איינציקן זונעלע — איסרקע. איר מאַן איז שוין פון פריער געווען אין אַמעריקע.

איך בין נאָך דאַן געווען גאָר אַ קינד. מיין מומעס יינגעלע איז געווען אין מיינע יאָרן.

מיין פעטער איצל, דער מומע שיינעס מאַן, איז געווען פון אַ פיינער קאַלוועריער משפּחה. אַן איידלמאַן און אַ גוטע נשמה, אַ שטיק ברילִיאַנט, אָבער קיין פּרנסה פון דעם שטיק ברילִיאַנט וואָס ער איז געווען, האָט ער ניט געקענט מאַכן...

איסרקע, דאָס עלטערע יינגל, האָט זיך גוט געלערנט, און אין גיכן אָנגעהויבן אַרויסצוהעלפן אין דער פּרנסה, ביי וואָס ער האָט נאָר געקענט.

ער איז געווען אַ צייטונגס פאַרקויפער און אַ שיק־יינגל. ער האָט אַלץ געטאָן, אַבי נאָר צו שטיצן זיינע עלטערן.

ביסלעכווייז האָט ער אַזוי אויסגעשטודירט פאַרמאַציע.

מיין מומע שיינע האָט געוווינט די גאַנצע צייט אין שיקאַגאָ.

ווען איך בין געקומען צו איר, האָט איר זון — איצטער איזידאָר — געהאַט אַ גרויסן דראָג־סטאָר, אויף איינע פון די צענטראַלסטע גאַסן פון דער שטאָט.

מיין קוזין איזידאָר איז געווען אַ גרויסער פאַרדינער. ער האָט אַרויס־געהאָלפן די עלטערן און די משפּחה. מיין מומען פלעגט ער אָנטאָן אין די טייערסטע בגדים און איר שיקן יעדעס יאָר — ווינטער־צייט — קיין קאַליפאָרניע.

איך וועל אייך אויסזאָגן אַ סוד, אַז מיין טייערער, פיינער פעטער, איז געבליבן ביי זיינע געשעפטן, וועלכע ער האָט געהאַט אָנגעהויבן מיט פערציק יאָר צוריק — אין אָנהויב יאָרהונדערט — ביים מסחר פון אַלטע זאַכן.

איך בין ביי מיין מומען געווען האַרבסט־צייט.

מיין פעטער פלעגט אויפשטיין גאַנץ פרי, אָפּדאַוונען, איבערכאַפּן עפּעס, זיך אָנטאָן אין אַזאַ פוטערנעם קאַמזויל אונטערן רעקל, און שטילערהייט זיך אַוועקלאָזן איבער די גאַסן, צו זוכן זיין מחיה.

ער האָט טאַקע געוווּסט, אַז ער איז ניט דער הויפּטשפּייזער פון שטוב, אָבער ער האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב צו טאָן עפּעס פאַר זיין אויס־קומעניש.

ער איז שוין דאַן אַלט געווען 73 יאָר.

מיין מומעס דריי טעכטער זיינען שוין געווען חתונה געהאַט, איינע פאַר אַן אַדוואָקאַט, איינע פאַר אַ דאָקטער, און איינע פאַר מיין און איר קוזין, פאַר דעם זון פון דעם פעטער מירקיס, מיט וועמען איך בין צוזאַמען געשלאָפן, אויסגעבעט אויף די צוזאַמענגעשטעלטע שטולן, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ער איז געווען אָפּגעריסן פון דער משפחה זיינער.

מיין קוזין, איסר, איז ניט געווען פאַרהייראַט. מיין קלוגע מומע האָט וועגן דעם קיין מאָל ניט גערעדט.

אין דעם איז געווען פאַרבאָרגן אַ באַהאַלטענע ליבע, ווי איך פאַרשטיי מיט ניט קיין יידין, וואָס האָט ניט געקענט קומען צו קיין חתונה, ווייל מיין קוזין האָט צו פיל ליב געהאַט זיין טאַטע־מאַמע און האָט זיי ניט געוואָלט גורם זיין דעם טויט.

מיין מומע האָט מיר אָפּגערעדט איך זאָל זיך באַגעגענען מיט מיין פעטער חאַצקל, מיין מאַמעס און איר ברודער. דאָס איז דער זעלבער פעטער פון וועלכן מיין מאַמע פלעגט דערציילן וועגן זיין לעגענדאַרישער רייכקייט און אַז ביי זיין טיר איז געשטאַנען אַ בעגער.

דער פעטער חאַצקל האָט געוווינט אין פיטסבורג.

אין אונדזער משפחה איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז ער האָט טייל־ווייז אַ שולד אין דעם וואָס דער ייִנגסטער ברודער פון מיין מוטער — דער פעטער אַרקע — איז געפאַלן אויף די שלאַכט־פעלדער פון דער ער־שטער וועלט־מלחמה. מיין מאַמעס משפחה האָט געטענהט, אַז מיין פעטער אַרקע איז געווען אַ פּאַטריאָטישער קרבן פון דער פירמע, פון וועלכער מיין פעטער חאַצקל איז געווען דער באַלעבאָס.

מיין מומע שיינע איז קעגטיק אויך געווען אָנגעשטעקט מיט דעם זעלבן פאַרדאַכט צו איר ברודער. אַחוץ דעם האָט זי געהאַט טענות צו אים, הלמאי ער האָט זיך געלאָזט רויגירן פון זיין ווייב, די יאַנקי. און נאָך אַן עוולה האָט זי געהאַט ביי אים — ווי אַזוי דערלויבט ער זיך דאָס — אַ כהן — צו שדכנען צו אַ גרושה (ער איז דעמאָלט געווען אַן אַלמן).

איך בין שוין צו מיין פעטער האַצקל ניט געפאָרן.

איך האָב זיך באַקענט מיט אַ סך קרובים פון מיין מאַמען. אַ סך פון זיי זיינען געווען גאָר רייכע ביזנעס־לייט, אָבער אַלע האָבן זיי זיך געפירט יידישלעך, אַפילו די יוגנט.

אויך די טעכטער פון מיין מומען האָבן אַלע געפּיטר אַ כשרע קיך. איך האָב אין די שטאַטן אַפילו געטראָפן מיין מאַמעס קוזין חצקאל געניגזאַן, מיט וועמען איך האָב זיך געהאַט באַקענט אין מאַריאַמפּאָל. איך האָב אים געהאַט געקענט פאַר אַן אלטן בחור. דאָ קיין אַמעריקע איז ער געקומען מיט אַ ווייב און מיט אַ קינד, און ער האָט אַוועקגעוואָרפן די פילאָזאָפיע אַז מיט אַ ווייסן קאָלנער איז גאָר שווער ביז ער ווערט שוואַרץ — ווערט ער שוואַרץ, וועט ער שוין שוואַרצער ניט ווערן. חצקאל האָט געהאַט אַ שוועסטער אין אַמעריקע, וואָס האָט שוין געהאַט דער־וואַקסענע אייניקלעך, געבוירן אין די שטאַטן, און זיי האָבן ניט אָנגע־גומען קיין שטעלע ווו מען דאַרף שבת אַרבעטן.

דער פעטער איצל האָט מיך מיטגענומען, אין אַ שבת פאַרנאַכט, אין דער קלאָוואַריער שול. די גאַנצע אויסשטאַטונג פון דער שול, די דאַוונער און דער רב, האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן זיך טאַקע געפונען אין קאַלוואַריע.

דער רב האָט זיך באַקענט מיט מיר, און האָט אַ זאָג געטאָן צו מיר מיט מתיקותדיקער התפּעלות:

— איך האָב געקענט דעם טאַטן. געווען אַן אדם גדול, אַן אמתער עילוי.

ער האָט עס געזאָגט אויף אַזאַ מין אופן, אַז ער זאָל מיר ניט דאַרפן, ניט אירצן און ניט דוצן.

אין שיקאַגאָ האָב איך פאַרבראַכט צוויי מאָל צו 10 טעג. אין צווישן בין איך געווען אין מאיאָ־קליניק.

פאַר דער צייט פון מיין זיין אין שיקאַגאָ, בין איך געווען דער גאַסט־רעדנער אויף דעם יערלעכן באַנקעט פון די פוילישע יידן.

איך האָב פריער ניט דערציילט, אַז אָנקומענדיק קיין ניו־יאָרק האָב איך זיך באַטייליקט אַלס פאָרשטייער פון פוילישן יידנטום אין טשילע, אויף דעם צוזאַמענפאָר פון די פוילישע יידן אין ניו־יאָרק.

דער הויפּט־רעפערענט איז דאָרטן געווען דער באַרימטער שרייבער יוסף אָפּאַטאָשו.

איך בין עטלעכע מאָל אַרויסגעטראָטן אויף דעם קאָנגרעס, אין לויף פון די פאַרהאַנדלונגען.

דער צוזאַמענפאָר איז געשטאַנען אונטער דעם בלוטיקן צייכן פון דער אָקאָרשט אויסגעבראָכענער וועלט־מלחמה, און אַלע דעלעגאַטן האָבן געציטערט פאַרן גורל פון דעם פוילישן יידנטום.

קיינער האָט זיך דאַן ניט פאָרגעשטעלט אַז דער אומגליק וועט זיין אַזוי גרויס, און אַז היטלערס אויסראָטונג פון די יידן וועט זיך פאַרשפּרייטן, ווי אַ מגיפה, איבער אַ סך אַנדערע לענדער מחוץ פּוילן.

דער פּרעזידענט פון די פּוילישע יידן אין אַמעריקע איז געווען אַ רייכער מאַן און ער האָט איינגעאָרדנט דעם באַנקעט פאַר די דעלעגאַטן ביי זיך אין שטוב.

ער האָט מיך דאַן אויסגערופן צו נעמען דער ערשטער דאָס וואָרט, כדי איך זאָל אויפהויבן די שטימונג ביי די דעלעגאַטן.

די פאָרטרעטער צום קאָנגרעס פון שיקאַגאָ, זיינען געווען ברוין און רבי גראובארט.

זיי האָבן ביי מיר געגומען דאָס וואָרט, אַז ווען איך וועל באַזוכן שיקאַגאָ, זאָל איך אַרויסטרעטן אַלס גאַסט-רעדנער אויפן יערלעכן באַנקעט פון די פּוילישע יידן.

איך האָב דאַן מיטגענומען צו דעם באַנקעט מיין מומען. זי זאָל זיך אַוועקזעצן ביים טיש, האָב איך ביי איר בשום אופן ניט געפּועלט — אפשר דערפאַר, ווייל דער טיש איז ניט געווען פאַר איר קיין צו פיל כשרער — נאָר זי איז געשטאַנען פון ווייטן און געשלונגען יעדעס וואָרט וואָס איך האָב אַרויסגעבראַכט.

מיין מומע מיט אירע טעכטער, זיינען אויך געווען אויף דעם אָוונט וואָס דער שלום-עליכם-אינסטיטוט פון שיקאַגאָ האָט פאַר מיר איינגעאָרדנט, ווו נאָר איך אַליין בין אויפגעטראָטן.

איך בין אויך געווען דער פּריוואַטער גאַסט פון רבי גראובארט.

פּריער, פּרייטיק צו נאַכטס, האָב איך באַזוכט זיין שול, ווו ער האָט געדרשנט איבער פּרצן אויף ענגליש, און נאָך דער תפילה זיינען מיר געגאַנגען צו אים אַהיים. דאָס איז דעם ערשטן מאָל וואָס איך בין געווען איינגעלאַדן אויף פּרייטיק צו נאַכטיקן כיבוד, ביי אַ רבי אין שטוב.

די געזעלשאַפט אַ געמישטע, פון מענער און פרויען, איז געווען אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטע, און דער קודש האָט פאַרשטעלט דעם חול.

אין ראָטשעסטער, מינעסאָטע, בין איך אָפּגעווען 10 טעג ביז איך האָב דורכגעמאַכט אַלע פּרוווּנגען און געזונט אונטערזוכונגען.

דער מאיאָ-קליניק באַשטייט פון אַ צען-שטאָקיקער געביידע, און זעט אויס ווי אַ קראַנקן-אינדוסטרי.

דער באַלעבאָס פון דעם האָטעל ווו איך בין געשטאַנען איז געווען אַ כלל-טוער פון ראָטשעסטער יידישער געזעלשאַפט, און פונאַנדער-

ריידנדיק זיך מיט מיר, האָט ער מיך איינגעלאַדן צו האַלטן אַ רעפעראַט אין דער דאָרטיקער שול.

די שול, אין די שטאַטן, איז ניט נאָר אַ מקום־קדוש, נאָר אויך אַ מין אָרט וווּ די יידישע מענטשן קומען זיך צוזאַמען — אַ מין קלוב, להבדיל.

איך האָב דאַן געהאַט אַ פאָראורטייל צו אַ יאַרמלקע און גערעדט אין אַ הוט.

דער דאָרטיקער רבּי, האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר דעם עולם.

איך האָב באַקומען מיין האָנאָראַר פאַר מיין אויפטריט אין דער שול. נאָר מיין גרעסטער שכר איז פאַר מיר געווען, ווען אַן עלטערע פרוי איז צו מיר צוגעגאַנגען, מיך באַגריסט, און צום סוף געבענטשט דעם בויך פון מיין מאַמען וואָס האָט אַזוינס אַרויסגעגעבן פון זיך.

די רעזולטאַט פון אַלע פּרוווּנגען און אונטערזוכונגען אין קליניק מאיאָ, האָבן באַוויזן אַז איך האָב אַ מאָגן־געשוויר און שטיינער אין גאַל־זעקל און די דאָקטוירים האָבן אַרויסגעגעבן דעם פסק, איך זאָל דורכפירן צוויי אָפּעראַציעס. איך בין אויף דעם ניט געווען גרייט. ערשטנס האָב איך מורא באַקומען, טאָמער שטאַרב איך דאָ אַן עלנטער, ווייט פון דער משפחה און פון דער גאַנצער וועלט. אַחוץ דעם, וווּ נעמט מען אַזאַ מטמון מיט געלט. דאָס האָט געדאַרפט קאָסטן איבער טויזנט דאָלאַר און איך האָב זיי ניט פאַרמאָגט.

מילא, פאַר דעם האָנאָראַר פון די אונטערזוכונגען אין מאיאָ־קליניק קען מען אָפּצאָלן ביסלעכווייז, לויט דער מעגלעכקייט פון יעדער איינעם. דערצו האָב איך נאָך געהאַט אַ רעקאָמענדאַציע פון י. ל. פּרץ־שרייבער־פאַראיין פון ניו־יאָרק.

בכלל איז אין דער מאיאָ־קליניק אָנגענומען ניט צו פרעגן ביי דעם חולה צי ער האָט צו באַצאָלן, אָדער ניט. פריער נעמט מען דעם חולה אָן. נאָך דעם, אַז מען דערוויסט זיך זיין עקאָנאָמישן מצב, שטעלט מען אים צו דעם חשבון, רעכענענדיק זיך מיט זיין לאַגע.

אָט האָב איך אין דעם גרויסן אויפנעם־צימער פון מאיאָ־קליניק זיך באַגעגענט מיט אַן עלטערן יידן, אַ מין „טיטשער"־מלמד פון אַלטן שניט. ער איז געגאַנגען לאַנג געקליידט און אַן אַ באָרד. ער האָט געטראָגן אַ פּאָר דיקע ברילן, פון וועלכע עס האָט זיך נאָר אַרויסגעזען אַ פינטעלע אויג.

ער פלעגט קומען צו דער סאָציאַלער אַרבעטאָרין פון בני־ברית, צו דער מיסיס גאָרדאָן, וואָס איז דאָרטן געזעסן ביי אַ טישל און האָט זיך מטפל געווען מיט יעדער איינעם וואָס פלעגט דאַרפן אָנקומען צו איר

הילף. דער ייד האָט זיכער ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר דער באַהאַנדלונג אין קליניק, און דאָך האָט מען אים דאָרטן אונטערזוכט צו גלייך מיט אַלעמען. און אפשר האָט די בני־בית באַצאָלט פאַר אים.

די פרוי ביים טישל פון בני־ברית האָט אים אויך געהאָלפן צוזאַמענ־ריידן זיך מיט די דאָקטוירים, ווייל ניט קוקנדיק אוף דעם וואָס ער האָט זך געפונען אַ לענגערע צייט אין אַמעריקע, האָט ער נאָך אַלץ ניט געקענט דעם ענגלישן לשון.

איך פלעג קומען צום טישל פון בני־ברית נאָך אַ יידישע צייטונג, וואָס דאָס האָט אויך ניט קיין קליינעם ווערט אין דער ווילטעטיקייט פון דער אויבנדערמאָנטער חברה.

איך האָב זיך דאָרטן אָנגעשטויסן אָן דעם „טיטשער״־מלמד מיט די דיקע ברילן און מיר האָבן פאַרפירט אַ שמועס.

וועגן וואָס האָט מען גערעדט אין יענע טעג? וועגן פּאָליטיק.

דער מלמד האָט געשאָטן פעך און שוועבל אויף טשעמבערליינען און אים געשאָלטן מיט טויטע קללות:

— אַז אַ מיתה־משונה זאָל ער איינגעמען, אָט דער ימח־שמוניק, אָט דער שונא און עוכר־ישראל, אָט דער עובר־בטל. ער איז דאָך נאָך ערגער פון היטלערן.

— איר זייט דאָך אַ גאַנצער קאָמוניסט, ר׳ ייד, — האָב איך צו אים אַ זאָג געטאָן. — זיי זאָגן דאָך אויך אַז טשעמבערליין איז ערגער פון היטלערן.

— אַ קאָמוניסט!? איך!? סטייטש, ווי קענט איר אַזוינס זאָגן? איך בין אַן ערלעכער ייד, וואָס גלויבט אין גאָט. אָבער טשעמבערליין איז שולדיק. ער האָט געגעבן רשות דעם שטן־המשחית, דעם היטלערן, און ער וועט אומברענגען די יידן. און וואָס איז שייך קאָמוניזם, ר׳ ייד, קען איך אייך זאָגן אַז קיין קאָמוניסט בין איך טאַקע ניט, אָבער גלאַט גייט עס ניט צו אויף דער וועלט. פרעג איך אייך, איז דאָס רעכט? איך לעב שוין 20 יאָר אין אַמעריקע, און זעט ווי איך זע אויס. איך האָב דאָך אַפילו ניט קיין רעכטע העמד אויף מיין לייב. זעט ווי איך גיי אָנגעטאָן. און איר ר׳ ייד, פון וואַנען קומט איר?

— איך? — פון טשילע.

— טשילע? וואָס פאַר אַ לאַנד איז דאָס? ווו געפינט זיך עס?

— אין סאוט־אַמעריקע.

— אַזוי גאָר ? סאַוט־אַמעריקע ? טשיקאַווע. גאָרניט געוווּסט. סאַוט־אַמעריקע ? מען דאַרף דאָס פאַרשרייבן.

דער ייד מיט די גראָבע ברילן נעמט אַרויס פון קעשענע אַ ביכעלע, און שרייבט עפּעס אַהין אַריין.

— זיינען עפּעס דאָ יידן, אָט אין דעם טשילע ?

— ביי אַ דרייסיק טויזנט.

— אַזוי גאָר ! דרייסיק טויזנט זאָגט איר ? אָן עין־הרע, דרייסיק טויזנט יידן, כן ירבו, כן ירבו. מען דאַרף דאָס פאַרשרייבן.

איז ווי איר זעט, צוגענומען יוערן, ווערט מען אין מאַיאָ־קליניק, אַפילו אָן געלט אויך.

אָבער דער האָנאָראַר פאַר די אָפּעראַציעס און די הוצאות פון אַ קראַנקן־שוועסטער — דאָס האָט שוין ניט צו טאָן מיט דער מאַיאָ־קליניק. דאָס דאַרף מען גלייך באַצאָלן.

דער הויפּט־דאָקטער האָט מיך געשיקט רופן און מיר דערקלערט מיין לאַגע, דורך אַ דאָלמעטשער.

— און אַז איך וועל זיך ניט אָפּערירן — האָב איך געפרעגט דעם דאָקטער.

— וועסט זיך מוזן אָפּערירן. עס וועט קומען אַ צייט וואָס דו וועסט ניט קענען עסן, און אָן עסן לעבט נאָך קיינער ניט.

— איז אפשר זאָל איך זיך אָפּערירן אין טשילע ?

— איך בין געווען ביי אייך אין לאַנד, איך האָב פון דאָרטן אַפילו אַן ערן־טיטל, אָבער צום באַדויערן, די מעגלעכקייטן פון טשילע און די איינריכטונגען פון די דאָרטיקע שפּיטאָלן זיינען ווייט פון אונדזערע.

איך האָב זיך אָפּגעבעטן ביים דאָקטער.

— איך וועל זיך באַטראַכטן.

איך האָב דעזערטירט.

פאַר די צען טאָג וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין דעם האָטעל פון ראָטשעסטער, מינעסאָטע, האָב איך זיך דאָרטן באַקענט מיט אַ סך פון די פּאַציענטן. זיי האָבן צו מיר געטענהט:

— פאָלגט, גרינער, לאָזט זיך „פיקסן״. איר וועט אַרויסגיין ווי אַ נייער. היינט שטייט די כירורגיע זייער הויך.

דאָרטן איז געשטאַנען אַ קאַנאַדער ייד, פון וויניפּעג, אַ מלומד און אַ גוה־לבריות. ער האָט געהאַט צו טאָן מיטן האַלדז. ער איז געווען אומרויִק וועגן זיין מצב.

ער האָט געקענט אַ גוטן העברעיִש און איז געווען באַהאַוונט אין דער העברעיִשער און אין דער יידישער ליטעראַטור.

מיט זיין זון — אַ געבוירענעם אין קאַנאַדע — פלעגט ער קאָרעס־פּאָנדירן אין העברעיִש. ער פלעגט מיר ווייזן זיין זונס בריוו. און ער האָט געמעגט שטאָלץ זיין מיט אַזעלכע בריוו, אין אַזאַ לעבעדיקן נוסח זיינען זיי געווען געשריבן.

דער אָ קאַנאַדער ייד, האָט מיר פשוט צוגעזאָגט צו העלפן מיט אַ הלוואה אויב איך וועל זיך באַשליסן צו אָפערירן.

איך האָב אַ לענגערע צייט קאָרעספּאָנדירט מיט אים. אין יעדן בריוו האָט ער זיך געקלאָגט אויפן פאַרלירן זיין שטים. דאָס איז געווען פאַר אים אַ טראַגעדיע, ווייל ער איז געווען אין זיין שול דער גאַנצער רעד־נער און אויך דער פיינער בעל־קריאה.

זיינע בריוו צו מיר זיינען מיט דער צייט געוואָרן זעלטענער. ער איז אַלץ געוואָרן שוואַכער, ביז ער איז דערשטיקט געוואָרן, און זיין קול מיט זיין לעבן האָבן זיך איבערגעריסן.

פון ראָטשעסטער האָב איך זיך ווידער אומגעקערט קיין שיקאַגאָ, צו מיין מומען, וווּ איך האָב פאַרבראַכט נאָך אַ צען טאָג.

מיינע שוועסטערקינדער האָבן מיר ניט געקענט מוחל זיין פאַרוואָס איך האָב זיך אומגעקערט פון ראָטשעסטער מיט ליידיקן, און זיך ניט געלאָזט אָפערירן. זיי האָבן געקוקט אויף מיר ווי אויף אַ מענטשן „פון אַלטן פאַסאָן", וואָס שרעקט זיך פאַר אַן אָפעראַציע.

איבערהויפּט האָט קאָמאַנדעוועט מיין ייִנגסטע שוועסטערקינד — אַ קראָסאַוויצע און אַ קאַפּריזנע — וואָס איז אייביק געווינט געווען מען זאָל זי פאָלגן.

— סטייטש — האָט זי געשריען מיט טרערן אין די אויגן — ווי אַזוי טוסטו דאָס אָפּ אַזאַ זאַך. און אַז עס וועט דיר חס ושלום ערגעץ געבן אַן אַטאַקע אויפן מיטן וועג, וואָס וועט דאַן זיין ?

זי איז געווען געקרענקט וואָס איך בין אַזוי מבטל די וווּנדער פון דער אַמעריקאַנער כירורגיע, און אין איר פאַנטאַזיע האָט זי מיר שוין געזען אַ פאַרלוירענעם.

איצט איז געקומען די צייט צו באַזוכן מיין שוועסטער אתסרקען. זי איז מיר טאַקע געקומען באַגעגענען אין ניו־יאָרק און האָט דאָרטן פאַרבראַכט מיט מיר ביי אַ צען טאָג, אָבער איך האָב דאָך אויך געמוזט זיין איר גאַסט און זיך באַקענען מיט איר מאַן, מיט דעם זעלטענעם

מענטשן, וואָס איז פול געווען מיט הומאָר און אויסערגעוויינטלעכער גראָטעסקייט.

איך האָב זיך שוין באַגעגנט מיט אַ וועלט מיט מענטשן, גאָר גאָך אַזאַ ווי דאָס איז מיין שוואָגער יאַנקעלע, האָב איך נאָך ניט געטראָפן.

מיין שוועסטער אסתרקע איז געווען אַ פול־באַחנטע און האָט שוין מיט יאָרן לאַנג געשלאָגן דעם רעקאָרד פון צו זיין די איינציקע תלמידה (אַ פרוי) אין דעם פּאָליטעכניקום פון ווילנע. דאָרטן האָט זי זיך דאָס באַקאַנט מיט איר יאַנקעלען, וואָס האָט איר שפּעטער אָפּגענומען קיין קאַנאַדע.

דער גרעניץ צווישן קאַנאַדע און די שטאַטן איז געווען ביי דעטראָיט.

די קאַנאַדער רעגירונג איז זיך נוהג אַריינצולאָזן אין לאַנד אַריין יעדן איינעם וואָס האָט אַן אַמעריקאַנער וויזע.

דאָס מאָל, אין מלחמה צייט, איז דאָס אַריבערגיין דעם גרעניץ געווען אַ ביסל שווערער. מען האָט יעדער איינעם איבערגעטרייסלט דעם באַגאַזש, און אַנדערע, פאַרדעכטיקטע, אַפילו ניט אַריינגעלאָזן אין לאַנד.

דער אויטאָבוס וואָס האָט מיך געדאַרפט נעמען קיין טאָראָנטאָ, האָט זיך צוליב מיר פאַרהאַלטן, און אָנשטאָט דעם וואָס די קאַנאַדער פּאַסאַזשירן האָבן געדאַרפט זיין אויף מיר ברוגז און האָבן צו מיר טענות, האָבן זיי זיך גאָר פאַר מיר פאַרענטפערט:

— דאַרפסט פאַרשטיין, אַז עס איז איצט מלחמה־צייט. אַזוי פאַרהאַלטן מיר ניט קיין מענטשן.

דער עולם אין אויטאָבוס איז געוואָרן פריילעכער.

מיך האָט מען אַ נאָמען געגעבן, טשילע.

טשילע אַהער און טשילע אַהין. און מען לאַכט.

דער ראש־המדברים איז געווען איינע אַ פרוי. איר קול האָט מען געהערט מער פון אַלעמענס. האָט זי עפּעס געזאָגט, איז דער עולם צע־זעצט געוואָרן פון געלעכטער.

נאָך איר רירעוודיקייט נאָך, נאָך איר הומאָר־פולקייט, האָב איך געגומען טראַכטן אַז זי איז אַ יידישקע.

איך האָב אויספּרובירט דעם פּאָרטל פון דעם צאָן־דאָקטער פונד, און גענומען ריידן צו דער פרוי דייטשמעריש. זי האָט מיר געענט־פערט אין אַ חצי יידיש, פּאָלאָווינע ענגליש, און האָט זיך גענומען חכמהנען אויפן חשבון פון די גויים.

איר באַנק־שכן האָט זיך געביטן מיט מיר דעם פּלאַץ, כדי עס זאָל מיר לייכטער זיין צו כאַפּן אַ שמועס מיט אַן אייגענעם מענטשן.

איך בין אָנגעקומען צו מיין שוועסטער אין שטוב שפּעט ביינאַכט. זי האָט געפּראַוועט חצות פאַר דער רעוואָלוציע. זי איז אַרויס אין גאַס כדי אָפּצוהאַלטן די מלחמה.

פאַר די צען טעג וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין טאָראָנטאָ, האָב איך זיך באַקענט מיט דעם גאַנצן קרייז פריינד פון מיין שוועסטער און מיין שוואָגער. דאָס זיינען אַלע געווען מענטשן פון פּראָגרעסיוון לאַגער, און יידן, כאָטש מיין שוועסטער האָט זיך קיין מאָל ניט אָפּגעגעבן מיט ספּע־ציעלער יידישער טעטיקייט. מיין שוואָגער איז נאָר געווען איר באַ־גלייטער.

איך האָב זיך דאַן באַקענט מיט דעם רעדאַקציע־פּערסאָנאַל פון „קאַ־נאַדער יידישע וואָכנבלאַט", וואָס האָט געפירט אירע לייענער אויפן ערלעכן וועג פון קאָמוניזם.

איך בין פון דאַן אָן געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון דער דאָזיקער וואָכנבלאַט, און מיטן רעדאַקטאָר גערשמאַן בין איך באַפריינדט געוואָרן עד היום הזה, ניט קוקנדיק וואָס איך האָב אָפּגענויגט פון דעם „דרך־הישר".

דאָס „קאַנאַדער יידישע וואָכנבלאַט" האָט מיך זייער מקרב געווען און מיר געווידמעט גאַנצע קאָלומס.

דאָרטן איז געווען אָפּגעדרוקט דער רעקאָמענדאַציע־בריוו, וועגן מיר, פון דער טשילענער אַליאַנץ פון אינטעלעקטואַלן און אַ צוריק־ענטפער פון קאַנאַדער „ייקופ".

אַ סך האָט וועגן מיר געשריבן אין ציייטונג איר דעמאָלסטדיקער סטאַבילער מיטאַרבעטער וואָלף קראַסני, וועלכער געפינט זיך היינט אין ישראל, אויסער די רייען פון קאָמוניזם, אַן אָפּגעזונדערטער פון דער וועלט. ער רופט זיך דאָ אויף זיין אייגענעם נאָמען — קראַסני איז נאָר געווען זיין פּסעוודאָנים.

אין טאָראָנטאָ בין איך אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעפעראַט אין לייי־באַר־ליג (איך בין ניט זיכער, צי דאָס איז געווען דער נאָמען פון דער פּראָגרעסיווער אינסטיטוציע אין טאָראָנטאָ, אָדער אין מאָנטרעאַל) און אויך אין דער דאָרטיקער יידישער ביבליאָטעק, וואָס איז געווען אָנגעפירט פון אַ רבי.

אויב איך האָב ביז דאַן באַזוכט אַזוי פיל קרובים, אַזעלכע וואָס איך

האָב אַפּילו פריער ניט געקענט, האָב איך ניט געקענט דורכלאָזן די געלעגנהייט זיך ניט צו טרעפן מיט דער פאַמיליע ביי וועלכע איך האָב געוווינט אין פּאָלטאַווע. זיי זיינען מיר געווען אַזוי נאָענט ווי קרובים.

זיי האָבן געוווינט אין מאָנטרעאַל קאַרגע צוואַנציק יאָר. די קלענערע קינדער זיינען שוין געוואָרן דערוואַקסענע מענער.

צוויי זין פון דער משפּחה האָבן שוין פון לאַנג געוווינט אין קאַנאַדע. זייער זיידע־באָבע האָבן זיי אָפּגענומען, ווען זיי זיינען נאָך געווען קינדער.

איך האָב זיך דאָרטן געטראָפן מיט זייער זון, מיין אַמאָליקן חבר פון חדר, מיט דעם וואָס האָט מיך געשאָנקען די ווונדערבאַרע מתנה — דעם מאַגנעט.

עס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז איך דערקען אים, מיין חבר. דער זעלביקער אלינקע, מיט זיין הייליקן פּנים — מיט אַ פּנים וואָס דערציילט ניט קיין שלעכטס פון דעם באַלעבאָס וואָס טראָגט אים.

מיין חבר אלינקע האָט באַוויזן אַז עס איז ריכטיק דאָס וואָס די וועלט זאָגט, אַז ווי איינער איז צו זיבן, אַזוי איז ער צו זיבעציק. אַלס קינד איז ער געווען אַ גוט ייִנגעלע, און היינט, צו פערציק יאָר, איז ער געווען אַ פיינער און אַ גוטער מענטש.

ער איז געווען געשלאָגן פון אַ ביטערער קראַנקייט — פון אַן אומ־היילבאַרער אַסטמע וואָס האָט אים יאָרן לאַנג געהאַלטן אין איין שטיקן און צונעמען ביי אים די פרייד פון לעבן.

אַ גאַנצע שלאָפלאָזע נאַכט האָט ער זיך געוואָרגן מיט דעם הוסט און פאַר קיינעם זיך ניט געקלאָגט. זיין שוועסטער, וואָס איז אויך געווען אַזוי גוט ווי ער, און שטיל ווי אַ טויב, פלעגט אָפּזיצן האַלבע נעכט ביי זיין בעטל, כדי אים צו פאַרלייכטערן אין זיינע יסורים.

ביי טאָג, ווען די אַסטמע פלעגט אים אָפּלאָזן, האָט ער מיט אייך גאָר פיין געקענט ריידן וועגן מוזיק און טעאַטער, וועגן ליטעראַטור און פילאָזאָפיע. זיין גאַנצע טרייסט האָט ער געפונען אין בוך. ער איז געווען אומפעיִק צו אַרבעט. איר האָט קיין מאָל פון אים ניט געהערט קיין טענות צו דער וועלט, אָדער צו ווּעמען עס איז.

הכלל, אויף דער שטוב פון מיינע גוטע פריינד איז געהאָנגען עפּעס אַ מין קללה. פון פינף קינדער, שיינע און געראָטענע, האָט נאָר איינער חתונה געהאַט. די איבעריקע האָבן ניט געגאָסן פון דער פרייד צו וויסן אַז זיי לאָזן איבער נאָך זיך אַ פאָרזעצונג אויף דער וועלט.

יעדער איינער פון זיי איז אַרומגעגאַנגען מיט זיין טראַגעדיע.

אין אַ קורצער צייט אַרום נאָך מיין באַזוך ביי די דאָזיקע גוטע פריינד, איז זייער משפּחה פאַרקלענערט געוואָרן. דער ערשטער איז אַוועק אויפן עולם האמת, דער ראש פון דער משפּחה, אַ ייד אַ מושלם בכל המעלות און אַ משכיל, פון יענער צייט וואָס צו זיין דאָס, האָט מען געדאַרפט פאַרמאָגן אַ סך מוט און כאַראַקטער.

וואָס ער זאָל ניט האָבן געטאָן אין זיין לעבן — מערסטנס איז ער געווען אַ בוכהאַלטער — האָט ער תמיד, אין דער פרייער צייט, ליב געהאַט צו מייסטרעווען. ער האָט פאַרמאָגט אַ גאַנצן שלאָסער־וואַרשטאַט. עפּעס אַ כוח־יצירה האָט פון אים אַרויסגעשפּאַרט און ער האָט עס אויסגעדריקט אין פאָרמירן פאַרשיידענע פיגורן פון דעם שווערסטן מאַטעריאַל — פון אייזן.

זיין ייִנגסטער זון, וואָס זיין האָבי — און טיילווייז אויך זיין באַרוף — איז די מוזיק, האָט פון זיין פאָטער געירשנט דעם שלאָסער־וואַרשטאַט, און אַ מאָל, אין די פרייע שעהן, כאַפּט ער זיך אַראָפּ אין קעלער פון זיין הויז און גיט אַ פּרוּוו צו מייסטרעווען מיט די אייזנס.

גלייך נאָכן פאָטער זיינען אַוועק זייִנע צוויי זין, מיין חבר אלינקע, און דער בכור — דער שותף פון דער משפּחה.

פאַר די צען טעג וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין מאָנטרעאַל, האָב איך זיך באַוויזן צו באַקענען מיט דער דאָרטיקער יידישער שרייבער־משפּחה.

מאָנטרעאַל האָט געהאַט אַ גערעטעניש פון דיכטער, און נאָך מערער פון דיכטערינס. איך האָב זיך אויך באַקענט מיט די דאָרטיקע צייטונגס־מענטשן — מיט י. ראַבינאָוויטש און מיט מ. גינזבורג. דער לעצטער האָט געשריבן וועגן מיר און וועגן דעם לאַנד פון וואַנען איך בין געקומען.

איך האָב דאָן געדרוקט אַ פּאָר זאַכן אין „קאַנאַדער אָדלער״ — אויך אַ ליד, אַ מעשהלע אין גראַמען.

איך געדענק נאָך דעם ערשטן באַלעבאָס פון „קאַנאַדער אָדלער״, אַ פּאַטריאַרכאַלער ייד. וואָלפאָוויטש האָט ער דוכט מיר געהייסן.

איך האָב זיך דאָן באַקענט מיט די דיכטער י. י. סיגאַל, מיט זיין שוועסטער אסתּר, מיט שלום שטערן, מיט י. שאַפּירא, מיט דער דיכטערין אײַדע מאַזע, מיט מ. שאַטאַן און מיט אַנדערע.

איידע מאַזע האָט זיך גלייך צוגעקלעפּט צו מיר ווי אַ שוועסטער, אָדער ווי אַ מאַמע.

זי האָט געוואָלט איך זאָל שוין נעמען מיין זעקל און מיין פּעקל און זיך אַריבערקלייבן צו איר. זי האָט געהאַט אַ באַרימטע סאָפע,

צויף וועלכער עס האָבן געדרוט די קעפּ פון לייוויק און אָפּאַטאָשון, און פון נאָך און נאָך יידישע שרייבער און לעקטאָרן וואָס פלעגן פאַרבלאָנדזשען פון ניו־יאָרק, אָדער פון אַנדערשוווּ, קיין מאָנטרעאַל.

עס האָט זיך מיר מסתמא נאָר אויסגעדוכט, אַז איידע מאזע איז מיר ווי אַ שוועסטער, אָדער אַ מאַמע. אין דער אמתן איז זי געווען אַ מאַמע פאַר אַלע.

אַז זי פלעגט מיר אַ מאָל אַריינכאַפּן אַ הונגעריקן און פלעגט מיר קענען אָנקאָרמען, איז זי געוואָרן ברייטער ווי לענגער.

איך האָב געגעסן מיט אַפּעטיט די גוטע זאַכן וואָס זי האָט מיר סערווירט און זי איז געשטאַנען אָן אַ זייט און זיך צוגעקוקט ווי איך עס. זי האָט געהאַט מערער הנאה פון מיר.

איידע מאַזע איז אַחוץ אַ דיכטעריןן, אויך געווען אַ גוט־טועוודיקע און באַרעמהאַרציקע פרוי. זי פלעגט אַרומלויפן איבער די שפּיטעלער און איבער אַנדערע ערטער, כדי צו ברענגען הילף פאַר די וואָס נויטיקן זיך אין דעם.

מען דערציילט וועגן איר:

צו איר איז אַ מאָל געקומען אַן עלטערע פרוי וואָס האָט ניט געקענט שרייבן, און איר געבעטן זי זאָל איר אָנשרייבן אַ בריוו צו איר זון פון ניו־יאָרק, וואָס פאַרגעסט זיך אָפּ אָן איר, דער אַלטער מאַמען.

איידע מאַזע האָט זיך אַוועקגעזעצט, אָנגעשריבן דעם בריוו, און אים איבערגעלייענט פאַר דער יידענע.

די יידענע האָט אויסגעהערט מאַזעס איבערלייענען דעם בריוו, האָט פאַרבראָכן מיט די הענט און האָט אַרויסגעוויינט: אוי וויי, איידעשי! איך האָב דאָך גאָר אַליין ניט געוווּסט ווי ביטער מיר איז!

איידע מאזע האָט געליטן פון אַ „נידעריקייטס"־קאָמפּלעקס. זי איז געווען אַ קליין־וווּקסיקע און אַ געבויגענע. אַרומגעדרייט האָט זי זיך תמיד אַרום הויכע מענטשן. איר מוטער, שוין דאַן אַ ניינציקער, איז געווען אַ הויכע און אַ געשטרעקטע. איר מאַן איז געווען אַ הויכער און אַ גבר. אירע קינדער זיינען אויך געווען געוויקסיקע.

פון דאַן אָן האָט זיך פאַרבונדן אַ פריינדשאַפט צווישן אונדז. מיר האָבן זיך איבערגעשריבן, ביז דעם לעצטן טאָג פון איר לעבן — אַרום 1962.

איידעס מאַן איז געווען אַ רייזנדיקער. אין זיין יוגנט האָט ער אויך געזינדיקט מיט דער פען. שפּעטער האָט ער זיך גענומען צו מאַכן פרנסה, און דאָס שרייבן לידער איבערגעלאָזן פאַר זיין ווייב.

איידעס מאַן — דער ריז — איז אַוועק אַ ביסל פריער פון דער וועלט פון איר, און אין אַ קורצער צייט אַרום, איז זי אים נאָכגעגאַנגען.

זייער נאָמען, מאַזע, פאַראייביקט היינט זייער ייִנגסטער זון, דער גרעאָטענער יאָסעלע, וואָס איז אַ באַרימטער פּראָפעסאָר אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן.

אין מיין געמיט און אין מיין זכרון איז מיר געבליבן לעבן די געשטאַלט פון דעם דיכטער י. י. סיגאַל.

י. י. סיגאַל איז געווען אַן אָנגעזעענער יידישער דיכטער אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט, מען קען אַפילו זאָגן אַ באַוווסטער דיכטער אין דער יידישער ליטעראַטור, און געהאַלטן האָט ער זיך בתכלית הפשטות — טאַקע וואָס פשוט הייסט — אַן אָנשטעל, אַן גרויסהאַלטעריי און אָן קונצן. ער איז דוכט זיך געווען צו קלוג כדי צו פאַרמאָגן אַזאַ קליינע השגה, אַז עס איז שוין קיין גרעסערער פון אים נישטאָ.

ער איז געווען אַ קליין־וווּקסיקער, אַ זייער באַוועגלעכער און רירערוו־דיקער פאַר זיינע יאָרן — אַרום די פופציק — אַ לעבנסלוסטיקער און פול מיט הומאָר.

עטלעכע פון זיינע ווערטלעך געדענק איך נאָך עד היום.

ער דערציילט:

צו אים קומט אַ דיכטערין און ברענגט אים אַ ליד.

ער זאָגט איר:

— דאָס ליד לייענט זיך ניט.

— פאַרשטייט זיך אַז איצט לייענט זיך דאָס ניט. דרוקט עס אָפּ, וועט איר זען ווי דאָס וועט זיך לייענען — קומט דער ענטפער.

אַ יונגער דיכטער קומט צו י. י. סיגאַל און לייענט פאַר אים פאַר זיינע לידער. סיגאַל ציט אָן אויף זיך אַ וואַזשנע מינע און הערט זיך כלומרשט צו מיט כוונה. דער דיכטער ווערט דערפון געמונטערט, און רופט זיך אָפּ צו אים:

— איר הערט, חבר סיגאַל, איך שרייב און צערייס, שרייב און צערייס.

— זעצט פאָר, זעצט פאָר — זאָגט סיגאַל.

אין מאָנטרעאַל בין איך אַרויסגעטראָטן אין דער קאַנאַדער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק.

די ביבליאָטעקאַרין איז דאַן געווען רחל אייזנבערג. זי איז ניט געווען נאָר די ביבליאָטעקאַרין, נייערט זי האָט מדריך געווען דעם לייע־

נער, ווען און וואָס צו לייענען, און האָט אויך געהאַלטן אַן אויג אויף דעם יונגן לייענער.

איך האָב דאָרטן אויך געהאַט אַ פאָרלעזונג ביי די פּראָגרעסיווע יידן, און איינע ביי די פּיאָנערן פרויען.

נאָכן אומקערן זיך פון קאַנאַדע אין די שטאַטן, האָב איך זיך נאָך פאַרהאַלטן עטלעכע טעג אין פילאַדעלפיע.

צו יענער צייט איז נאָך דאָרטן אויך אַרויס אַ יידישע צייטונג, „די וועלט". איינער פון אירע מיטאַרבעטער איז געווען פון דרום־אַמעריקע — אשר פעו האָט ער געהייסן — און ער האָט געשריבן פאַר דער דאָזיקער צייטונג דעם אינטערוויו מיט מיר.

איך בין דאַן געווען אין פילאַדעלפיע צום צווייטן מאָל.

איך בין ביידע מאָל געפאָרן אַהין אויף דער איינלאַדונג פון דאָרטיקן כלל־טוער און פועלי־ציוניסט, ברענער.

ער איז געווען אַ ברודער פון מיינעם אַ ידיד אין טשילע, יקותיאל ברינער. גלייך ווי ברענער האָט זיך דערוווסט פון מיין אָנקומען קיין ניו־יאָרק, איז ער אַהין אַראָפּגעקומען אין זיין קאַר און מיך אַוועקגעפירט צו אים אַהיים, כדי איך זאָל קענען איבערגעבן אַן אמתן גרוס זיין ברודער אין טשילע, ווי אַזוי ער לעבט, ווי אַזוי עס לעבן זיינע קינדער, און אויך וועגן די איבעריקע ברידער און שוועסטער וואָס האָבן געלעבט אין דער זעלבער שטאָט.

איצט בין איך דאָס ווידער געפאָרן קיין פילאַדעלפיע, אויף דער איינלאַדונג פון ברענערן — אין נאָמען פון דעם בערשאַדער פּראָגרעסיוון לאַנדסלייט־פאַראיין — צו געבן אַ פאָרלעזונג.

אַחוץ דער שיינקייט פון דער שטאָט און פון אירע היסטאָרישע זעונגס־ווערטיקייטן, האָב איך פאַרגעדענקט אַן עפּיזאָד, בעת מיין אויפטריט.

נאָך דעם ווי איך האָב פאַרענדיקט די פאָרלעזונג, האָט זיך אויפגע־הויבן דער פאָרזיצער פון אָוונט און האָט פאָרגעלייגט דאָס וואָרט די אָנוועזנדיקע, פאַר פראַגן.

אַן עלטערע יידענע האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און האָט געשטאַלט אַזאַ פראַגע:

— ווי מיינט איר, חשובער לעקטאָר, איז דאָס גלייך אַז צוויי לייב־לעכע ברידער זאָלן לעבן אין קידער־ווידער צווישן אַנאַנד?

ווי עס ווייזט אויס האָט די פרוי אָנגענומען מיט דער גאַנצער תמימות

דעם פאָרשלאָג פון פּרעזידענט און זי האָט אויסגעשאָסן מיט דעם וואָס האָט איר מערער געקוועטשט.

איך האָב נאָך אין די פּאַראַייניקטע שטאַטן געזען אַחוץ דעם יידישן לעבן, אויך דאָס לאַנד.

איך האָב עטלעכע מאָל באַזוכט די וועלט־אויסשטעלונג, וואָס איז דאַן פאָרגעקומען אין ניו־יאָרק.

איך האָב דאָרטן געזען אַ סך טשיקאַווע זאַכן און די סטענדן פון אַ סך לענדער.

איינע פון די אָרעמע סטענדן, איז געווען דער פון טשילע, ווו איך האָב זיך געפילט געמיטלעך, נאָענט ווי צו קרובים — זאָלן זיין אָרעמע אַפילו.

די אויסשטעלונג האָט אויסגעזען, ווי אַ גרויסער וועלט־יריד, ווו יעדעס לאַנד שטעלט זיך אַרויס מיט דעם וואָס זי פאַרמאָגט.

די אַמעריקאַנער פירמעס האָבן פונאַנדערגעשטעלט פּראָדוקטן, פון וועלכע מען האָט גלייך געקענט טועם זיין, אומזיסט.

טויזנטער און טויזנטער מענטשן פלעגן באַלאַגערן אַזעלכע געשטעלן און פאַרזוכן אַלערליי קאָנסערוון און אַנדערע מטעמים.

מיט אַ גרויסן פאַרנעם איז געווען אינסטאַלירט דער פּלאַנעטאַריום, וואָס מען האָט אויך גערופן „די וועלט פון מאָרגן".

אימפּאָזאַנט איז געווען דער סטאַנד פון ראַטנפאַרבאַנד — אַ גאַנצער בנין, מיט דעם כאַראַקטעריסטישן פּאָרל גבורים אין דער שפּיץ, מיט דעם געשטרעקטן אָרעם פון דעם מאַן צום הימל, מיט אַ שטערן אין דער האַנט.

מענטשן פלעגן דאָרטן מיד ווערן פון אַרומגיין פון איין עק צום צווייטן, און זיי פלעגן זיך פאַרגינען צו לאָזן פירן פון העלדישע יונגען, מיט בלאָנדע טשופּרינעס, אין ריקשעס.

עס האָט מיר געוויזן אַ שטיק פון דער ניט יידישער ניו־יאָרק, אַ ברו־דער פון דעם מיסטער קאָהען וואָס האָט געוווינט אַ סך יאָרן אין טשילע און פון דאָרטן עקספּאָרטירט לאַנדס־פּראָדוקטן קיין אַמעריקע.

ער איז געווען אַ גוטער קענער פון ניו־יאָרק. ער האָט מיר באַוויזן פאַר אַ פּאָר טעג, אַ סך זאַכן וואָס איך האָב פריער ניט געזען. מיר האָבן באַזוכט דעם היסטאָרישן מוזעום, דעם קונסט־מוזעום, דעם אַק־וואַריום, דעם כינעזישן פערטל און נאָך זאַכן וואָס זיינען ווירקליך געווען צו זען.

דער ברודער פון מיסטער קאָהען האָט באַוויזן, אַז ניט אַלע אין ניו־

יאָרק האַוועז און שמאיעז, אַז עס זיינען דאָרטן דאָ אַזעלכע מענטשן וואָס ווייסן וואָס צו זאָגן. ער האָט באַוויזן אַז אויך אין ניו־יאָרק קען מען לעבן.

# איך פאָר אַהיים

די נאַכט וואָס פאַר ניי יאָר פון 1940, האָב איך פאַרלאָזן ניו־יאָרק. אַ פייפנדיקער ווינט האָט מיך באַגלייט צו דער שיף.

אין האַרצן האָב איך אָבער געטראָגן די פריינדשאַפט פון אַ סך מענטשן, פון שרייבער און דיכטער וואָס איך האָב אין די שטאַטן און אין קאַנאַדע דערוואָרבן. נאָענט צו מיר זיינען געווען פּעט, מלכה לי, איר מאַן אהרן ראַפּאַפּאָרט, בערטאַ קלינג, איידע מאַזע, שטערן און נאָך און נאָך.

איך האָב זיך געאיילט צו קומען קיין טשילע. איך האָב געדאַרפט, אין גיכן, ווערן אַ פאָטער צום פערטן מאָל.

צוריק בין איך געפאָרן, מיט אַ טשילענער, איין־קלאַסיקער טוריסטן־שיף, וואָס האָט געהערט צו דער סעריע „סאַנטאָס" (הייליקע). סאַנטאַ עלענאַ, האָט דוכט זיך מיין שיף געהייסן.

דעם 22־סטן יאַנואַר בין איך שוין געווען אין טשילע, און דעם ערשטן פעברואַר איז געבוירן געוואָרן מיין מוזיניקל.

דאָס קינד האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיר, פון דעם ערשטן טאָג אָן וואָס ער איז געבוירן געוואָרן — אין מיין שויס האָט ער זיך געוואַרעמט און פון מיין האַנט האָט ער גענומען עסן און טרינקען.

מיין פרוי איז שוין דאַן געווען אַריבער די פערציק. אַ גרויסן קאָפּ האָט זי נאָך געהאַט צו די 28, און איר איז אויסגעקומען מאָדנע די מוטער־שאַפט.

— אַ מאַמע מיט אַ גרויען קאָפּ — פלעגט זי האַלטן אין איין טענהן.

דאָס קינד האָט זיך געהאַלטן אין איין טוליען צו מיר.

ער האָט דערפילט אַ מין פאַרשטענדעניש צו זיך, און ער פלעגט נאָכקוקן מיין יעדן קער און באַוועג.

ער האָט דערשפּירט אַז איך פיר זיך מיט אים ווי מיט אַ גלייכן. איך

האָב צו אים גערעדט, און וועגן אַלץ דערציילט, און ער האָט ביסלעכווייז גענומען פאַרשטיין וואָס מען רעדט צו אים.

ווי ער האָט זיך נאָר געשטעלט אויף די פיסלעך, פלעגט ער טופּען מיט זיי, ווען מען האָט נאָר דערמאָנט היטלערס נאָמען, אַזוי ווי מען טוט עס אין שול ווען מען דערמאָנט המנען און מען האָט ניט קיין גראַגער.

אין עלטער פון 3 — 4 יאָר, פלעגט ער אַלע אין דער פרי זיך אַריינ־כאַפּן צו מיר אין בעט אַריין און דאָרטן פירן מיט מיר זיינע געשפּרעכן, וועגן גאָט און וועגן דער וועלט און נאָך אַנדערע „שווערע" זאַכן, און איך האָב אַלץ געמוזט וויסן — ווי קען דאָס זיין אַז אַ פּאַפּע זאָל ניט וויסן!?

ער האָט זיך ביי מיר דערוווּסט, אַז ער איז ניט בלויז קיין טשילענער אַליין, נאָר אַז ער איז אויך אַ ייד.

אַמאָל, בעת איך האָב אים איבערגעפּרעגט זיין תורה:

— וואָס ביסטו, לייבעלע?

האָט ער געענטפערט: — אַ טשילענער.

— און וואָס נאָך?

— אויך אַ ייד.

און דאָ האָט ער זיך פאַרטראַכט און צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— ווייסט, פּאַפּע, מיר וואָלט אָבער בעסער געפעלן געווען צו זיין אַ טשילענער אַליין.

ער איז צו פינף יאָר אַזוי געווען „אויסגעמאַכט" אין פּאָליטיק, אַז ווען מיינער אַ גוטער פריינד איז מיר געקומען געוויר ווערן, בעת איך בין געווען קראַנק, און אים אַ פרעג געטאָן וואָס איך מאַך, האָט ער באַקומען פון אים דעם ענטפער:

— ערגער ווי הירואָיטאָ.

(דער יאַפּאַנישער אימפּעראַטאָר הירואָיטאָ האָט דאַן קאַפּיטולירט פאַר די אַליאירטע).

אַז ער האָט אין גאַס געטראָפן אַ באַקאַנטן מענטשן, פלעגט ער צו מיר ניט זאָגן — איך קען אים, נאָר ער קען מיר.

מיין לייבעלען האָב איך כמעט איינער אַליין געלערנט יידיש. צו די פריערדיקע קינדער האָב איך אין געוויסע צייטן אויך געהאַלטן יידישע לערער, ווי מ. ד. גיסער, י. בלומשטיינען און ק. קליגערן — אַלע דיכטער.

ווען ער איז אַריין לערנען אין אינסטיטוטאַ נאַסיאָנאַל פון סאַנטיאַגאָ, וועלכע מיינע אַלע פיר זין האָבן געענדיקט, און דער שטודיום איז געוואָרן ערנסטער און שווערער, האָט ער זיך גענומען צופוילן צו לערנען יידיש. ער פלעגט זיך זען אַרויסצודרייען פון דעם דאָזיקן לימוד.

איך האָב געפּרוווט אָננעמען אַלערליי תּחבולות, ווי פּרעמירן אים מיט געלט פאַר יעדן איבערגעלייענטן יידישן בוך.

שפּעטער האָב איך אים גענומען צאָלן אַ מין פאַרקערטן שכר־לימוד — שכר־לימוד דעם תּלמיד.

צוליב דער אינפלאַציע אין לאַנד, האָב איך אים אָפט געמוזט בייטן דעם שכר.

איין מאָל, ווען ער האָט פאַר מיר פאָרגעלייענט דעם „מבול" פון שלום־עליכמען און איז געקומען צו די ציטאַטן פון „אין דער שחיטה־שטאָט" פון ביאַליקן, וואָס דעם אַפּטייקערס זינגדל, דער דוכט זיך פון יידן אָפּגעפרעמדטער בחור, ברענגט פאַר פאַר שעסטאָפּאָלס חסידישער טאָכטער, וואָס וויל איינגאַנצן ניט וויסן פון קיין יידישקייט — האָט ער זיך צעבונטעוועט און אויסגעשריען:

— אַז איך וויל ניט לערנען קיין יידיש! איך וויל ניט קיין באַצאָלט און איך וויל ניט לערנען!

— וואָס הייסט דו ווילסט ניט?!

— אָבער פאַר וואָס זאָלסטו מיר צווינגען?

ווי עס ווייזט אויס, האָט ער באַקומען אַ מין שאָק פון דורכגיין דעם גאַנצן יאָמער־טאָל פון ביאַליקס שחיטה־שטאָט, און פון אויסהערן אַזוי פיל מוסר־רייד.

און אין דער אמתן איז דער גאַנצער אַריינפיר פון ביאַליקס פּאָגראָם־דיכטונג אין דעם דאָזיקן ראָמאַן ניט קיין אָרגאַנישער טייל פון שלום־עליכמס שאַפונגען.

איך האָב אים געענטפערט:

— צווינגען וועל איך דיר ניט, נאָר איך בעט דיר דו זאָלסט יאָ לערנען יידיש, אַפילו אויב דיר געפעלט דאָס ניט. אויך איך טו אַ סך זאַכן, צוליב דיר, וואָס זיי געפעלן מיר ניט. אַחוץ דעם, קען זיך דיר איצט גאָר דוכטן אַז יידיש געפעלט דיר ניט. שפּעטער וועסטו ערשט דערפילן דעם טעם דערפון.

ער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו מיינע רייד און אָן חשק ווייטער פאָרגעזעצט דאָס לערנען.

נאָך דעם איז אַוועק אַ יאָר, אָדער עפּעס מערער. ביסלעכווייז האָט זיך פּאַר אים די טיר צו דער יידישער ליטעראַטור אויפגעעפנט און זי האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט. זי איז אים געוואָרן נאָענטער צום געמיט, און אין איין העלן טאָג איז ער צו מיר צוגעקומען און געזאָגט:

— פּאַפּע, איך וויל ניט מער קיין באַצאָלט פאַרן לערנען יידיש, אָבער לערנען וויל איך.

פון דאַן אָן, האָבן מיר יעדן טאָג צוזאַמען געלייענט ביי אַ שעה, אָדער צוויי, פון דער יידישער ליטעראַטור. און אַז ער איז אַלט געוואָרן אַ יאָר 17, האָט ער געמאַכט פאַר אַ תקנה אין זיין לעבן, צו ריידן צו אַ יידיש־ריידנדיקן יידן, נאָר יידיש.

אַ סך יידיש־ריידנדיקע האָבן אַ טבע, אין געוויסע פאַלן צו ריידן גוייש, ווי צום ביישפּיל צו אַ בעל־חי, אָדער ביי דער ערשטער פאַר־מעלער באַגריסונג אין גאַס; אויך ווען מען הויבט אָן אַ טעלעפאָן געשפּרעך.

מיין לייבל האָט ניט געוווּסט פון קיין קונצן, אַז יידיש, איז יידיש, ביי אַלע געלעגנהייטן.

פון יענער זייט טרובקע שטייט אַ ייד, צי אַ יידענע און רעדט צו אים אַ צעבראָכענעם שפּאַניש, און ער וועקט דעם יידן פון זיין זייט:

— אָבער, ר׳ ייד, מען רעדט דאָך צו אייך יידיש, פאַרוואָס ענטפערט איר דווקא אין שפּאַניש?

אַז ער האָט צו 22 יאָר געענדיקט אין טשילע דעם יורידישן פאַקול־טעט, האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק קיין ישראל.

לכתחילה איז ער געשיקט געוואָרן קיין ישראל אויף אַ יאָר, כדי זיך צו פאַרפולקאָמען אין הדרכה. ער האָט אָבער געזוכט אַ גאַנצן יידישן לעבן און האָט „דעזערטירט" — ער איז פאַרבליבן אין ישראל און באַזוכט דעם הומאַניסטישן פאַקולטעט אין ירושלים, מיט יידיש און יידישע געשיכטע ווי די הויפּט־לימודים.

מיין זון האָט נאָך ווען ער האָט געלערנט אין אינסטיטוטאָ נאַסיאָנאַל, אָנגעהויבן צו דרוקן אין דער סטודענטן־אויסגאַבע פּאָעמעס אין ווייסע פערזן, אין שפּאַניש. מען האָט אין זיי געקענט דערהערן דעם אָפּקלאַנג פון די אַלטע נביאישע רייד — אַפילו אין אַ גרויסער מאָס דעם עכאָ פון זייער שפּראַך.

ער האָט אויפגעהערט צו שרייבן. ער האַלט אַז אַ מענטש דאַרף זיך

פריער גוט דורכרייפן, איידער ער הויבט אָן צו שרייבן. אַחוץ דעם וויל ער ניט שרייבן ביז ער וועט עס ניט קענען טאָן אין עברית.

איך צווייפל אין זיין שרייבערישן באַרוף, ווייל אַ שרייבער לייגט ניט אָפּ זיין שרייבן אויף שפּעטער. אַ ריכטיקער שרייבער שרייבט ביי אַלע באַדינגונגען — ביי טאָג און ביי נאַכט, זיצנדיק, שטייענדיק, גייענדיק און אַפילו ליגנדיק — ביז וואַנען ער באַפרייט זיך ניט פון זיין אינערלעכער אָנלאָדונג.

לייבל איז מיין איינציקער זון וואָס געפינט זיך מיט מיר אין ישראל, און מיר זיינען אַזוי פאַרברידערט, ווי אין „די יונגע יאָרן".

# וועגן מיינע איבעריקע קינדער

אַזוי ווי איך האָב שוין אָפּגעווייכט פון דער טעמע, וועל איך דערציילן עפּעס וועגן מיינע איבעריקע קינדער.

איך קען זיך בכלל ניט באַקלאָגן, איך זאָל האָבן געליטן פון צער־גדול־בנים. מיינע קינדער האָבן זיך אַלע גוט געלערנט. אַז זיי פלעגן אַ מאָל קומען פון דער שול ניט קיין צופרידענע, צוליב די מיינונגען וואָס זיי האָבן באַקומען, בין איך געווען דער וואָס האָט זיי געטרייסט:

— וואָס אַרט אייך? — האָב איך צו זיי געטענהט — וואָס גייען אייך אָן די מיינונגען? דער עיקר איז דאָך דאָס קענען. אַז זיי זיינען געוואָרן אַ ביסל גרעסער, האָבן זיי אַלע פאַרזוכט דעם טעם פון אַרבעטן און פאַר־דינען אויף זייערע קליינע הוצאות.

מיין עלטערער זון, בעני, האָט געענדיקט אינזשיניער־כעמיע, און ווען ער גיט זיך אָפּ מיט זיין פּראָפעסיע וואָלט ער זיכער געוואָרן אַ וויסנשאַפט־לער. ער האָט זיך אָבער אָפּגעגעבן מיט מסחר. אין זיין מסחרן האָט ער אַרויסגעוויזן גרויסע פעיקייטן. ער איז פון גאָרנישט דערגאַנגען צו גרוי־סע געשעפטן.

ער האָט אַ סך מאָל באַרייזט אייראָפּע, די פאַראייניקטע שטאַטן, און באַוויזן צו לעבן מיט זיין משפחה, ביי פיר יאָר, אין ישראל.

זיין גרעסטע „האָבי" איז דאָס בוך. ער איז פון קינדווייז אָן אַ ליידנ־שאַפטלעכער לייענער. ער איז נאָענט אין דער וועלט־ליטעראַטור. ער

לייענט אין דריי איבעריקע־שפראַכן — אין שפּאַניש, ענגליש און פראַנ־צויזיש — און אַז מען דאַרף קען ער אויך דורכקריכן אַ יידישן בוך.

מיין זון אמיתי, איז אַ מאָל געקומען פון אינסטיטוטאָ נאַסיאָנאַל אַן אומעטיקער, אַ צערויטלטער און צעדראַפּעטער.

ער האָט מורא געהאַט צו באַווייזן פאַר מיר זיין פּנים. ער איז דאַן אַלט געווען אַ יאָר 12 — 13.

ער האָט געמיינט אַז ווען איך וועל זיך דערוויסן דאָס ער האָט זיך געשלאָגן אין שול מיט אַ תּלמיד, וועל איך זיין ברוגז אויף אים.

— וואָס איז מיט דיר, אמיתי? — האָב איך צו אים געזאָגט — דער־צייל וואָס איז געשען, האָב קיין מורא ניט, דו ווייסט דאָך אַז פאַר מיר קענסטו זיך פאַרטרויען.

— איך האָב זיך געשלאָגן מיט אַ חבר.

— פאַרוואָס?

— ער האָט מיר געזאָגט כודיאָ דעספּאַטריאַדאָ (ייד אָן אַ פאָטער־לאַנד).

— נו, האָסטו אים כאָטש געשלאָגן?

מיין אמיתי האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— די ערסט, אַמיתי? — יאָ, דו זאָלסט שלאָגן. זאָלסט שלאָגן מכּות־רצח, וויפל דו קענסט נאָר. זאָלסט ממיתן יעדן איינעם, וועך עס וועט נאָר וועלן דיר באַליידיקן, אַלס ייד. זאָלסט אַזאַ איינעם אַזוי ברעכן די ביינער, אַז ער זאָל פאַרזאָגן אַ צענטן זיך אָנצוהויבן מיט אַ יידן.

איך האָב געזען אַז מיין קינד איז שטאָלץ מיט מיר און איז געווען צופרידן וואָס איך האָב אים ניט פאַראורטיילט.

דער אינספּעקטאָר פון מיטלשול, אַן אָפּשטאַמיקער פון איטאַליענער און אַן איידעלער פּעדאַגאָג, האָט זיך דערוויסנדיק פון מיר וועגן דעם אינ־צידענט, איינגעפירט אין דער „אינסטיטוטאָ נאַסיאָנאַל" אַ נייע לעקציע, וועגן בירגער־דערציִונג.

דאָס איז געווען פּונקט אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די גאַנצע וועלט איז געווען אַרומגעכאַפּט מיט פלאַמען און די גאַז־קאַמערן און די קרעמאַטאָריעס האָבן געאַרבעט אויף דער גאַנצער פאַרע.

פון דעמאָלסט אָן האָט מיין אמיתי שטאָלץ געטראָגן זיין יידישקייט און זיך קיין מאָל ניט געלאָזט שפּייען אין זיין יידישער קאַשע.

אין סוף פון די פערציקער יאָרן איז קיין טשילע געקומען שפּילן דער נאַצי־פּיאַניסט, וואַלטער גיסעקינג.

מיין אמיתי האָט געפּרוווט צו שטערן אים אין זיינע אויפטריטן, אָבער עס איז אים ניט געלונגען. דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט פון די טשילענער יידן האָט אָנגענומען אַ באַשלוס זיך ניט צו מישן...

מיין זון האָט פאַרשפּרייט פלוגבלעטלעך קעגן גיסעקינגס אויפ־טריט. אין טאָג פונעם קאָנצערט איז דער טעאַטער פול געווען מיט אָפּענע און געהיים־פּאָליציי.

די יידישע יוגנט איז אָבער אַהין ניט געקומען.

זי איז געבליבן זיצן אין דער היים.

זי האָט זיך צוגעהערט געהאָרכזאַם צו דער עצה „זיך ניט צו מישן".

ווען ער איז שוין געווען אַן אָנגעזעענער אַדוואָקאַט, האָט ער אַ מאָל געהאַט צו פאַרטיידיקן אַ שפּאַניאָל, קעגן אַ יידישן סוחר. דער שפּאַניאָל האָט מסתמא ניט געוווּסט אַז מיין זון איז אַ ייד, און האָט זיך מיט ביטול אויסגעדריקט קעגן דעם יידן מיט וועמען ער האָט זיך געמשפּט. מיין אמיתי האָט זיך אַנטזאָגט אים ווייטער צו פאַרטיידיקן אין זיין ענין, ביז ער וועט זיך פאַרן יידן ניט אַנטשולדיקן, און ביז ער וועט ניט מנדב זיין אַ געוויסע סומע געלט פאַר אַ וווילטעטיקע יידישע אינסטיטוציע.

מיט מיין זון חורין האָב איך שוין געהאַט אַן ערנסטן פּראָבלעם. ער איז אַ זיידענער יונגערמאַן. ער קען קיין עוולות ניט פאַרטראָגן. אַלס פיר יעריקער קינד, האָט ער אַ מאָל אַוועקגעגעבן אַ יינגעלע פון גאַס זיין אַ „פּאָנטשאָ" (אַזאַ מין פעלעריגע וואָס מען טוט עס אָן איבערן קאָפּ), וואָס איך האָב אים געבראַכט אַ מתנה פון דרום פון לאַנד.

גאָר פשוט, דאָס קינד וואָס ער האָט באַגעגנט אין גאַס האָט זיך גע־טרייסלט פון קעלט, און ער האָט ביי אים געבעטן די „פּאָנטשאָ".

— וווּ איז דיין „פּאָנטשאָ", חורין?

— איך האָב אַוועקגעגעבן.

— וועמען?

— אַ קינד.

— פאַרוואָס?

— ווייל אים איז געווען קאַלט.

—און דו?

— איך האָב דאָך אויך אַ מאַנטעלע.

ער איז געבעך געווען גערעכט.

שטענדיק האָט ער געהאַט אַ דוחק אין העמדער. ער פלעגט זיי צעטיילן צווישן זיינע חברים.

איך פלעג צוליב הורינען קיין נעכט ניט שלאָפן. ער איז געווען אַ פירער פון דער קאָמוניסטישער סטודענטישער יוגנט.

אין 1950 זיינען געווען אומרועו אין טשילע. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן מיטן איבערקערן די אויטאָבוסן, פּאַר וועלן העכערן דעם פאָר־פּרייז. עס זיינען געווען הרוגים צווישן די אָנגרייפער.

דורך דער ראַדיאָ האָבן מיר געהערט, אַז אַ סטודענט פון דריטן יאָר יורידישן פאַקולטעט איז געפאַלן.

מיר האָבן שוין אונדזער הורינען ניט געזען דעם צווייטן מעת־לעת.

ווו זוכט מען אים?

איך בין אים געלאָפן זוכן אין דער „גיכער הילף״. ער איז דאָרטן ניט געווען. יעדער רגע איז פאַר מיר געווען אַן אייביקייט. די פיס האָבן ניט געפאָלגט צו גיין.

ערשט איך האָב זיך קוים דערשלאָגן, אין מיטן דער נאַכט, צו דעם שטאַב פון די סטודענטן. דער שטאַב איז געווען אַ געאייניקטער פון אַלע לינקע סטודענטן. מיין הורין איז דאָרטן געזעסן אַן אַריינגעטועגער אין זיינע ענינים, און האָט מיך ניט באַמערקט. ער איז געווען אָפּגעצערט, מיט רויטע, ניט אויסגעשלאָפענע אויגן.

אין עלטער פון 26 יאָר, האָט מען אים אין 1956, אַרויסגעוואָרפן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פּאַרוואָס ער האָט געהאַט דעם מוט אַרויס־צוטרעטן קעגן דעם וואָס רוסלאַנד באַוואָפנט מצרים קעגן ישראל, ווייל ער האָט געהאַט די דרייסטקייט אַרויסצוזאָגן זיינע אייגענע געדאַנקען און ניט נאָר ריידן פרעמדע רייד, אַריינגעלייגטע פון דעם רויטן שם־המפורש.

עס איז שוין געווען נאָך דער אַנטדעקונג פון סטאַלינס רציחות, נאָך דעם פּערזאָנען־קולט. אָבער אין טשילע האָט מען נאָך אַלץ פּראַקטיצירט דאָס האַלטן אין מורא די קאָמוניסטן. שטעלט זיך פאָר, אַז ניט נאָר מיין זון האָט מען אַרויסגעוואָרפן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, נאָר מען האָט אויך געצוווּנגען זיין פרוי, אַז זי זאָל אויסקלייבן אָדער די פּאַרטיי, אָדער איר מאַן.

ווי עס ווייזט אויס, האָבן די טשילענער קאָמוניסטן (און מסתמא אויך די אַנדערע) ניט אָנערקענט די רעכט פון דער פרוי, אַז זי האָט אַ ווערט פאַר זיך אַליין און אַז זי קען געהערן צו אַ פּאַרטיי, ניט קוקנדיק וואָס איר מאַן האָט אַנדערע מיינונגען און איז כלומרשט אַן אָפּטריניקער.

מיין זון האָט זיך איצט, מיט עלף יאָר שפּעטער, בעת דער זעקס־טאָגי־קער מלחמה פון 1967, ווידער אַ מאָל איינגעשטעלט פאַר דער גערעכטיקייט,

און פאַר דעם זכות־הקיום פון ישראל, און איז געווען דער רעדאַקטאָר פון אַ מאַניפעסט לטובת ישראל, וועלכן עס האָבן אונטערגעשריבן די עליט פון די טשילענער אינטעלעקטואַלן, בראש מיט דעם וועלט־באַרימטן וויסנשאַפטלער פּראָפעסאָר אַלעקסאַנדער ליפשיץ, וואָס געהערט אַפילו צו דעם רעגיסטער פון דער טשילענער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

דעם סאַמען שווערן לייענען, האָב איך געהאַט מיט מיין חוריגען, ווען ער האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן דעם אוניווערסיטעט.

ער האָט מיר דאַן אָנגעהויבן צו ריידן אַ שידוך, פאַר אים, מיט אַ קריסטלעכן מיידל.

ער פלעגט אויסקלייבן זיך צו דערנענטערן צו מיר, נאָך מיטאָג, ווען איך פלעג זיך אַ ווײלע אָפּרוען. דאַן האָב איך זיך נוהג געווען צו כאַפּן אַ שמועס מיט מיינע קינדער.

דער שמועס האָט דאַן אויסגעזען אינטימער.

דאָס מיידל האָב איך אַ מאָל געזען אין מיין זונס געזעלשאַפט. זי איז געווען זיין אַן אוניווערסיטעטס־הברטע, און זיי פלעגן זיך צוזאַמען באַגעגענען אין דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

וואָס קען שוין זיין גאָענטער?

אַחוץ דעם, האָט זי געהערט צו דער טשילענער אַריסטאָקראַטיע. איר פאָטער איז געווען אַ סענאַטאָר פון דער רעפּובליק אַ סך יאָרן, און דער אייגנטימער פון גאַנצע וועלדער, אין דרום פון לאַנד.

און וואָס איז געווען מיין יהוס? — אַן אָרעמער אימיגראַנט.

פונדעסטוועגן האָב איך זיך געבריקעוועט און גישט געוואָלט דעם שידוך.

זאָל מיר גאָט ניט שטראָפן פאַר די רייד — עס איז מיר געווען פריקרע דער געדאַנק נאָר צו טראַכטן, אַז איך וועל דאַרפן האָדעווען אַ שייגעצל אין מיין שויס.

אין דער אמתן האָב איך ניט געהאַט קיין שום פאָראורטייל צו גויים. פאַר מיר זיינען אַלע מענטשן געווען גלייך. אָבער אינטים זיך איינלעבן אין אַ קריסטלעכער געזעלשאַפט, האָב איך ניט געקענט. איך האָב זיך ניט געקענט אַריינוואַקסן אָרגאַניש צווישן זיי. איך בין תמיד געבליבן צווישן זיי, ווי אַן אַן אַ זייטיקער, ווי אַ פרעמדער. איך האָב זיך שטענדיק געמוזט קאָנטראָלירן צווישן זיי, צי זע איך ניט אויס אַנדערש פון זיי.

איך האָב פשוט געזאָגט מיין זון אַז איך וועל אויף דעם שידוך ניט איינגיין.

— סטייטש — האָט ער צו מיר געטענהט — דו ביסט דאָך פון תמיד אָן אַ פּראָגרעסיווער ייד, און ווי עס קומט צו עפּעס, מאַכסטו אַן אונטער־שייד צווישן ראַסן!

— איך קען ניט, מיין קינד. איך קען ניט. מען האָט אונדז אָקאָרשט צעשאָכטן אין די מיליאָנען. פון אונדזער גרויסער משפחה, זיינען מיר נאָר געבליבן לעבן די פון טשילע און קאַנאַדע, ווי וועל איך דאָס קאָנען לאָזן אונטערהאַקן דעם לעצטן שטאַם? ניין! און אַז דו ווילסט זיך איבערצייגן אַז איך בין ניט קיין ראַסיסט, בין איך מסכים אַז דו זאָלסט חתונה האָבן מיט דעם קריסטלעכן מיידל — אָבער אין ישראל. דאָרטן וועלן זיי, דיין ווייב און דיינע קינדער, זיך אַסימילירן צום יידישן פאָלק און אויס פּראָבלעמען. פון קיין ראַסיזם האַלט איך ניט. אויפן גזע קוק איך ניט.

אין טשילע איז מען זיך נוהג אַז נאָך דעם פאַרענדיקן דעם אוניווער־סיטעט־שטודיום, פאָרן די געוועזענע תלמידים אויף אַ לענגערער צייט קיין אויסלאַנד.

און דאָ זיינען מיר בייגעשטאַנען זכות־אבות. מיין זון האָט זיך דאָרטן געזאמט עטלעכע פיינע חדשים. דער שידוך איז זיך דערווייל פונאַנ־דערגעלאָזן.

און מיין חורין האָט חתונה געהאַט פאַר אַ יידישער טאָכטער.

# נאָך מיין אומקערן זיך אַהיים

דערווייל בין איך אַ ביסל פאַרויסגעלאָפן די געשעענישן. מיר האַלטן ערשט ביים אָנהויב 1940, ווען איך קום פון די שטאַטן.

אין מיינע געשעפטן האָב איך געפונען אַ לאָך — זיי זיינען כמעט געוועזן רויִנירט.

איך האָב דעמאָלסט געהאַנדלט מיט קראַוואַטן. דער מסחר פון קראַ־וואַטן פאָדערט אַלע טאָג נייעס. מיט אַ נייעם אַרטיקל גייט אויף אַרויס אַ פאַרלעגענער.

איך האָב זיך געהאַט אָפּגעלאָזט אַ לענגערע צייט פון דער אַרבעט. עטלעכע חדשים בין איך געווען קראַנק, פאַר מיין פאָרן אין די שטאַטן.

דאָס פאָרן מיט אַ שיף, הין און צוריק, און דאָס זיין דאָרטן קאַרגע פיר הדשים — בין איך געווען כמעט אַ יאָר הינטערשטעליק אין מיינע געשעפטן.

איך האָב באַשלאָסן צו בייטן מיינע מסחרים. איך האָב זיך גע־וואָלט שטעלן אויף די פיס.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ מאַנופאַקטור געשעפט. איך האָב צוגעשטעלט אַלערליי שניט־סחורה פאַר די „סעמאַנאַלטשיקעס". דעם דאָזיקן מסחר האָב איך געפירט ביז 1957, ווען איך האָב זיך צוריקגעצויגן פון מיינע געשעפטן.

פון 1924 ביז 1940 האָב איך מיטגעאַרבעט אין דער צייטונג „די פרעסע" פון בוענאָס־איירעס. איך האָב דאָרטן געדרוקט קאָרעספּאָנדענצן, סקיצן, און אויך אָנגעהויבן צו דרוקן מיינע רייזע־באַשרייבונגען אויפן וועג צו די פאַראייניקטע שטאַטן.

באַשריבן דאָס וואָס איך האָב געזען אין דער גרויסער אַמעריקע, האָב איך ערשט ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט אַהיים, און איך האָב דאָס געטאָן אין דער צו יענער צייט פאַר מיר נאָענטער פרעסע — אין דער פּראָקאָמוניסטישער.

אין די פופציקער יאָרן האָב איך זיך צוריק אומגעקערט צו „די פרע־סע", ווו איך האָב פאַרפענטלעכט אַ גאַנצע סעריע פון דערציילונגען, אָפּהאַנדלונגען איבער ליטעראַטור א"א.

וועגן מיינע איינדרוקן אין צפון־אַמעריקע האָב איך דערציילט, סיי בכתב, סיי בעל־פּה, אין טשילע, אין אַרגענטינע און אין אורוגוואי.

אין מיינע אָפּיציעלע כמעט צען יאָר פון קאָמוניזם, האָב איך זיך געדרוקט אין אַלע בוענאָס־איירעסער וועכנטלעכע און טעגלעכע פּראָגרע־סיווע צייטונגען, אין דעם חודש־זשורנאַל „איקוף", און אויך אין דעם מאָנטעווידעער „אונדזער פריינד", און פון מאָל צו מאָל אין דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרייהייט" און אין דעם חודש־זשורנאַל „יידישע קולטור".

אין אַפּריל 1941 איז אין בוענאָס־איירעס פאָרגעקומען דער ערשטער „איקוף"־קאָנגרעס פון אַרגענטינע און נאָך אייניקע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער.

איך בין געווען דער דעלעגאַט פון דער פאַראייניקטער־פּראָגרעסי־ווער־יידישער־געזעלשאַפט אין טשילע.

די פּראָגרעסיווע יידן אין אַרגענטינע און אין אורוגוואי זיינען דאַן געווען אַן אָנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער כוח אין די דאָזיקע לענדער.

זיי האָבן פאַרמאָגט אַ סך יידישע שולן, קולטור־אינסטיטוציעס, ווי אויך קאָאָפּעראַטיוועס און בענק.

אין אַרגענטינע האָבן די פּראָגרעסיווע יידן אָנגעציילט 40 פּראָצענט שטימען צו די וואַלן אין דער דאָרטיקער חברה־קדישא (די שפּעטערדיקע קהילה).

דער איינציקער יידישער געזעלשאַפטלעכער טעאַטער אין בוענאָס־איירעס, דער „איפט" (אידישער פאָלקס־טעאַטער), איז אויפגעבויט געוואָרן פון די פּראָגרעסיווע יידן.

דער אַרגענטינער פּראָגרעסיווער יידנטום האָט אויסגעזען אימפּאָזאַנט אין מיינע אויגן, ווי בכלל דער אַרגענטינער יידנטום.

נאָכן אָפּזיין 15 יאָר אין דער טשילענער דערווייטערטער יידישקייט, האָב איך אַלץ באַוווּנדערט — אַפילו דאָס שרייען אויף קאָריענטעס: הייסע בייגעלעך, בייגעלעך הייסע! — צי דאָס אויסרופן פון יידישע צייטונגס־פאַרקויפער די נעמען פון זייערע צייטונגען.

איך האָב זיך, מיט זיך אַליין, געוואָלט פאַרמעסטן אין באַגייסטערונג און אין התלהבות פאַרן יידישן ישוב פון אַרגענטינע.

איך האָב נאָך ניט געאַנט מיט וואָס די צייט שמעקט פאַר אונדזער פאָלק, אַז ווען איך פריי זיך איצט אַזוי מיט דעם אויפשטייגן און אויפקומען פון די אַרגענטינער יידן, לאָזט זיך דאָרטן, אין אייראָפּע, אַראָפּ די האַק אויפן יידנטום און זאָגט אים אָן דעם געוואַלד־געשריענעם סוף.

אפשר האָב איך זיך דערפאַר געפרייט, ווייל איך האָב דערשפּירט אַז דאָ, אויף דעם נייעם קאָנטינענט, הויבט זיך אויף אַ נייער שפּראָצלינג, אַ יינגלינג גיט זיך אַ שטעל אויף, אַן אויסגעצויגענער, צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון ראש־המשפחה וואָס איז געפאַלן.

איך בין אַרומגעגאַנגען איבער די יידישע שולן, איבער די רעדאַקציעס פון יידישע צייטונגען, איבער די אינסטיטוציעס, ווי אַן אייגענער, ווי ביי זיך אין דער היים.

ווער האָט זיך דאָס ניט געקענט באַגייסטערן מיט דער זעקס־שטאָקיקער געביידע, מיט מאַרמל אין פאָרנט, פון דער בוענאָס־איירעסער חברה־קדישא, מיט די אַלע אינעווייניקסטע געזעלשאַפטלעכע איינריכטונגען, אָנהויבנדיק מיט דער קאָלאָסאַלער ביבליאָטעק, מיט דעם לערער־סעמינאַר, און ענדיקנדיק מיט דעם מוזעום און אַרכיוו?!

איך בין אַרומגעגאַנגען איבער די בוענאָס־איירעסער גאַסן ווי אויף מיינע, ווי אויף יידישע גאַסן.

אין טשילע האָבן מיך גאָרנישט געקענט אַזוי פיל יידן, וויפל אין בוענאָס־איירעס.

דאָרטן האָט מיך אַ ייד געקענט טרעפן אויף קאָריענטעס, מיך דערקענען נאָך אַ פאָטאָגראַפיע אין אַ צייטונג, און מיר אויסרעכענען אַלע מיינע דער־ציילונגען וואָס ער האָט לעצטנס געלייענט.

אויפן „איקוף״־קאָנגרעס האָב איך געשוווּמען. אַחוץ דעם וואָס איך האָב געהערט צו דעם פּרעזידיום, האָט נאָך מיר פּיניע כץ ע״ה, דער פאָר־זיצער פון „איקוף״־קאָנגרעס, געקרוינט מיט דעם נאָמען דער דעלעגאַט פון די דעלעגאַטן.

איך האָב דענסטמאָל געהאַט אייניקע אויפטרעטונגען אין בוענאָס־איירעס.

אַזעלכע געפּאַקטע הייזער ווי מען האָט דאָן געזען אויף קולטור־אונ־טערנעמונגען, זעט מען דאָס היינט ניט אויף קיין טייל פון דער יידישער וועלט, אַחוץ אפשר אין ישראל.

אַזאַ אויפטריט האָב איך דאָן געהאַט אין „מענדעלע״־קולטור־הויז, אונטער דעם פאָרזיץ פון פּיניע כץ.

איך דערמאָן מיך איצט אָן עפּיזאָד וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט. האַרט פאַרן אָנהויבן דעם רעפעראַט דער־נענטערט זיך צו מיר אַ שיין געקליידטער יונגערמאַן, און דערלאַנגט מיר, מיט עלעגאַנץ, אַ וויזיט־קאַרטל.

איך האָב זיך דערשראָקן, עפּעס אַ נודניק האָט זיך שוין אָנגעזעצט אויף מיר. ערשט ער ציטערט גאָר פאַר אַ נודניק. דעם דאָזיקן לץ איז איינגעפאַלן צו באַשטעלן אַזעלכע וויזיט־קאַרטלעך, ווו אָנשטאָט דעם באַלעבאָס׳ נאָמען, זאָגט זיך דאָרטן:

— חבר, מען בעט ניט נודיען.

אַזאַ וויזיט־קאַרטל איז ער זיך נוהג צוצוטראָגן יעדן רעדנער.

משה ריכטער, דער רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער צייטונג אין מאָנ־טעווידעאָ, „אונדזער פריינד״, וואָס איז געווען דעלעגירט צום „איקוף״־קאָנגרעס אין אַרגענטינע, האָט מיך איינגעלאַדן קיין מאָנטעווידעאָ, אויף אַ פּאָר פאָרלעזונגען.

איך האָב אַ מאָל געהאַט אַ גוואַלדיקן יצר־הרע צו אַרומפאָרן, זאָל זיין אַפילו אין מיטן דער נאַכט. און האָב איך ניט געהאַט אין טשילע וווּהין צו פאָרן, בין איך כאָטש אַרומגעפאָרן האַנדלען.

מאָנטעווידעאָ האָב איך געהאַט אַ באַזונדערן חשק צו באַזוכן. פריער

פאַר אַלץ, האָב איך זיך געוואָלט באַקענען מיט אַזאַ וווּנדערבאַרן יידישן ישוב, ווי דער אורוגוואַיער איז געווען. 40 טויזנט יידן האָבן זיך געקענט פאַרגינען צו פאַרמאָגן דריי יידישע צייטונגען. און נאָך אַזעלכע ווונדיירים, האָט דער דאָזיקער ישוב באַוויזן.

איך האָב אויך געחלומט זיך צו באַקענען מיט דעם ווונדערלעכן, עכט־דעמאָקראַטישן אורוגוואַיער פאָלק.

עס איז דעמאָלט געווען מלחמה־צייט, און דעם כאַראַקטער פון אַ פאָלק קען מען דערקענען אין גאַנג פון זיינע וויכוחים. רעדלעך מענטשן האָבן באַלאַגערט די רעדאַקציעס, און דאָרטן, לעבן די צייטונגען, האָבן זיי גע־פירט זייערע דיסקוסיעס.

דאָס איינציקע וואָרט, דאָס איבערצייגנדיקסטע, דאָס איינגעשפּאַרטסטע, וואָס איר האָט מער פון אַלץ דאָרט געהערט, איז געווען דער כאַראַקטע־ריסטישער „פּעראָ טשע וויעכיטאָ" (אָבער הער נאָר, אַלטינקער)! דאָס האָט פאַרשטייט זיך אויך געקענט זאָגן אַן אַלטער מאַן צו אַ יונגן בחור.

אַחוץ דעם האָב איך געוואָלט זיין אין מאָנטעווידעאָ, ווייל דאָרטן האָבן געוווינט מיינע אַמאָליקע, אַלטע, גוטע פריינד, העניע און חצקאל פּאַקמאַן, פון דעם קליינעם ליטווישן שטעטל מאליאַט, ווו מיר האָבן קעמפּנדיק אויסגעבויט אַ קולטור־ליגע־שול. איך האָב דאָרטן אויך גע־טראָפן מיינע צוויי געוועזענע תלמידים פון דעם זעלבן שטעטל, וואָס זיינעןביידע געווען אַ פּאַרפאָלק — דער מאַן, אַ דאָקטער מעדיצין.

אויך אין מאָנטעווידעאָ זיינען נאָך דעמאָלט די זאַלן געווען געפּאַקטע צו קומען אויסהערן אַ יידיש וואָרט.

איך האָב נאָך עד־היום אַ זכרון, אַ בילד צוזאַמען מיט די דאָרטיקע קולטור־טוער, און אַ בילד פון זיך אַליין, וואָס שטייט ביי דעם קופּערנעם פערד צופוסנס, אויף וועלכן עס רייט דער באַפרייער פון אורוגוואַי, גענע־ראַל אַרטיגאַס.

אומקערנדיק זיך דאַן פון אַרגענטינע און אורוגוואַי, האָב איך אין דער טשילענער יידישער פּרעסע געדרוקט אַ סעריע אַרטיקלען וועגן דעם דאָרטיקן יידישן לעבן.

# מאָביליזירט די יידישע געזעלשאַפט אין קאַמף קעגן פאַשיזם!

גלייך נאָך דעם צוזאַמענשטויס צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד אין 1941, האָב איך אין יולי פון דעם זעלבן יאָר געגרינדעט דעם יידישן־אַנטי־פאַשיסטישן־קאָמיטעט אין טשילע, און בין געווען זיין סעקרעטאַר.

אין יאַנואַר פון 1941, האָט זיך אין דעם יידישן טשילע געהאַט גע־גרינדעט אַ קאָמיטעט צו העלפן ענגלאַנד.

אין גיכן האָבן זיי זיך פאַראייניקט און געשאַפן דעם „יידישן קאָמיטעט צו העלפן די דעמאָקראַטיעס" וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דעם טשילע־נער „אוניאָן פאַרא לא וויקטאָריאַ" (פאַראייניקונג פאַרן נצחון).

דער טשילענער יידישער ישוב האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע אַרבעטן פאַר דעם „אוניאָן פאַרא לא וויקטאָריאַ", פאַר די גרויסע געלט־זאַמלונגען וואָס ער האָט דורכגעפירט און פאַר זיין באַטייליקן זיך אין די גרויסע פעסטיוואַלן, מיט זיינע באַזונדערע קיאָסקן.

אַלע יידן האָבן געשפירט די געפאַר וואָס האָט געהויערט איבער זיי און זיי האָבן מיט עפעס געוואָלט העלפן די קעמפער קעגן נאַציזם.

צו יענער צייט, האָב איך זיך נאָענטער באַפריינדעט מיט מרדכי דאַ־ווידזאָן. ער האָט געשטאַמט פון פוילן. ער איז געווען אַ פעסט־געבויטער מאַן, מיט אַ בלאָנדן קאָפּ געדיכט־געקרייזטע האָר און מיט אַ פּנים פון אַ געניסער פון לעבן.

ער איז געווען אַ רייזנדיקער. ער פלעגט פאַרדינען שטיקער געלט און דאָס דורכלאָזן צווישן די פינגער. ער איז געווען אַ ראַדיקאַל־געשטימ־טער, און איך האָב אים אַריינגעפירט אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. ער פלעגט גיין עלעגאַנט געקליידט, און צווישן די פאַרטייער האָט ער אויסגעזען ווי אַ לאָרד.

ער האָט ליב געהאַט צו זיין אַ מקורב פון גרויסע מענטשן און האָט געזוכט צו געפינען ביי זיי צוטרוי.

ער האָט עפעס געוואָלט זיין. ער האָט געוואָלט זיין מער ווי דער דורכשניט.

איינע פון זיינע שוואַכקייטן איז געווען די פרוי. וויפל פרויען, און וואָס אַלץ פאַר אַ פרויען האָט שוין דאַווידזאָן אין זיין לעבן ניט דורכ־געהאַט.

אָנגעהויבן צו זינדיקן, האָט ער, אַלס יונגער יינגל. ער איז פאַר־

פירט געוואָרן פון אַ רייפער פרוי. און דאָס האָט זיך ביי אים אָפּגעזעצט אויף דער נשמה. ער האָט צו קיין פרוי קיין צוטרוי ניט געהאַט, קיינער ניט געגלויבט, און ער האָט ניט געקאָנט אַרויסגיין פון דער וואָך און פון דער הפקרות.

ער האָט אין דער זעלבער צייט געקענט פאַרקערן מיט דער מוטער און מיט איר טאָכטער, מיט צוויי שוועסטער, מיט יונגע און מיט אַלטע, מיט שיינע און מיט מיאוסע, און שפּעטער, אין דער צייט פון זיין פאַר־צווייפלונג, האָט איר אים געקענט טרעפן מיט אַ גאַנצער כאָפּטע ביליקע קאַבאַרעט־זינגערינס, זיך וואַקלענדיק אויף זיינע שווערע, שטאַרקע פיס.

דאַווידזאָן איז געלאָפן פון זיך אַליין. ער האָט געזוכט מנוחה אין דער נייער וועלט און אין איר נייעם גלויבן.

ער איז געווען באַליבט אין די קאָמוניסטישע קרייזן, איבערהויפּט אין די העכערע ספערן.

און איר וועט גלויבן? אָט דער אַלטער בחור, דער סקעפּטיקער, האָט זיך פאַרליבט אין אַ פרוי איבער די אויערן.

די פרוי איז געווען אַ טשילענערין — אַ שלאַנקע און אַ בויגעוודיקע, אַן אָנגעגאָסענע מיט חן און מיט זאַפט. זי האָט געשטאַמט פון אָרעמען שטאַנד. זי איז אַלט געווען אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק און איז געווען דאָס ווייב פון אַ מאַליאַנערסקן אַראַבער. ער האָט פאַרמאָגט אַ ריזן געשעפט פון זיידנס. דעם מוסטער, אָדער דעם קאָליר פון זיידנס וואָס איר האָט אין זיין געשעפט ניט געפונען, האָט איר שוין מער ניט געהאַט וואָס צו זוכן אין סאַנטיאַגאָ.

פאַר זיינע אויגן פלעגן דורכגיין הונדערטער מענטשן אַ טאָג. וואָס האָט שוין משטיינס געזאָגט געקענט בלייבן פאַרן אַראַבער פון זיין אַ טאָג לעבן אויף דער וועלט, וואָס ער זאָל קאָנען שענקען זיין יונגן, שיינעם ווייב?

דאַווידזאָן האָט די פרוי ליב געהאַט, אהבת־נפש. ער האָט געטיילט מיט איר אַ סך שעהן פון גליק און פון לעבן. ער האָט ניט נאָר איר ליב געהאַט, נאָר אַלץ דאָס וואָס עס איז נאָר געווען נאָענט פון איר. ער האָט אַפילו ליב געהאַט איר קינד, איר יינגעלע פון 6 יאָר, ווי אַן אייגענעם. מען קען אַפילו זאָגן, אַז ער האָט צוליב איר אויך ליב געהאַט איר מאַן.

דאַווידזאָן איז יאָרן לאַנג געווען נאָענט פון מיר. ער האָט געהאָט

אַ חזקה, נאָך יעדן אומקערן זיך פון אַ רייזע, מיר אָפּצושטאַטן אַ וויזיט און מיך אַרויסנעמען פאַרברענגען.

ער איז געווען אַן אייגענער ביי מיר אין שטוב, און מיין יינגסטער זונעלע פלעגט אים רופן ניט אַנדערש ווי פעטער.

נאָך די מתנות נאָך, וואָס ער פלעגט אים יעדעס מאָל מיטברענגען, האָט ער אים זיכער געמעגט רופן פעטער.

איין מאָל האָט זיך דאַווידזאָן אַ ביסל צו לאַנג פאַרזאַמט מיט זיין באַזוך ביי מיר.

איך האָב זיך דערוווסט אַז ער איז קראַנק.

איך בין אים אַוועק זען. ער האָט געוווינט אין אַן עלעגאַנטן דעפּאַר־טאַמענט, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן.

פון זיינע רייד האָב איך אַרויסגענומען, אַז פון אַוויאָן האָט מען אים בעתן לאַנדן, אַראָפּגענומען, און גלייך אַוועקגעפירט אין דער גיכער־הילף.

איך האָב אים צו פיל ניט געוואָלט חקרנען.

מיט דער צייט האָב איך פון שטיקלעך און ברעקלעך פון זיינע רייד צוזאַמענגעשטעלט דעם סוף פון דער מעשה (דאָס איז אָבער נאָך ניט געווען דער סוף).

דער אַראַבער האָט ניט געוואָלט זיין „טאָלעראַנט״ צו דעם יידן און אויך ניט צו זיין יונגער פרוי, און ער האָט זי אינסינואירט צו זעלבסט־מאָרד.

ווען דאַווידזאָן האָט זיך דערפון דערוווסט, האָט ער גענומען דעם אַוויאָן נאָך סאַנטיאַגאָ, און דאָרטן האָט ער דאָס געוואָלט אַנטשלאָפן ווערן אויף אייביק.

ער איז נאָך דעם אַרומגעגאַנגען אַ שטיק צייט, ווי משוגע.

ער פלעגט יעדע פּאָר טעג בייטן די בלומען אויף דער געליבטער פרויס קבר און פלעגט זיך אָפּט טרעפן מיט איר יינגעלע.

מיין פריינדשאַפט מיט אים האָט געדויערט, ניט איבעררייסנדיק, ביז דעם יאָר 1950, ביז דאַן ווען איך האָב פאַרקלאַפּט די טיר פון דעם קאָמוניזם, צוליב דעם פאַרברעכן וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן אונדזער פאָלק, מיטן צולייגן אַ האַנט אים אומצוברענגען, מיטן צערייסן דעם לעצטן בונד וואָס האַלט נאָך אים ווי עס צוזאַמען — מיטן פאַרניכטן די יידישע קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד.

גלייך נאָך דעם ווי איך האָב פאַרלאָזן די קאָמוניסטישע באַוועגונג, איז נאָך דאַווידזאָן צו מיר געקומען, און אַז איך האָב פאַר אים אויסגעלייגט

מיינע טענות: סטייטש, היתכן, ווי קען מען דאָס זיך אַזוי באַגיין מיט אונדזער געליטענעם און אויסגעפּרוּווטן פאָלק, האָט ער בעת־מעשה גאַנץ ווירדיק רעאַגירט, קלאַפּנדיק מיטן פויסט אָן טיש: איך וועל אַזוינס ניט דערלויבן! איך לויף גלייך אין דער פּאַרטיי! איך וועל דאָרטן ליאַרעמען און שרייען, מאָנען גערעכטיקייט.

פון דאַן אָן האָב איך דאַווידזאָנען מער ניט אָנגעזען.

אַז ער פלעגט מיר אָנטרעפן אין גאַס, פלעגט ער פאַר חרפה אָפּקערן דאָס פּנים.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אין אים דעם העלישן פייער ניט געלאָשן. ער איז אַלץ מערער און מערער פאַרצערט געוואָרן.

ער האָט געזוכט זיך צו פאַרשרייען מיט פּוסטע נאַכט־הוליאַנקעס, מיט אַרומשלעפּן זיך מיט פאַרצווייפלטע און צווייפלהאַפטע הפקר־מענטשן — און האָט עס ניט געקענט.

מיט אַ 7—8 יאָר צוריק, האָב איך געהערט אַז נאָכדעם ווי דאַווידזאָן האָט זיך אומגעקערט פון אַ לוסטרייזע אין זיין אויסגעטרוימטן ראַטנ־פאַרבאַנד, האָט ער איבערגעחזרט די זעלבע פאַרציק שלאָף־פּילן, וואָס אַ מאָל, און אַז דאָס מאָל איז ער איינגעשלאָפן אויף אייביק.

# אַ יונגער יידישער דיכטער פון אַרגענטינע קומט קיין טשילע

ווען איך האָב באַזוכט אַרגענטינע אין 1941, האָב איך זיך באַקענט מיט דעם יונגן און אייגנאַרטיקן יידישן דיכטער, לאָמיר אים רופן אבא גוטמאַן.

א. גוטמאַן איז צוגערעכנט געוואָרן, אין יענער צייט, צו דעם לאַגער פון די פּראָגרעסיווע דיכטער. ער איז טאַקע געווען ווייט פון פּאָליטיק, אָבער דער אינהאַלט און דער טאָן פון אַ סך פון זיינע לידער זיינען געווען סאָציאַלע.

ער האָט זיך פאַר מיר באַוויזן פאַר אַ באַשיידענעם מענטשן און פאַר אַ מסתפּק במועט. ער האָט זיך דעמאָלט אַפילו געהאַלטן ביי וועגע־טאַריערײ.

זאָל מיר גאָט ניט שטראָפן פאַר מיינע רייד און פאַר מיין אָפּווייכן

פון ענין. איך האָב קיין מאָל ניט געהאַט קיין סך גלויבן צו די וועגע־טאַריער. זיי זיינען דוכט זיך גרויסע צער־בעלי־חיימניקעס און אַ סך מאָל האָבן זיי ניט קיין איינזעעניש מיט זייער אַן אייגענעם מיטמענטש און דערגייען אים די יאָרן.

איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר ביי מיר איז געבונדן וועגעטאַריעשקייט מיט אייגנליבערישער פּאַרשפּיצטקייט און מיט אַ שטאַרקן אינדיווידואַליזם.

הקיצור, א. גוטמאַן איז מיט מיר באַפריינדט געוואָרן און זיך מיט מיר איבערגעשריבן.

ער האָט נאָר געוואָלט קומען קיין טשילע.

אין איין טאָג פון 1943, האָב איך, צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר ליב־האָבער פון דער יידישער ליטעראַטור, פון איר פּאָעזיע, אָפּגעוואָרט גוט־מאַנען ביי דער באַן־סטאַנציע מאַפּאָטשאָ.

איך האָב געהאַט די אַמביציע און דעם פּאַרלאַנג, צו באַרייכערן דעם טשילענער יידישן ישוב מיט מערער קולטור־מענטשן.

איך האָב געהאָפט אַז גוטמאַן, וואָס האָט אַזוי געגאַרט צו קומען קיין טשילע, וועט זיין צופרידן.

איך בין געווען דער וואָס האָט אים פאָרגעלייגט דעם ערשטן פּאַר־דינסט — צו זיין דער לערער פון יידיש פאַר מיינע קינדער. איך האָב נאָך גערעכנט אַז אפשר וועט ער עפּעס אויך קענען צופאַרדינען אַ ביסל אין דער טשילענער יידישער אויסגאַבע, וואָס האָט זיך דעמאָלסט געהאַלטן אין רעאָרגאַניזירן.

מיט גוטמאַנען איז דאָס אָבער ניט געגאַנגען. ער האָט זיך ניט געלאָזן ליב האָבן. ער האָט זיך געבריקעוועט. פאַר דאַנקבאַרקייט האָט ער געצאָלט מיט פאַרריסנקייט, ווי ער וואָלט קיינעם גאָרניט שולדיק געווען.

די ערשטע זאַך האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ ליטעראַרישן אָוונט פאַר איר, מיט דער באַטייליקונג פון מ. ד. גיסער, מ. מערקין, און פון מיר.

דער מאַטעריעלער דערפאָלג פון דעם אָוונט איז געווען אַ גריילעכער.

פאַר איין בוך פון גוטמאַנען וואָס מיר האָבן געלאָזט אויספּלעטן, האָבן מיר אַריינגענומען אַ גאָר היבשע סומע.

מיט דער איינגאַמע פון דעם אָוונט האָט ער געקענט האָבן אויף עטלעכע חדשים צום לעבן.

ער האָט זיך מיט אַלעמען געקריגט. ביי משה יודעלעוויטשן אין שטוב, אַליין אַ פּען־מענטש און מיט אַנדערע קינסטלערישע מעלות, אַ ייד אַ תּל־

מיד־הכם — האָט ער צוריסן אַ פינף־פּעזעדיקע, כדי צו באַווייזן זיין האַראַכטונג צו געלט.

ער פלעגט אַרומגיין און ביי אַלעמען זיך אַלץ פונאַנדערגעפרעגט, צי באַצאָל איך אים כאָטש ווי עס באַדאַרף צו זיין פאַר דער לעקציע ביי מיר, צי עקספּלואַטיר איך אים חס־וחלילה ניט.

אויף אַ צוזאַמענקום פון שרייבער־קרייז, ביי גיסערן אין שטוב, לכבוד גוטמאַנען, האָט ער אויסהערנדיק אַ פאַרגלייך צווישן אים און גיסערן געמאַכט פון יונה אַבאַדאָווסקי, זיך אָפּגעריסן מיט דער באַליידיקונג פאַר גיסערן: אַז ער האָט פיינט מען זאָל מאַכן פאַרגלייכונגען צווישן זיין הייס־געליבטער מוזע מיט אַ שוואַרצער גויה.

גוטמאַן פלעגט יענע צייט עסן ביי מיר אָנבייסן.

ער פלעגט פאַרבייקומען צו מיר אין געשעפט, אַרום מיטאָג־צייט, און פון דאָרטן זיינען מיר געגאַנגען צוזאַמען אַהיים.

איין טאָג קומט ער צו מיר אַריין אַרום האַלב איינס אַ זייגער.

איך האָב פונקט דאַן, געשעפטלעך באַהאַנדלט יצחק בלומשטיינען.

בלומשטיין איז טאַקע געווען אַ דיכטער פון באַרוף, אָבער געלעבט האָט ער פון מסחר — פון דער פאַרקויפן אויף אָפּצאָלן.

ער האָט אים אַפילו די האַנט ניט דערלאַנגט, און גענומען וואָרטשען מיט תרעומות:

— איך בין הונגעריק. איך וויל גיין עסן. פאַר מיר, אַז עס קומט די צייט פון עסן, מעג דאָס זיין אַפילו אַ קאַווע מיט מילך מיט ברויט און פּוטער — אַבי געגעסן.

איך האָב זיך פאַרשעמט פאַר בלומשטיינען און אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ פאַר חרפה:

— אָט אַזוי זעען זיי דאָס אויס, דיינע פּראָגרעסיווע דיכטערס?... (בלומשטיין האָט, ניט פאַר אייך געדאַכט, געהערט צו דער ציוניסטישער רעאַקציע...).

אין איינעם אַ פאַרנאַכט, קומט גוטמאַן אַריין צו מיר אין געשעפט, עפּעס אַ צעטראָגענער.

— וואָס איז גוטמאַן?

— וואָס איז? — מען האָט מיך באַגנבעט.

— באגנבעט? ווער? ווו?

— וואָס הייסט ווער־ווו? — ביי אייך אין שטוב. אייער דינסט.

— ווי אַזוי איז דאָס געשען? ווו האָט איר געהאַלטן דאָס געלט?

— ביי מיר אין בוזעם־קעשענע. דאָס רעקל איז געהאָנגען אויף דער קליאַמקע פון דעם פענצטער.

— און איר זייט דאָרטן געזעסן? און די קינדער? און איר האָט גאָרניט באַמערקט? און אייער געלטן־טאָש?

— דער געלט־טאָש איז געבליבן אין קעשענע, און דאָס געלט איז ניטאָ.

איך האָב זיך פאַרטראַכט. די מעשה האָט אויסגעזען צו זיין צו אויסטערליש.

— וואָס טראַכט איר? — רופט ער זיך אָפּ צו מיר.

— וואָס איך טראַכט? — אויב זי איז אַזאַ ספּעציאַליסטקע, קענט איר זיך פאָרשטעלן וויפל זי האָט שוין מיר באַגנבעט, ווען איך טראָג זיך תמיד אַרום מיט קעשענעס געלט.

— וואָס גייט דאָס מיך אָן! — האָט ער אויסגעשאָסן — אַבי איך האָב געמיינט אַז איר טראַכט מיר אומצוקערן דאָס געגנבעטע געלט.

איין טאָג רייד איך זיך אָפּ מיט אים צו גיין באַזוכן בח וויטאַל, וואָס האָט זיך געפונען אין שפּיטאָל נאָך אַן אָפּעראַציע. גוטמאַן איז מיר געקומען נעמען אין געשעפט.

ביים אַרויסגיין האָב איך אים דערלאַנגט אַ מתנה — אַ פּאָר קראַוואַטן אין אַ זעקעלע.

ער האָט מיר צוריקדערלאַנגט דאָס זעקעלע:

— טראָגט איר דאָס דערווייל.

— און איר האָט קיין כוח ניט?

— ווי איר זעט, איז דאָס מיין איינציקער אָנצוג וואָס איך פאַרמאָג, און עס איז מיר אַ שאָדן ער זאָל מיר זיך צעקנייטשן ביי די קעשענעס.

איך האָב אים אָנגעקוקט. עס האָט מיך פאַרקלעמט דאָס האַרץ:

— טאָקע אַזוי. דאָס מאָל האָט ער דאָס רעכט.

ביי מיר אין דער שאַפע הענגען אַ זעקס־אַכט אָנצוגן, און דאָ האָב איך זיך גאָרניט אַרומגעזען אַז גוטמאַן טראָגט תמיד דעם זעלבן אָנצוג, און ווי עלעגאַנט און ציכטיק ער האַלט זיך אויף אים.

— זייט מוחל, חבר גוטמאַן, איר זייט גערעכט. דאָס מאָל זייט איר גערעכט. דערלאַנגט מיר דאָס זעקעלע מיט די קראַוואַטן. דערווייל וועל איך דאָס טראָגן.

גוטמאַן איז אָפּגעווען אַן אַכט חדשים אין טשילע. ער האָט באַרייכערט

זיין דיכטערישן פאַרמעגן מיט אַ געוויסער צאָל טשילעגער לידער, און איז פון דאָרטן אַוועקגעפאָרן אַ צעקריגטער מיט אַלעמען.

איך פלעג אָפט טראַכטן, ווי אַזוי קומט עס צו אַזעלכע שטעכיקע מענטשן ווי גוטמאַן — און אַנדערע אַזעלכע וואָס איך האָב באַגעגנט אין מיין לעבן — וואָס אין זייער שאַפן ברענגען זיי דווקא אַרויס די דער־הויבנסטע און שענסטע זייטן וואָס דער מענטש פאַרמאָגט, און אין זייער רעאַלן לעבן ווייזן זיי אַרויס דאָס פאַרקערטע. איך האָב אויך געטראָפן דיכטער מיט וועמען „איר האָט ניט געהאַט אויסצורריידן אַ וואָרט״ און אין זייער שאַפן האָבן זיי אַרויסגעבראַכט אָריגינעלע געדאַנקען און געניאַלע איינפאַלן.

אפשר טוט זיך דער שעפערישער מענטש אויס — בעת זיין יצירה — פון זיינע אייגענע כלים, און ער בלייבט דאַן הוילע רוחניות, ריינער גייסט. אפשר?

עס קען אויך זיין אַז יעדער מענטש — און נאָך מערער דער גייסטי־קער שעפער — איז ניט קיין גאַנצער, נאָר אַ געשפּאָלטענער, און אין דעם מאָמענט ווען אויף דעם קינסטלער רוט די שכינה, די מוזע, באַפרייט ער זיך פון דעם נעגאַטיוון וואָס אין אים, און גיט אַרויס נאָר די ליכ־טיקייט פון זיין נשמה, דאָס גוטע און דערהויבענע. עס קען זיין, אַז דאַן זעט ער נאָר אויף איין אויג, אויף דעם „גוטן״.

די זעלבע גוטע פריינד וואָס האָבן גוטמאַנען באַגעגנט ביי דער באַן־סטאַנציע מאַפּאָטשאַ, האָבן אים אויך אַהין באַגלייט, מיט באַמבאַניערקעס אונטער די אָרעמס.

אין 1947 בין איך ווידער געקומען קיין אַרגענטינע, ווי אַ דעלעגאַט צום צווייטן לאַטיין־אַמעריקאַנער „איקוף״־קאָנגרעס.

איך בין אַריין, אין אַן אָוונט, אין דעם „באר קאָמערסיאַל״.

ביי איינעם פון די טישלעך איז ביי אַ מאַנוסקריפּט געזעסן גוטמאַן.

עטלעכע באַקאַנטע האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע טישלעך און זיך מיט מיר וואַרעם אַרומגעכאַפּט, פּאַטשנדיק זיך איבער די פּלייצעס, ווי דער מנהג־המדינה איז. נאָר גוטמאַן איז געבליבן זיצן פאַרטיפט איבער זיין כתב־יד.

איך האָב געטראַכט: — אפשר האָב איך אַ טעות. אפשר איז דאָס ניט ער. דוכט מיר אַז פריער האָט ער ניט געטראָגן קיין וואָנצעלעך.

איך האָב זיך דערנענטערט צו זיין טיש:

— דאָס זיינט איר, גוטמאַן?

— אוודאי.

— וואָס טוט מען עפּעס?

— אָט, איר זעט דאָך, מען שרייבט.

איך האָב זיך אַרומגעזען אַז ער איז געבליבן דער זעלבער.

אָבער אין עטלעכע יאָר אַרום איז פאָרגעקומען אַ גוואַלדיקער שינוי אין זיין לעבן — אַ שינוי צום גוטן.

גוטמאַן האָט חתונה געהאַט מיט אַ פיינער און אינטעליגענטער פרוי. זי האָט אויף אים אַזוי געווירקט, אַז ער איז געוואָרן אינגאַנצן אַן אַנדער מענטש.

ער איז, זינט דאַן, געוואָרן הברישער, פריינדלעכער, צוטרווילעכער, — און אַן דער געשפּאַנטקייט צו זען אין יעדער איינעם אַ פּיינט.

מיר דוכט זיך אַז פון דאַן אָן איז אויך פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין זיינע שאַפונגען. זיינע לידער זיינען געוואָרן טיף־מענטשלעכער און וואַרעמער.

# אין שפּיטאָל

אין אויגוסט 1942 בין איך איינגעבאַלן אויף מיין מאָגן־געשוויר. עס קען זיין אַז די ביטערע צייט האָט צוגעשפּילט דער קראַנקייט. איך האָב באַקומען אַן אינערלעכן בלוט־שטורץ. מיין גוטער פריינד, ד״ר א. ראַכאַס, האָט גלייך אַריינגעשיקט צו מיר אין שטוב אַריין אַן אמבו־לאַנס־מאַשין, מיט אַ פאַראָרדענונג מען זאָל מיך אַוועקפירן אין שפּיטאָל „על סאַלוואַדאָר״, איינער פון די באַרימטסטע און מאָדערנסטע הייל־אַנשטאַלטן, צו יענער צייט, אין לאַנד.

אויף ד״ר ראַכאַס האָט די פאָרגעשריטענע אינטעליגענץ געקוקט ווי אויף אַ וווּנדער־מענטשן. ער האָט געהאַט די זכיה צו באַטרעטן די „הייליקע״ רויטע ערד פון מאָסקווע, און פלעגט האַלטן רעפעראַטן וועגן דער מעדיצינישער אַנטוויקלונג, דערגרייכונג און הויך, אין ראַטנפאַר־באַנד. אָבער אַחוץ אַלעמען איז ער געווען אַ ליבער און גוטער מענטש, אַן איבערגעגעבענער פריינד, און ער האָט אַכטונג געגעבן אויף מיין געזונט.

די אַמבולאַנס האָט מיך געטראָגן אין שפּיטאָל אַריין, מיט דער גרעסטער שנעלקייט. זי איז געפלויגן איבער די גאַסן און געליאַרעמט: פנו דרך! פנו דרך! מאַכט אַ וואַרע, מאַכט אַ וואַרע! מיר לויפן ראַטעווען אַ מענטשן.

דורך דעם הינטער־שפּיגל פון דער אַמבולאַנס האָב איך געזען די מענטשן אין אַ פאַרקלענערטער פאָרם. זיי זיינען אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן, ווי די פאַרסמטע, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט ראַטעווען ערגעץ־ווו.

איך שעם מיך צו דערציילן, אַז אין דעם מאָמענט ווען מיין לעבן איז מיר געהאַנגען ווי אויף אַ האָר, האָב איך מער פון אַלץ געזשאַלעוועט זיך צו געזעגענען מיט דעם אויסזען פון דער צעטומלטער גאַס, דעם מענטשן־מוראַשניק, און די שפּרינגענדיקע ביימער פון די סקווערן און פון די אַלייעס.

מיין איינציקער פאַרלאַנג איז דאַן געווען, ביים געזעגענען זיך מיט דאָס טייערסטע וואָס אַ מענטש פאַרמאָגט, צו זען כאָטש נאָך אַ מאָל דאָס לויפנדיקע לעבן, מערער ווי דער פאַרלאַנג זיך ווידער צו זען מיט דער פאַמיליע און מיט גוטע פריינד.

איך האָב אַ סך דערציילט פון מיין באַגעגענען זיך מיט דעם טשילע־נער מענטשן אין זיין היים, אין דער „קאָנווענטיזשע", בעת זיין אינטימן לעבן. דערפאַר געפין איך פאַר נויטיק צו באַשרייבן דעם טשילענער, פון אַן אַנדער ווינקל, פון אַן עפנטלעכן.

דער שפּיטאָל איז מיט אַ סך ענלעך צו אַ תפיסה. פונקט ווי דאָרט, אַזוי פאַרלירט אויך דאָ דער מענטש זיין פרייהייט, זיין פערזענלעכקייט.

איך בין אַריינגענומען געוואָרן אין „על סאַלוואַדאָר" אין דער פּאַלאַטע פון אינערלעכע קראַנקייטן, וואָס איז געווען צעטיילט אין צוויי סאַלעס, צו צוועלף בעטן אין יעדער איינער.

אונדזער סאַלע איז געווען די צווייטע און האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם בעט נומער דרייצן. יעדע בעט איז געווען אַ וועלט פאַר זיך — אַ קראַנקע וועלט.

מיך האָט מען גערופן דער נומער פיר און צוואַנציק.

נאָכן אָנקומען אין שפּיטאָל אַריין, האָב איך מיין קראַנקייט און די ווייטאָקן מיינע ווייניקער געשפּירט. אַ קנאַפּער יחסן געווען. דאָרטן זיינען געווען געפערלעכערע פון מיר. אגב, האָט מיין גאַנצע קרענק, איצט, געהאַט מערער שייכות צו עפעס אַ נומער, צום נומער פיר פון צוואַנציק, ווי צו מיר. דער נומער פיר און צוואַנציק האָט היץ, דער

פיר און צוואַנציק שלאָפט ניט, ביי דעם פיר און צוואַנציק דאַרף מען נעמען בלוט צו פּרובירן.

עס האָט געדויערט עטלעכע טעג ביז איך האָב זיך איינגעבירגערט אין דער סאַלע. איך האָב געוווּסט יעדערנס שלאָפקייט, זיין פאַמיליע־שטאַנד און ווי עס האַלט מיט אים. אויך דער טויט איז דאָ געוואָרן היי־מישער. ער איז געווען אַן אָפטער גאַסט.

דער עלטסטער תושב איז געווען דער נומער דרייצן. אויף יענער זייט שפּיטאָל איז ער געווען אַ טראַמוויי־אַרבעטער. ער האָט געליטן פון אַ כראָנישן רעוומאַטיזם. אין שפּיטאָל האָט ער זיך שוין געפונען דאָס צווייטע יאָר. ער האָט געלעבט גוט מיט אַלעמען. אַלע ניט־דערגעסענע פּאַרציעס זיינען אין זיין מאַגן־זעקל אַריין.

ער איז געווען די לעבעדיקע כראָניק פון דער כאַלע. ער האָט געוווּסט ווער עס איז געווען דאָס ריכטיקע ווייב פון דעם חולה און ווער עס איז די געליבטע, ווער עס איז אָרעם און ווער עס איז רייך, ווער עס האָט שאַנסן צו לעבן און ווער ניט. ער איז שוין אַליין געוואָרן אַ שטיקל דאָקטער און פאַרשטאַנען די רייד פון די דאָקטוירים און זייער ווינקען.

אַז דער דרייצן האָט אָנגעקוקט אַ חולה און אַ ווונק געטאָן צו דער טיר, האָט איר שוין געוווּסט אַז יענער גייט אַ גאַנג.

דעם נומער פערצן האָט מען גערופן „פּיטוקאָ" (סנאָב).

ער האָט געליטן אויף אַ שווערן געלזוכט, און שוין מיט איין פוס אין קבר האָט ער אַלץ געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף זיין שכן, דעם נומער דרייצן, דעם „ראָטאָ" (אָפּגעריסענער — נאַציאָנאַלער צונאָמען פון דעם טשילענער). ער האָט מערער געליטן פון דעם וואָס ער דאַרף ליגן אין אַן אַלגעמיינער סאַלע, ווי פון דער קראַנקייט גופא.

דאָס בעט פון דעם שפּאַניאָל, נומער זיבעצן, איז פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ גאַנצן „צימער", מיט פאַרשיידענע איינריכטונגען, מחמת ער האָט זיך ניט געקענט רירן פון אָרט, אַפילו ניט פאַר זיינע באַ־דערפענישן.

דער נומער ניינצן, וואָס האָט זיך גענומען בעסערן פון אַ לונגען־אָנטצינדונג, האָט אַ גאַנצן טאָג געדאגהט מען זאָל אים חס־ושלום ניט אויסשרייבן פון שפּיטאָל, ווייל אין דרויסן איז געשטאַנען אַ האַרבער ווינטער (אין דרום־אַמעריקע איז אין אויגוסט דער רעכטער ווינטער).

דערפאַר, אַז עס איז אַריבער דער טאָג און מען האָט אים ניט אויס־

געשריבן, האָט ער — ווי די נאַכט איז נאָר צוגעפאַלן — ביי דער אַנגענעמער וואַרעמקייט וואָס עס איז געשטאַנען אין דער סאַלע, אָנגעהויבן צו דערציילן אַזעלכע שיינע, צוגעטראַכטע מעשיות, אַז די נשמה האָט געקענט אויסגיין פון מתיקות.

איין מאָל, אין אַן אויף דער נאַכט, האָט מען אויף דעם קראַנקן־וועגעלע אַריינגעפירט צו אונדז אַ חולה. ער איז געווען אַ פּולער, אַ הויכער און אַ יונגער. די בעקלעך האָבן זיך ביי אים מאָדנע געטרייסלט. ער האָט אויסגעזען פון אַ יאָר דרייסיק.

די מערסטע חולאים האָבן זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט ווי מיט אַן אַלטן, גוטן באַקאַנטן:

— אָלאַ, פערנאַנדיטאָ, ביסט שוין ווידער דאָ! וואָס האָט פּאַסירט? האָסט ניט געקענט אויסהאַלטן?

— נאָר אַ טוצל ביר אַריינגעכאַפּט. וואָס האָב איך זיך געקענט העלפן? דורשטיק געווען. און אין דרויסן איז געווען אַזוי כמורעדיק־רעגנדיק. און גריבענעס זיינען געווען מחיהדיקע. און אַן „אסאדאָ" (אַ געבראָטנס). איר ווייסט דאָך, ווי ביי אַ קצב. מען האָט געשמועסט מיט אַ גוטן פריינד און פאַרזופּט מיט ביר. מיין ווייבל האָט זיך טאַקע ביי מיר געבעטן:

— פערנאַנדיטאָ, טרינק ניט. עס ניט קיין גריבענעס. דאָס איז פאַר דיר סם. ווער האָט זיך דאָס געקענט ריכטן, אַז אַ ביסל גריבענעס דאַרטן, מיט אַ זופּ ביר, זאָלן מיר אַוועקהרגענען. אוי, ברידערלעך, האָב איך דאָס געהאַט אַ נאַכט! זי זאָל זיך מער ניט איבערחזרן.

אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט מען צו פערנאַנדיטאָן אַרויסגערופן דעם וואַרטע־דאָקטער.

דער דאָקטער האָט אים געטאַפּט אין בויך, און אַ באַנומענער געשריען:

— האָסט זיך שוין ווידער אָנגעשליאָקעט, פערנאַנדיטאָ? די לעבער איז ביי דיר געשוואָלן ווי אַ באַרג. זי וויל מער ניט אַרבעטן. דו וועסט אַזוי קראַפּירן.

ביינאַכט איז פערנאַנדיטאָ אַריינגעפאַלן אין אַ דעליריום. ער האָט גערעדט אומפאַרשטענדלעכע רייד און ניט אויפגעהערט צו רופן זיין שכן, דעם נומער איין און צוואַנציק:

— נומער איין און צוואַנציק, האַ? איין און צוואַנציק! האַ?! איין און צוואַנציק!

ער האָט גערופן, ווי פון קבר אַרויס. זיין רופן איז געווען ווי אַ מיט־שלעפן יענעם, אַהין וווּ ער אַליין גייט.

איך בין אין דער רגע געוואָרן איבערגלויביק און געטראַכט אַז וועמען פערנאַנדיטאָ וועט היינטיקע נאַכט אויפרופן, יענער וועט מיטגיין מיט אים אויף יענער וועלט. איך האָב געציילט די מינוטן. ער האָט מיך ניט גערופן.

ערשט איך הער:

— פיר און צוואַנציק! פיר און צוואַנציק, האַ?! האַ, פיר און צוואַנציק! פיר און צוואַנציק!!!

איך בין אויפגעציטערט געוואָרן, אַזוי אויפפאָדערנדיק איז געווען זיין רוף. עס איז געקומען מיין סוף, האָב איך געטראַכט.

נאָך דעם האָב איך זיך אַ ביסל באַרויִקט. איך האָב גענומען קלערן: אָבער ווי אַזוי קען ער דאָס מיך רופן, אַז מיר קען ער דאָך גאָרניט. דאָס האָט ער זיכער געמיינט דעם פריערדיקן פיר און צוואַנציק, וואָס איז דאָ געלעגן פאַר מיר, בעת פערנאַנדיטאָ איז דאָ געווען יענעם מאָל.

גאַנץ פרי האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון אַ גערודער. דאָס האָט דער איין און צוואַנציק זיך פאַרקלאָגט אויף פערנאַנדיטאָן פאַר דער קראַנקן־שוועסטער, אַז ער שטערט די רו.

באַלד האָט מען אים צוגענומען פון דער סאַלע, און אַוועקגעפירט אין אַ חדר מיוחד, וווּ דער קראַנקער געפינט זיך שוין צום לעצטן מאָל אונטער אַ דאַך צוגעדעקט...

ער איז איצט געווען ביים פולן זינען:

— אַ דאַנק דיר, חברל, האָט ער בייסיק צוגעוואָרפן דעם נומער איין און צוואַנציק, איידער מען האָט אים אַרויסגעפירט פון דער סאַלע.

פערנאַנדיטאָ האָט געוואָרפן אַ לעצטן, פאַרווירטן בליק אויף דעם איין און צוואַנציק. מיט דעם דאָזיקן בליק האָט ער אים נאָך דרינגלעכער גערופן צו זיך ווי ביינאַכט מיטן שרייען: איין און צוואַנציק, האַ? איין און צוואַנציק!

דעם זעלבן טאָג האָט מען דעם איין און צוואַנציק אַוועקגעפירט אין פערנאַנדיטאָס צימער.

אין דער סאַלע האָט מען דערציילט, אַז דער פריערדיקער פיר און צוואַנציק איז געשטאָרבן אין אַן אַנדער סאַלע, דריי וואָכן נאָך דער אָפּעראַציע, ווייל אים האָט דאָך פערנאַנדיטאָ יענע נאַכט גערופן צו זיך, ניט מיר. והא ראיה — איך לעב דאָך נאָך ביז היינטיקן טאָג.

# די גרינדונג פון אַ וועד־החינוך אין טשילע

אין 1944־סטן יאָר האָט זיך אין לעבן פון יידישן ישוב אין טשילע געעפנט אַ ניי בלעטל. עס איז אין דעם דאָזיקן יאָר געגרינדעט געוואָרן אין סאַנטיאַגאָ דער וועד־החינוך, אויף דער איניציאַטיוו פון דעם העברעיִשן דיכטער נתן ביסטריצקי וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין לאַנד אין שליחות פון ארץ־ישראל.

קיינער קען זיך ניט פאָרשטעלן ווי עס וואָלט היינט אויסגעזען דער טשילענער יידישער ישוב, וואָס האָט אַ נאָמען פאַר אַ שפּראַכלעך און קולטורעל אַסימילירטן, אָן דעם וועד־החינוך, אָן דער אינסטיטוציע וואָס האָט זיך מיט אַן אמת געזאָרגט פאַר יידישער דערציִונג.

ביז דעם יאָר 1944 האָט זיך דער יידישער חינוך אין טשילע געהאַלטן אויף הינערשע פיסלעך.

מער ווי צענדליקער יידישע קינדער וואָס האָבן באַקומען אַ יידישע דערציִונג, האָט איר דאַן ניט געקענט אָנציילן.

אין 1925 איז אייגנטלעך אונטער דער איניציאַטיוו פון דעם דעמאָלסט־דיקן פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע, ה׳ מאוריסיאָ ראָ־זענבלאַט, געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר אַ מאָדערנער, יידישער, אינטעגראַלער אָנפאַנג־שול, אונטערן נאָמען „אינסטיטוטאָ העברעאָ״.

איך האָב שוין פריער דערציילט וועגן דער דאָזיקער שול, ווו איך בין געווען לערער צוזאַמען מיט דעם טשילענער לערער סעסאַר גאָדאָי אורוטיאַ (דעם שפּעטערדיקן פּאַרלאַמענטאַריער) און ווי איך האָב די שול געמוזט פאַרלאָזן, צוליב מיין אַפּיקורסות אין ציוניזם און צוליב דעם פאַנאַטיזם פון ד״ר באַלטיאַנסקי.

אין 1926 איז ווידער אָרגאַניזירט געוואָרן אַ העברעיִשע שול, מיט דעם זעלבן נאָמען, „אינסטיטוטאָ העברעאָ״, אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר אהרן יואל, ווען עס האָט אַראָפּגעבראַכט פון ארץ־ישראל דער דעמאָלסטדיקער פאָטער פון טשילענער ציוניזם, יצחק דראַפּקין, אָדער ווי מען האָט אים גערופן, „דער אַלטער דראַפּקין״, כדי אים אונטער־צושיידן פון זיינע זין, וואָס זיינען געגאַנגען אין זיינע ציוניסטישע דרכים.

אַחוץ ד״ר יואל און זיין פרוי לאה, האָבן פון 1926 ביז 1944, פון צייט צו צייט, אַקטיווירט נאָך אַ פּאָר לערער (טאָקע נאָר פון צייט צו צייט), ווי יצחק בלומשטיין און משה יודעלעוויטש. אָבער קיין מאָסן

פון יידישע טשילענער קינדער, זיינען ניט געשיצט געוואָרן אונטער אַ יידישער השגחה און אַ יידישער דערציִונג.

שווער איז אָנגעקומען די ערשטע און אויך די שפּעטערדיקע טוער פון וועד־החינוך, אַוועקצושטעלן אָט די דאָזיקע אינסטיטוציע. דאָס איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכע אַרבעט וואָס האָט געפאָדערט אַ סך מי, געדולט און אויסדויער.

דער ערשטער פּרעזידענט פון וועד־החינוך איז געווען יחזקאל פּלאַטאָ, אַ ייד אַן אָפּטימיסט, וואָס אויף דעם אַרכאַיִשן יידיש וואָלט ער פּשוט געהייסן אַ ייד אַ בעל־בטחון, מיט פאַרנעם און מיט שטעל.

ער האָט זיך אין זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט נוהג געווען מיט אַ ברייטער האַנט און מיט אַן אייראָפּעיִשן זשעסט.

מיר, די טוער פון וועד־החינוך, האָבן זיך דעמאָלסט געדאַרפט פאַר־נעמען מיט אַרומגיין אין די הייזער און „מאַכן קינדער" — ווערבירן תלמידים פאַר דער ברייט־פּלאַנירטער שול פון וועד־החינוך, וואָס זאָל זיך אָנהויבן פון קינדער־גאָרטן און זאָל דערפירן דעם תלמיד ביז צו דעם אוניווערסיטעט.

אַ סך פון די וואָס זיינען אַ מאָל געווען לערער, האָבן געאַרבעט פאַרן חינוך, ווי די שאַפּיראָס, די פּילאָווסקיס א"א.

מתתיהו שאַפּיראָ איז געווען יאָרן דער פּרעזידענט פון וועד־החינוך, און גדליהו שאַפּיראָ דער לאַנגיאָריקער פּרעזידענט פון דער פּעדאַגאָגישער קאָמיסיע.

דער וועד־החינוך האַלט זיך נאָך אין טשילע עד היום הזה, און צו זיין פּרעזידענטן־שטול זיינען שוין דערגאַנגען ניט איינער פון דעם נייעם דור, געבוירענע אויף דער אַמעריקאַנער ערד, ווי די אינזשיניערן ראָזענ־בערג און פלימאַן און ווי לוטשאַ אַראָן.

אַרום דעם טיש פון וועד־החינוך זיינען פאָרגעקומען וואַגיקע דיס־קוסיעס וועגן עפּענען דעם וועג פאַר אַ יידישער דערציִונג אין טשילע. די יערלעכע כינוסים פלעגן צוציען צענדליקער דעלעגאַטן און הונדערטער געסט. דאָרטן האָט מען געפירט הייסע וויכוחים אַרום שפּראַך, רעליגיע, און יידישער דערציִונג בכלל.

אַ סך טשילענער יידן האָבן אָפּגעגעבן זייערע כוחות פאַר דער אַדמיניסטראַציע פון דעם דאָזיקן אַנשטאַלט און פאַר זיין געלט־באַזאָר־גונג. זיי פלעגן קומען צו עטלעכע מאָל אַ טאָג אין די קלאַסן, זען צי פעלט עפּעס ניט אויס.

די פרויען־מיטגלידערינס פון וועד־החינוך, האָבן אַוועקגעגעבן אַ העלפּט פון זייערע טעג אויף צו באַשפּייזן די קינדער.

אין וועד־החינוך זיינען געווען טעטיק ש. בערגשטיין, די קאַסירן מאַלטשוק און פּופּקין, דער לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר, ד״ר בערנאַרדאָ בייטעלמאַן, דער סעקרעטאַר ס. פּילאָווסקי, די פּרעזידענטן מאַנדערער, אילעוויציקי און ראובן כץ — און ווער קען דאָס אַלעמען געדענקען.

איך וויל דאָ פאַרצייכענען, ווי אַ וויכטיקן אמת פאַר דער געשיכטע, אַז די אַלע העברעיִשע לערער און כלערליי דערציִונגס־שליחים וואָס זיינען געשיקט געוואָרן פון דער סוכנות, זיינען ניט געשטאַנען אויף זייער געהעריקער הויך, אַהוץ, פאַרשטייט זיך, קליינע יוצאי מן הכּלל. און זאָל מיר דערלויבט זיין ניט אָנצורופן קיין נעמען, ניט מחמת עס פעלט מיר געוואַגקייט, נייערט דאָס איז אַ ביסל צו ווייט פון מיין עסטעטישן געפיל און געשמאַק.

אונדזערע אָרטיקע לערער האָבן זיי אַריבערגעשטיגן אין אַלץ. די אָנגעקומענע לערער פון ישראל האָט זיך ניט איינגעגעבן צו ווירקן אויף די טשילענער יידישע לערער, זיי זאָלן ווערן אויס „גלות״־יידן און זאָלן קענען אויסמעקן פון זיך יעדן שמץ פון אידעאַליזם וואָס אַ גלות־לערער פאַרמאָגט אין זיך.

איך זאָג דאָס ניט מיט זלזול, נאָר מיט ווייטאָג, אַז כמעט אַלע סוכנות־לערער און דערציִונגס־שליחים, האָבן זיך אויפגעפירט ווי די שליחים פון אַן אימפּעריע לגבי די מענטשן פון זייער אַ קאָלאָניע. זיי פלעגן זיך האַלטן אַראָגאַנט, פאַרריסן, און געזשאַלעוועט אַפילו דעם גוטמאָרגן.

אין די אָנהויב זעכציקער יאָרן איז נאָך דערגאַנגען ווייטער, ביז אַריינברענגען סנאָביזם, ביז אַריינפירן פרעמדשפּראַכיקייט צווישן די ישראל־לערער, וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט צו די אָרטיקע לערער, און ביז זייער איזאָלירן זיך, ניט ווע‏לן קומען אין קאָנטאַקט מיט עמך, מיט די גלות־יידן.

זאָל דער לייענער ניט פאַרגעסן, ווי איך האָב פריער געזאָגט, אַז עס זיינען אויך געווען אויסנאַמען.

די שליחים פון די פופציקער יאָרן האָבן נאָך געהערט צו אַ ביסל אַ פריערדיקן דור, וואָס האָט נאָך געהאַט אַ נאָענטערן צוגאַנג צו אונ־דזערע יידן.

לויטן פּרינציפּ און לויט אַלע באַשלוסן פון די כנוסים, האָט מען

אין די שולן פון וועד־החינוך געדאַרפט אונטערריכטן אויך יידיש. אָבער אַרום סוף פון די פופציקער יאָרן, איז יידיש ס׳קאַסירט געוואָרן. פריער האָט מען דאָס נאָך געלאָזן ווי אַן אָפּטאַטיוון לימוד, און שפּעטער איז ער פון זיך אַליין אויסגעגאַנגען.

נישט דאָ איז דער פּלאַץ צו באַהאַנדלען אַן אַלטע, אַנגעווייטיקטע שפּראַכן־פּראַגע ביי יידן, אָבער דער אופן ווי מען האָט געריסן שטיקער פון יידיש, איז געווען הימל־שרייענדיק. און כל המרבה צו רייסן שטיקער פון יידיש, איז געווען הרי זה משובח.

אין די אָנהויב פופציקער יאָרן איז נאָך יידיש רעספּעקטירט געוואָרן. צו יענער צייט האָב איך געגעבן דעם לימוד פון יידיש אין די העכערע קלאַסן פון מיטלשול, „דע האָנאָרום״.

כדי אַ בריקע צו טאָן יידיש אין האַרצן האָט ניט געמוזט דווקא זיין אַ ספּעציעלער חינוך־שליח, נאָר יעדער איינער האָט דאָס געקענט טאָן, ווער עס האָט נאָר געהאַט גאָט אין האַרצן.

איך געדענק ניט אַקוראַט אין וועלכער צייט דאָס איז געווען, איז אַראָפּגעקומען קיין טשילע אַ שליח פון ישראל, זייער אַן אימפּאָזאַנטער מאַן, אַ קאָלאָנעל, אָנגעטאָן אין זיין מונדיר. יעדע יידישע האַרץ איז אָנגעקוואָלן נאָר פון אָנצוקוקן אים — אַן אמתער יידישער פּאָלקאָווניק, אַ שטאַלטנער, גלייכער און סימפּאַטישער מאַן, דערצו נאָך אין דער יוגנט געווען אַ יידישער דיכטער. דאָס איז געווען ביי אים אַ מין חטאת־נעורים.

איצט איז ער געווען דער קולטור־פאַרשפּרייטער אין דער ישראל־אַרמיי. זאב האָט ער געהייסן.

אין דער צייט פון זיין שליחות קיין טשילע איז ער אויך געווען דער גאַסט פון דעם דאָרטיקן יידישן שרייבער־קרייז.

די אויפנאַמע פאַר דעם קאָלאָנעל זאב איז פאָרגעקומען אין הויז פון דעם חינוך־טוער און ציוניסטישן עסקן, ישראל פּאָלאַק.

אין גאַנג פון דעם שמועס איז מען אַרויפגעקומען אויף דער שפּראַכן־פּראַגע. זאב האָט דאָס אונדז דאַן געוואָלט אָפּצוואָגן אויף קאַלט, אין שייכות מיט יידיש, און ער האָט אונדז דערציילט דעם ווייטערדיקן אַנעקדאָט:

אין אַן אַלטן קיבוץ, אין וועלכן עס איז אויסגעקומען אים צו לעבן אין יענע יאָרן, ווען מאָטאָריזירטע וועגענער זיינען נאָך ניט געווען אַזוי שכיח, האָבן די חברים פאַרמאָגט אַן אייזעלע, אַ חמור. דער חמור האָט

זיי זייער גוט געדינט. זיי פלעגן אויף אים ברענגען די פּראָוויאַנט פון שטאָט און אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר געדאַרפט.

יאָרן זיינען שוין אַוועק פון דאַנען. דער קיבוץ האָט שוין געהאַט אַן אייגענעם טענדער, מיט וועלכן ער האָט געבראַכט די אַלע בויטיקע זאַכן פון שטאָט, און די חברים האָבן זיך נאָך אַלץ געצאַצקעט מיטן חמור. זיי האָבן ניט געקענט אויסלעשן אין זיך דעם וואַרעמען סענטימענט צום אייזל.

וואָס זאָל איך אייך אַ סך ברייען — דער נמשל האָט געצילט צו יידיש.

איך בין געוואָרן אַן אַנגעצונדענער. מיר האָט ניט אַזוי פאַרדראָסן אויף דעם קאָלאָנעל זאב. מיט עפּעס האָט ער זיך דאָך געדאַרפט אויפפירן ווי אַ „יוון". מיר האָט זייער שטאַרק פאַרדראָסן אויף די עטלעכע יידישע שרייבער וואָס זיינען דאָרטן געזעסן און האָבן הכנעהדיק אונטערגע־שמייכלט.

איך האָב דעמאָלסט קיין וואָרט ניט גענומען, נאָר אַריינגעזאָגט הויך, אין זאבס זיים:

— אַ צווייטן מאָל, חבר זאב, זאָלט איר, ווען איר וועט פאָרן אין גלות אין שליחות, פון אייער פּעקל אַזעלכע וויצן ניט אויספּאַקן.

דער קאָלאָנעל זאב איז רויט געוואָרן, און האָט שוין מיר די גאַנצע צייט גלייך אין די אויגן ניט געקענט קוקן.

* * *

אַ וויכטיקע ראָל אין דעם לעבן פון וועד־החינוך האָט געשפּילט ישראל פּאָלאַק. ער האָט אים אַוועקגעשענקט זיין ליידנשאַפטלעכן יצירה־דראַנג.

י. פּאָלאַק איז אַ שעפערישער מענטש. ער האָט הנאה זיך צו נעמען צו עפּעס אַ זאַך פון אָנהויב אָן און עס אויסבויען ביזן סוף. איידער ער פאַרענדיקט ניט זיין אַן איניציאַטיוו, בלייבט ער ניט רויק.

י. פּאָלאַק קומט פון אַ יידיש־טראַדיציאָנעלער היים — פון בוקאָווינע.

ער האָט אָנגעהויבן פון הדר און פון דער ישיבה. ער איז געווען אַ הייס־פרומער. ער איז אַפילו געווען פּאָליטיש טעטיק אין דער אגודה — אַלס יינגל.

צו 17—18 יאָר עפּנט ער ערשט די אויגן פאַר דער אַרומיקער, וואָכיקער וועלט. ער גיט זיך דאַן אַ בויג צום רעוויזיאָניזם.

אין גיכן גייט ער אַוועק אויף אויף דעם דרך־המלך — צו ראַטעווען די גאַנצע וועלט.

גאָר יונגערהייט, אין 1936—1937 — ער איז נאָך דאַן קיין דרייסיק יאָר ניט אַלט — בעת די מאָסקווער פּראָצעסן, ניכטערט ער זיך אַ ביסל אויס פון זיין קאָמוניסטישער שכרות, און בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען ער פאַלט אַריין אין רוסלאַנד, ווערט אין אים צוריק וואַך דער ייד.

ער האָט אין רוסלאַנד געאַרבעט אין דער טעקסטיל־אינדוסטרי, ביז צו פאַנען־אויסצייכענונגען.

די ערשטע דריי־פיר יאָר נאָך זיין אָנקומען קיין טשילע, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווידמעט ער זיך אינגאַנצן כדי אויפצושטעלן אַ גרויסע טעקסטיל־אינדוסטרי, צוזאַמען מיט זיינע ברידער און שוואָגערס.

מען האָט אים ביז דאַן ניט אָנגעזען אין דער יידישער געזעלשאַפט.

נאָר אַז מען האָט אים שוין יאָ דערזען, אין די אָנהויב פופציקער יאָרן, האָט מען אים דערזען אין זיין גאַנצער הויך.

זיין וויכטיקע אַקטיוויטעט האָט ער אָנגעהויבן אין וועד־החינוך.

ער איז נאָך דאַן געווען פאַרהעלטנסמעסיק יונג, אָבער דערפאַרענער ווי לויט זיינע יאָרן נאָך.

ער איז צוגעגאַנגען צו דער דאָזיקער אַרבעט מיט זיין פאַר אים כאַראַקטעריסטישער ליידנשאַפט צו שאַפן אַ יש מאין — צו אויפבויען עפּעס. ווען ער איז געווען אַריינגעטאָן אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, איז ער דאָס געווען ווי בעת זיינע פּריוואַטע אונטערנעמונגען. אין זיינע פּריוואַטע אונטערנעמונגען איז אים אויך אַזוי ניט געגאַנגען אין די פאַר־דינסטן, ווי אין די אויפטוען. ער האָט געאַרבעט מיט דער עקספּעריענץ פון אַ זקן און מיט דעם טעמפּעראַמענט פון אַ ייִנגל.

און ער האָט טאַקע אויפגעבויט דעם גרויסן בנין פאַר דער שול פון וועד־החינוך.

ער איז צוגעגאַנגען צו בויען די בנינים מיט ברייטן שווונג און מיט פאַרנעם.

זיין פּלאַן איז געווען צו בויען די שול־געביידע, ניט אין דעם צענטער פון שטאָט, ווו די יידן האָבן דאַן געוווינט, נאָר אין אַ געגנט, וווּהין די יידן פאַרנעמען זיך איצט צו וווינען.

זיין פּלאַן האָט געהאַט אַ סך קעגנער, איך צווישן זיי. מיר האָבן

ניט פֿאַרמאָגט די געוואַגטקייט פֿון וועלן קריכן מיט אונדזער ביסל יידישער אָרעמקייט אין די הויכע אַריסטאָקראַטישע געגנטן אַריין.

י. פֿאָלאַק האָט אַליין געקענט געבן געלט און האָט געהאַט דעם כאַרנעם צו באַוועגן אַנדערע דאָס צו טאָן. ער האָט פּאָרויסגעזען אַז די יידן וועלן גיכער שיקן זייערע קינדער אין אַ לוקסוס־שול, איידער אין אַן אָבי־וואָסערער.

בעת דער חנוכת־הבית פֿון דער וועד־החינוך־שול, אויפֿן געגנט פֿון מאָקול, האָט מען געזען פֿאַר זיך אויסגעבויט אַ מאָדערנעם לערן־אַנ־שטאַלט, אין עטלעכע פֿליגלען, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט גע־רוימע, ליכטיקע הויפֿן, ווו די קינדער האָבן געקענט פֿונאַנדערציען זייערע גלידער.

דער דעמאָלסטדיקער פּרעזידענט פֿון דער רעפּובליק, גענעראַל קאַר־לאָס איבאַניעז דעל קאמפּאָ — דער אַכציק יעריקער — האָט זיך ניט געפֿוילט און באַזוכט די געביידע פֿון שטאָק צו שטאָק, און צוזאַמען מיט זיין בילדונגס־מיניסטער האָבן זיי זיך ניט געקענט אָפּוווּנדערן פֿון דעם וואָס זייערע אויגן האָבן פֿאַר זיך געזען.

דער שול־בנין פֿון וועד־החינוך איז נאָך מסתמא ביז היינט דער מאָ־דערנסטער פֿון אַלע שול־געביידעס פֿון טשילע.

י. פֿאָלאַק האָט זיך שוין שפּעטער אָוועקגעשענקט דער טשילענער יידישער געזעלשאַפֿט. ער איז נאָך דעם, יאָרן לאַנג געווען דער פּרעזי־דענט פֿון דער ציוניסטישער פֿעדעראַציע אין טשילע, און זיך פֿאַרנומען מיט אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע איניציאַטיוועס.

מיט איין זאַך איז ער געווען אַנדערש פֿון אַלע טשילענער יידישע געזעלשאַפֿטלעכע טוער וואָס זיינען דערגאַנגען צו זייער העכסטן גראַד אין דער געזעלשאַפֿט, — וואָס איז זייער אָפֿט צוזאַמענגעפֿאַלן מיט זייער עקאָנאָמישן אויפֿשטייג — ער איז קיין מאָל ניט געוואָרן אויס ער. ער איז קיין מאָל ניט אַרויס פֿון זיינע כּלים. ער האָט זיך קיין מאָל ניט געקאָנט אויסטאָן פֿון זיך אַליין, פֿון זיין אמתער איינגעוואָרצלטער פֿאָלקס־יידישקייט.

* * *

אין 1954 בין איך איינגעלאַדן געוואָרן צו פֿאַרנעמען דעם אַמט פֿון אינספּעקטאָר אין וועד־החינוך.

די אַלע פריערדיקע אינספּעקטאָרן זיינען געווען געשיקט פון דער דערציִונגס־אָפּטיילונג פון דער סוכנות.

דער דעמאָלסטדיקער דירעקטאָריום פון וועד־החינוך האָט געוואָלט האָבן אַן אייגענעם אַלס אינספּעקטאָר, אַ תושב וואָס קען די אומגעבונג און דעם ישוב, אַז ער זאָל האָבן צו זאָגן איבער דער השגחה פון דעם דאָרטיקן חינוך.

איך האָב אָנגעהויבן מיין טעטיקייט מיט הצלחה.

אין אַנשטאַלט איז טאָקע פאָרגעקומען אַן אמתע אינספּעקציע.

איך האָב אין משך פון עטלעכע חדשים, מיט דער הילף פון פאַרשיידענע אַנקעטעס, גוט געקענט די גאַנצע לערערשאַפט און די תלמידים.

די ענטפערס פון די תלמידים אויף די פּאָר צענדליק פראַגעס וואָס זיינען זיי געשטעלט געוואָרן, קענען גאָך היינט דינען פאַר אַ פאָרשונגס־אַרבעט־מאַטעריאַל איבער דעם אויסזען פון דעם ישוב אין די פופציקער יאָרן.

איך געדענק נאָך, צווישן אַזוי פיל ענטפערס, די טשיקאַווע תשובה פון אַ צוועלף יאָריקן שילער, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ רעליגיעזער היים:

— וואָס וואָלסטו געוואָלט זיין, אַז דו וועסט אויסוואַקסן?

— אַן ערלעכער ייד.

אין וועד־החינוך האָט מען דערזען אַ דיסציפּלין.

די קלאַסן האָבן זיך אַלע צו דער זעלבער צייט אָנגעהויבן און געענדיקט — ניט ווי עס איז פאָרגעקומען פריער, אַז אין אייניקע קלאַסן האָט זיך דער אונטעררירכט אָנגעהויבן מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון אַ צענדליק מינוט, מחמת די שמועסן פון די לערערס.

די צייט פון זייער אָנקומען צו די ערשטע לעקציעס איז פאַרצייכנט געוואָרן, און עס האָבן זיך מער ניט אַרומגעדרייט קיין קינדער וואָס האָבן געוואַרט אויף דעם אָנקומען פון די לערערס.

עס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן די אַלערליי פּריווילעגיעס פאַר מיוחס־דיקע לערערס.

כדי צו מאַכן אַ סוף צו דער צעקראָכנקייט אין דער שול־דיסציפּלין, איז דער וועד־החינוך אַפילו געווען געצוווּנגען צו אָנטזאָגן אַ לערערין, אויף מיין אָנווייזונג און מיט דעם באַשטעטיקונג פון דער פּעדאַגאָגישער קאָמיסיע, וואָס איז באַשטאַנען פון עסקנים און פון לערערס.

איך האָב אָנגעהאַלטן מיין אינספּעקטאָרסטווע אַ קאַרגן לערן־יאָר.

איך בין פון דער דאָזיקער אַרבעט אַוועק, מחמת עס איז אַראָפּגעקומען נאָך אַ פאַראַנטוואָרטלעכער מטעם דער סוכנות.

איך האָב גאָרניט געהאַט קעגן דעם אָנקומען פון אַזאַ שליח. איך בין אָבער געווען ביי דער מיינונג, אַז ווייבאַלד דער וועד־החינוך האַלט אויס כּין זיין זייט אַן אינספּעקטאָר, איז דאָס אַ פאַרשווענדונג אויסצוהאַלטן נאָך אַ מענטשן, וואָס זאָל כמעט גאָרניט טאָן.

דער שליח פון סוכנות איז געווען אַ גאָר יונגער מענטש, און איך האָב געהאַלטן אַז אַנשטאָט 30 שעה וואָס סתם אַ לערער אַרבעט אין אַ וואָך, זאָל ער כאָטש געבן צוועלף. אָבער אַזוי ווי ער האָט דאָס אויך ניט מסכים געווען צו געבן, האָב איך זיך צוריקגעצויגן.

נאָך אַלעמען האָב איך די אינספּעקציע ניט אָנגענומען צוליב פּרנסה־מאָטיוון. דער שכר וואָס איך האָב באַקומען איז גיכער געווען אַ סימבאָלישער. סוף־כל־סוף בין איך דאָך געווען אַ געזעלשאַפטלעכער טוער, און צו דער זעלבער צייט געווען אויסגעקליבן פון דעם כינוס, ווי דער וויצע־פּרעזידענט פון וועד־החינוך. און אחרי ככלות הכל, האָב איך זיך אַזוי איינגעשטעלט פאַר מיין פּרינציפּ, ווייל די שעהן פון לערנען העברעיִש האָבן דאָך אונדז אַזוי אויסגעפּעלט. איבערהויפּט האָבן מיר געהאַט אַ דוחק פאַר העברעיִשע שעהן אין די העכערע קלאַסן.

אָבער דאָס רוב ישראלדיקע שליחים, האָבן, ווי געזאָגט, באַוויזן זייער גאַנצע ישראלדיקייט מיט וואָס ווייניקער אַרבעטן און ניט וואָס מערער נעמען געצאָלט. זיי האָבן דאָך מיט עפּעס־וואָס געדאַרפט אַרויס־ווייזן זייער סופּעריאָריטעט.

סוף־כל־סוף האָב איך אויף אַ זיצונג פון וועד־החינוך דערקלערט, אַז אויסהאַלטן צוויי אינספּעקטאָרן איז אַן אויסברענגעריי און אַזוי ווי דער שליח פון סוכנות איז שוין געשיקט געוואָרן, צי איך זיך צוריק. און דאָס איז טאַקע געווען מיין פּרינציפּ.

## דער באַזוך פון לינקע יידישע שרייבער אין טשילע

צווישן די יאָרן 1947—1949, האָבן טשילע באַזוכט עטלעכע פּראָגרע־סיווע יידישע שרייבער, צווישן זיי די דיכטער זישע ווייַנפּער און אהרן קורץ און די זשורנאַליסטן ש. אַלמאַזאָוו און פּ. נאָוויק. זיי זיינען געקומען

אין די אינטערעסן פון דעם זשורנאַל „יידישע קולטור", די צייטונג „מאָרגן פרייהייט" און פון די ביכער וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן ביים פאַרלאַג „יידישע קולטור" און ביי דער „מאָרגן פרייהייט".

די דאָזיקע יאָרן זיינען געווען די האָניק־צייט פון יידישער אחדות, פון אמתער פאַראייניקונג פון ברעג צו ברעג.

דאָס יידישע פאָלק האָט ערשט ניט לאַנג פאַרלוירן זייגע כוחות, דער יידישער פאָלקס־אָרגאַניזם האָט טיף געשפּירט זיין ווייטאָג און האָט געזוכט דעם וועג צו גאַנצקייט און גאַנץ צו ווערן.

דערצו האָט נאָך דאַן ראַטנפאַרבאַנד, און די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס, ענטוזיאַסטיש געשטיצט דאָס אויפקומען פון דער יידישער מדינה און איר אָנערקענט.

ז. וויינפּער איז ניט נאָר אויפגענומען געוואָרן פון די טשילענער פּראָגרעסיווע יידן, נאָר פון דעם גאַנצן ישוב.

די זאַמלונגען פאַר דער „יידישער קולטור" זיינען טאַקע געמאַכט געוואָרן פון די פּראָגרעסיווע יידן, אָבער געגעבן פאַר דעם דאָזיקן צוועק האָבן אויך סתם יידן. אַז מען רעדט אייניקייט, איז דאָך ניט שייך.

ז. וויינפּער האָט אין 1947 אין סאַנטיאַגאָ געהאַלטן צוויי רעפעראַטן איבער די יידישע קלאַסיקער, אין דעם סאַלאָן פון „סירקולאָ איזראַעליטאַ". ער איז אויפגענומען געוואָרן אויף אַ פאַרברייטערטער זיצונג פון וועד־החינוך, אויף אַ פאָלקס־יום־טוב אויף די פעלדער פון דער „הכשרה", ווו עס האָבן זיך אויסגעבילדט די צוקונפטיקע חלוצים פאַר ישראל און אויף פאַרשיידענע מסיבות, די אימפּאָזאַנטסטע, אין דער פּריוואַטער היים פון דעם גרויסן ליבהאָבער און קענער פון דער יידישער ליטעראַטור — ביי יוסף גאָלדשיין.

אויך אהרן קורץ האָט גערעדט אין „סירקולאָ איזראַעליטאַ". אַלמאַזאָוו און נאָוויק, האָבן מערסטנס אַקטוירט צווישן די פּראָגרעסיווע יידן פון טשילע.

איך געדענק ווי שווער דאָס איז אָנגעקומען זישע וויינפּערן זיך צו באַטייליקן אין די זאַמלונגען פאַר דער „יידישער קולטור", ניט קוקנדיק וואָס ער איז געווען דער נאַציאָנאַל־סעקרעטאַר פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע און וואָס אַרומפאָרן זאַמלען פאַר איר איז געווען זיין הויפּט־עובדה. ווי עס ווייזט אויס, האָט ער יעדעס מאָל וואָס ער האָט זיך אָנגעטראָפן מיט דערווירקלעכקייט, געליטן דערפון. סוף־כל־סוף האָט ער זיין דיכטערישע נשמה ניט געקענט דערשטיקן אין זיך.

יעדעס מאָל איידער ער האָט געדאַרפט אריבערטרעטן די שוועל פון אַ יידישער קלייט, אָדער פון אַ ביוראָ, פלעגט זיך פריער זישע וויינפער אָפּשטעלן ביים שוי־פענצטער פון געשעפט, אָדער ביי דער אַריינגאַנג פון ביוראָ, ווי ער וואָלט זיך אָנגענומען מיט כוח פאַרן ראַז־מאַכעווען זיך אַריבערצושפּרינגען אַ גרויסע גרוב, צי אַ שטרויכלונג אויפן וועג.

ער איז געווען אַ שיין־ריידער, און מיט פיינע, איידעלע יידישע מאַנירן.

ביי דער געלעגנהייט פון זיין באַזוך אין טשילע, האָב איך אָנגעשריבן אַן אַרטיקל וועגן אים: „זישע וויינפער דער דיכטער פון געוויסן און בטחון".

ז. וויינפער האָט איבערגעלאָזן אַ טיפן רושם אויף דער סאַנטיאַגער יידישער אינטעליגענץ.

ווען ש. אַלמאַזאָוו איז געווען אין טשילע, אין 1948, האָט מען שוין געמורמלט שלעכטס וועגן דעם גורל פון די יידישע שרייבער אין רוס־לאַנד. דער קלאַנג פון דער „חגא" האָט מען שוין דאַן געהערט, כאָטש די ריכטיקע „חגא" האָט זיך באַוויזן שפּעטער. אין די תפיסות זיינען זיי שוין, די יידישע שרייבער, דאַן געזעסן. און שפּעטער האָט עס גע־קלונגען, ניט מיט קיין קלויסטער־גלאָקן, נאָר מיט דעם געבראַזג פון דער שאַרפער, הענקערישער האַק — פּונקט אַזוי ווי די פּאָרויסזאָגער האָבן נביאות געזאָגט. ניין, ניט פּונקט, נאָר אַ סך גרויזאַמער.

איך געדענק ווי אויף אַ צוזאַמענקום פון דעם לייען־קרייז ביי דער פּראָגרעסיווער־יידישער־געזעלשאַפט, האָבן אייניקע יידן, גאָר פּשוט, די־רעקט געשטעלט אַלמאַזאָוון די פראַגע: וואָס קומט פאָר מיט די יידישע שרייבער אין ראַטנפאַרבאַנד?

אַלמאַזאָוו האָט זיך גאָרניט קיין וואַקל געטאָן אין זיין ענטפער — און עס קען זיין, אַז ער האָט אין אים ווירקלעך געגלויבט. ער האָט מסתמא דאַן געגלויבט אַז אין ראַטנפאַרבאַנד קען ניט געשען מיט די יידישע שרייבער, דאָס וואָס עס האָט אין דער אמתן פּאַסירט.

— אַז אימיצער וועט פּלוצלינג קומען און אייך דערציילן אויף אייער בעסטן גוטן פריינד, אַז ער קומט אייך מיט אַ מאָל באַרויבן און דערהרגענען, וואָלט איר געגלויבט? — פּונקט אַזוי קענט איר האָבן אמונה אין אַזעלכע רייד, אַז ראַטנפאַרבאַנד, דער בעסטער פריינד פון

די אונטערדריקטע פעלקער, וועט זיך פלוצלינג דערלויבן אומצוברענגען די שרייבער פון דעם יידישן פאָלק. עס איז דאָך אַן אומזין!

דאָס איז געווען דער ענטפער פון אַלמאַזאָוון. און זיינע רייד האָבן זיך טאַקע געלאָזט גלויבן. וואָרעם וואָסער שכל, וועלכער פאַרנונפט האָט דאָס געקענט פאַרגעמען דעם ריכטיקן אמת, אַז אַ לאַנד וואָס פּרעטענדירט צו ברענגען די גאולה פאַר אַלע פעלקער פון דער ערד, וועט זיך נעמען צו פאַרניכטן די קולטור דווקא פון דעם פאָלק, וואָס איז אַרויס פון דער לעצטער וועלט־מלחמה מיט רסוק־אברים?!

דערצו האָט נאָך אַלמאַזאָוו „אילוסטרירט" זיין תשובה, מיט פאַקטן וועגן אַזעלכע מענטשן אויף וועמען מען האָט געזאָגט אַז מען האָט זיי בלומרשט אומזיסט באַשטראָפט אין ראַטנפאַרבאַנד, און עס האָט זיך סוף־כל־סוף באַוויזן, באותות ומופתים, אַז זיי זייגען געווען אמתע שפּיאָנען.

דער ענטפער איז געווען אַ באַרויקנדיקער — פאַר אַגדערע נאָר אַ לעת־עתהדיקער.

אין דער אמתן, האָב איך זיך נאָך פריער אַ ביסל געקענט אָנשטויסן אַז אין דעם סאָוועטישן „קעניגרייך" איז עפּעס ניט כשורה.

אָבער ווי זאָגט דאָס ווערטל: עס איז ניטאָ קיין גרעסערער בלינדער פון דעם וואָס וויל ניט זען.

נאָך דער לעצטער וועלט־מלחמה האָב איך געהאַט באַקומען אַ קאָנ־טאַקט מיט מיינעם אַ פעטער — מיט מיין מוטערס אַ ברודער — מיט לייב קאַפּלאַן.

ער איז געווען מיט אַ יאָר צוועלף עלטער פון מיר.

ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד, איז ער שוין געווער אַ בחור, אַ מאָדערנער און אַ משכיל. ער האָט געקענט אַ גוטן העברעיש און געהאַט וועלטלעכע בילדונג. מען האָט פון אים געהאַלטן אין דער משפחה.

ער האָט אַמאָל אין אַ שבת געהאַלטן, פאַר אונדז קינדער אין די אויגן, אַ רובל אין דער האַנט.

מיר האָבן אָנגעהויבן שרייען: שבת! שבת!

— איך האַלט דאָך ניט דעם רובל, מיינע שפּיץ־נעגל האַלטן אים און די שפּיץ־נעגל געהערן ניט צום גוף.

ער האָט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה עוואַקויִרט פון אַ אַ שטעטל לעבן ביאַליסטאָק, מיט דער רוסישער אַרמיי, צוזאַמען מיט מיין פעטער אברהם קאַפּלאַן, וואָס איז געוואָרן דער אייגנטימער פון

צוויי גאַרבאַרניעס, איינע אין כאַרקאָוו און די צווייטע אין אָמסק. מיט דער צווייטער האָט פאַרוואַלטן מיין פעטער לייבל.

ווען איך בין געווען אין 1918 אין כאַרקאָוו, האָב איך מיין פעטער לייבלען ניט געטראָפן. איך האָב זיך נאָר דאָן באַקענט מיט זיין פרוי — אַ דענטיסטן — און מיט זיין נאָר־וואָס געבוירענער טעכטערל.

מיין פעטער אברהם האָט מיר וועגן זיין ברודער גאָרניט דערציילט. אָבער זיינע אָנגעשטעלטע — זיין ווייבס קרובים — האָבן דאָס יאָ גע־מאָן, ווען מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען אין כאַרקאָוו, פאַרביי אַ גרויסן מאָנומענט:

— דו זעסט? — האָבן זיי מיר אָנגעוויזן — אויפן פּיעדעסטאַל, אָט דאָ פלעגט דערשיינען דיין פעטער לייבל.

פון דעם האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט געהערט צו דער רעוואָלוציע.

איצט, ווען איך האָב זיך שריפטלעך פאַרבונדן מיט אים, איז ער געווען דער פּראָפעסאָר פון אַ פּאָליטעכניקום, און זיין צווייטע פרוי — ווי עס שיינט אַ קריסטלעכע — איז געווען אַ כירורגין, וואָס האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער מלחמה.

אין זיין ערשטן בריוו האָט ער מיר געשריבן, אַז אין זכות פון זיין ווייב, וואָס איז געווען פון די ערשטע וואָס זיינען אַריין אין בערלין, האָט ער געטאַנצט אויף היטלערס קבר. (די לעצטע ווערטער זיינען טעקסטועל זיינע).

איך האָב אים דאָן צוגעשיקט מיין ערשטן בוך, „פון טשילע", וואָס איך האָב אַרויסגעגעבן אין 1937, און ער האָט געלעקט פון אים די פינגער.

זיינע בריוו צו מיר זיינען פון אָנהויב געווען התלהבותדיקע, און אין אַ שיינעם, זאַפטיקן יידיש. ביסלעכווייז האָט דאָס פייער זיך גענומען לעשן אין זיי.

ווען דער טשילענער פרעזידענט פון דער רעפובליק, גבריאל גאָנ־סאַלעז ווידעלאַ, האָט באַשטימט דעם יידישן פּאָליטיקער אנבעל פּייוואָ־וויטש פאַר דעם טשילענער אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע, בין איך געווען אויף דעם באַנקעט וואָס דער „סירקולאָ איזראַעליטאַ" האָט פאַר אים געגעבן און גערעדט מיט אים וועגן מיין פעטער.

איך האָב וועגן דעם געשריבן צו מיין פעטער, אַז ווען ער וועט זיך טרעפן מיט דעם טשילענער אַמבאַסאַדאָר, קען ער אים אָפּגעבן אַן

אמתן יידישן שלום־עליכם. מיין פעטער האָט מיר אויסגעמיטן צו ענט־פערן אויף דעם. (אַנבעל פּייוואָוויטש איז סיי ווי סיי ניט געפאָרן קיין מאָסקווע, ווייל גאַנסאַלעז האָט אים געדאַרפט אין טשילע).

שפּעטער, אַרום 1948, האָב איך אים געשריבן ער זאָל מיר אָפּזוכן מיין אַ יוגנט־פריינד, דעם סאָוועטישן יידישן שרייבער דוד בענדאַס. ער האָט מיר אויף דעם געענטפערט, אַז ער האָט קיין צייט ניט. אגב האָט ער מיר דעם זעלבן בריוו שוין געשריבן אין רוסיש און מיר „רעקאָמענדירט” צו ענטפערן אין רוסיש:

— פּאָטשעמו טי מנע ניע פּישעש וו עטאָם סאָטשנים יאַזייקע? (פאַר־וואָס שרייבסטו מיר ניט אין דעם דאָזיקן זאַפטיקן לשון?).

איך האָב אים גיכער הושד געווען אין פּהדנות, איידער צו אַנערקענען דעם אמת, ווי אַזוי עס זעט אויס די ווירקלעכקייט אין רוסלאַנד.

ערשט ווען דער צווייפל האָט מיר אָנגעהויבן צו טאָטשען, האָב איך גענומען צעקייען דעם איינהאַלט פון מיין פעטערס בריוו. איך האָב דעמאָלסט אויך גענומען פאַרשטיין דעם פּירוש־המלות פון אַ פראַזע, וואָס ער האָט מיר געשריבן, אַז ער האָט זיך אין מאָסקווע געטראָפן מיט מיין שוועסטער פראַדל, און אַז זי איז אַ קלוגע. (מיין שוועסטער פראַדל, איז אַוועק פון איר היימשטאָט ווילנע, נאָך דעם ווי זי האָט זיך געראַ־טעוועט, און האָט זיך דערשלאָגן קיין קאַנאַדע).

ווען פּ. גאָוויק האָט באַזוכט טשילע, אָנהויב 1949, האָב איך אים שוין פּערזענלעך, אויג אויף אויג, געשטעלט די פראַגע וועגן דעם גורל פון די סאָוועטישע יידישע שרייבער, און ער האָט מיר פאַרזיכערט, בפה־מלא, אַז מיט זיי האָט גאָרניט פּאַסירט. איי פאַרוואָס זעט מען נישט אָן קיין שום יידישע שריפט פון רוסלאַנד? זעט מען דאָך אויך ניט קיין צייטשריפטן אין אַנדערע שפּראַכן. קיין ניו־יאָרק — האָט ער מיר פאַרזיכערט — קומען נאָר אָן די אָפיציעלע רוסישע אויסגאַבן, די „פּראַוודאַ” און די „איזוועסטיאַ”, און קיין שום צייטונגען אין אַנדערע שפּראַכן.

# איך ווער אַלט פופציק יאָר

סוף דעצעמבער פון 1948, האָב איך געדאַרפט אַלט ווערן פופציק יאָר. נאָך מיט אַ שטיקל צייט צוריק פריער, האָט דער דעמאָלסטדיקער

סעקרעטאַר פון דער פאַראייניקטער־פּראָגרעסיווער־יידישער־געזעלשאַפט, אשר האַלפּערן, גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צו גרינדן אַ יובל־קאָמיטעט, פאַר מיין כבוד וועגן.

איך האָב שוין ביי אַ פריערדיקער געלעגנהייט דערציילט וועגן האַל־פערן. ער האָט ליב געהאַט, אַלץ צו מאַכן אויף גרויס. ער פלעגט צוקומען צו די גרעסטע מענטשן, און מיט אַנדערע פון זיי זיין אויף דו. און פאַרוואָס ניט? אַזוי דאַרפן דאָך טאַקע זיין מענטשן.

אָבער אַחוץ אַלעמען, האָב איך נאָך אין מיין געזעלשאַפטלעכער אַק־טיוואַציע ניט געטראָפן נאָך אַזאַ פאַרגינערישן מענטשן, ווי דאָס איז אָ. האַלפּערן.

ער האָט אָרגאַניזירט אַ יובל־קאָמיטעט מיט דעם גאַנצן פאַרנעם און גלאַנץ. געווען איז דאַן — ווי מיר האָבן פריער געזאָגט — די צייט פון אחדות און סימפּאַטיע צווישן רעכטס און לינקס, צוליב דעם אויפקום פון מדינת־ישראל, וואָס איז געשטיצט געוואָרן דורך דעם ראַטנפאַרבאַנד. די סימפּאַטיע צו ראַטנפאַרבאַנד האָט דאַן אויך פאַרטריבן די פינצטערע ספקות ביי די יידן וועגן דעם גורל פון די יידישע שרייבער און פון דער יידישער קולטור אין דעם דאָזיקן לאַנד.

אָ. האַלפּערן האָט פאַרבונדן די פייערונג פון מיין פופציק יעריקן יובל, צוזאַמען מיט מיינע פינף און צוואַנציק יאָר פון יידישער געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט אין טשילע.

ער האָט געגרינדעט אַ יובל־קאָמיטעט פון אַריבער פופציק מענטשן. אַלס פּרעזידענטין איז אויסגעוויילט געוואָרן די לאַנגיאָריקע ציוניסטישע טוערין און פאָרזיצערין פון דער „וויצאָ" אין טשילע, די שרייבערין אלישבע ראַבינאָוויטש.

אָ. האַלפּערן האָט אַרויסגעלאָזן אַזעלכע באָנס, וואָס האָבן געדינט פאַר אַ פאָרפאַרקויף פון בוך, אין פאָרעם פון אַסיגנאַציעס, מיט די חתימות פון פאָרזיצער, סעקרעטאַר און קאַסיר, און פאַרזייט מיט די ציפערן 50 און 25 — פופציקסטער יובל און פינף און צוואַנציק יאָר פון געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט.

די יובל־פייערונג איז פאָרגעקומען, פונקט אין דעם טאָג פון מיין געבוירן, דעם 29־טן דעצעמבער 1948, אונטער דעם פרייען הימל פון דעם הויף פון „סירקולאָ איזראַעליטאַ".

באַשיידנקייט אָן אַ זייט — נאָר אַזאַ מאַניפעסטאַציע פאַר אַן איי־

געגעם תושב, האָב איך נאָך אין טשילע ביז דאַן ניט געזען און אויך ניט שפּעטער.

מיינע אויגן האָב ניט געגלויבט דאָס וואָס זיי האָבן געזען. אַלע שיכטן, אַלע פּאַרטייען און אַלע אָרגאַניזאַציעס וואָס דער יידישער ישוב אין טשילע פאַרמאָגט, זיינען געווען פאַרטראָטן אויף דעם דאָזיקן באַנקעט.

איך וועל זיך דאָ ניט פאַרנעמען מיט איבערגעבן די שבחים וואָס איך האָב דאַן אויסגעהערט, אָבער איך מוז דאָ איבערגעבן ווער עס האָט אַלץ אויף יענעם אָוונט ניט גערעדט: ד״ר ווייסמאַן, אין נאָמען פון „סירקולאָ איזראַעליטאַ״, יצחק גאָרען, פון דער חברה קדישא, ראָבערט לעווי, אין נאָמען פון רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט אין טשילע, שלמה באַכראַך — פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין טשילע, יצחק בלומשטיין — די צייטונג „דאָס יידישע וואָרט״, נח וויטאַל — שרייבער־קרייז, מנחם עלוני — שפּאַניש־יידישע צייטונג „מונדאָ כודיאָ״, מתתיהו שאַפּיראָ — וועד־החינוך, ג. ראָזענבערג — ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן פון ישראל, יונה אַבאָדאָווסקי — פּועלי־ציון, ליבער ליבערזאָן — רעוויזיאָניסטן, סאָניע ראַפּאַלאָווסקי — „וויצאָ״, דער אַרטיסט חבל בוזגאַן, ווי מיינס אַ לאַנדסמאַן, נתן קלינגער, אין נאָמען פון אַרגענטינער יידישן אַקטיאָרן פאַראיין, יוסף גאָלדשיין — לייען־קרייז ביי דער פּראָגרעסיווער יידישער געזעלשאַפט, דער דעפּוטאַט נאַטאַליאָ בערמאַן, די פאָרזיצערין פון דעם יובל־קאָמיטעט און דער סעקרעטאַר פון דעם זעלבן, אָשר האַלפּערן.

דאָס בוך וואָס דער טשילענער יידישער ישוב האָט מיר צוגעטראָגן צו מיין יובל, האָט געהייסן „איבער וועגן״, און ביים דערלאַנגען אים, אין אַ יאָר אַרום, אין 1949, האָט זיך דער יום־טוב איבערגעחזרט, אין לאָקאַל פון פאַרבאַנד פון די פּוילישע יידן — ווידער מיט רעדעס און באַגריסונגען.

דעם אמת געזאָגט, האָט מיך אַזאַ אָפענע פריינדשאַפט, מצד אַ גאַנצן ישוב, געשטאַרקט און אַרויסגערופן אין מיר אַלע כוחות, כדי ווייטער אים געטריי צו דינען.

איך געדענק אַז איך האָב דאַן אָנגעשריבן אַן אַרטיקל אין „דאָס יידישע וואָרט״, אונטערן טיטל „גוט וואָך״, ווו איך האָב געדאַנקט פאַר אַזוי פיל כבוד און ליבשאַפט און אויסגעדריקט אין אים די אמונה

אין דער „וואָך״, אין דער טאָגטעגלעכער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אונדזערער.

דאָס בוך „איבער וועגן״ איז דערשינען אין פאַרלאַג „איקוף״ פון אַרגענטינע, אין 1949.

צו דער געלעגנהייט פון דאָס דערשיינען פון מיין בוך, האָבן גע־שריבן וועגן מיר פאַרטרעטן, זישע וויינפער אין „דער יידישער קולטור״ פון ניו־יאָרק און שניאור וואַסערמאַן אין דעם זשורנאַל „איקוף״ פון ב. איירעס, און אַרטיקלען, פאַליק קאַטאָוואָסקי אין „די וואָך״ פון אַרגענ־טינע, א. ראַבינאָוויטש, אין שפּאַניש, אין „מונדאָ כודיאָ״ א. אַ.

ש. וואַסערמאַן רוקט אַרויס, אין זיין אַ צווייטן אַרטיקל אין דעם זעלבן זשורנאַל „איקוף״, אונטער דעם טיטל „יידישע ליטעראַטור אין טשילע״, אַז איך בין דער אויטענטישער טשילענער יידישער שרייבער:

...„י. פילאָווסקי האָט זיין שרייבערישן וועג אויסגעטראָטן נאָר אין טשילע און ברענגט אַריין דורכויס די דאָרטיקע ליכטיקע פּייסאַזשן, דעם פינצטערן דלות און דעם סאָציאַלן קאָנפליקט״.

„די פאַרוואָרלאָזטע קינדער, געבוירענע פון די אומגעצוימטע הוליאַנקעס, דער אומגעהוירער קאָנטראַסט פונעם אַריסטאָקראַטישן טייל מיט די „ראָטאָס״, — אַ צונאָמען פאַר די אָרעמע מענטשן — די נאַטורדייכקייט מיט דער וויַיענדיקער נויט — די דאָזיקע קאָנטראַסטן ווערן געבראַכט צום אויסדרוק, דורך דעם טאַלאַנטירטן, קולטורעלן פילאָווסקי. זיין זשאַנער איז די קורצע דערציילונג, זיין צוגאַנג — אַ רעאַליסטישער, זיין וועלט־באַנעם — אַ הומאַ־ניסטישער, אַ סאָציאַלער־רייפער״.

איך האָב בכיוון ציטירט דעם טייל פון ש. וואַסערמאַנס אַרטיקל וואָס באַציט זיך צו דעם כאַראַקטער און דעם אופן פון מיין שרייבן, כדי צו פאַרשפּאָרן די אומבאַשיידנקייט וועגן זיך אַליין דאָס צו טאָן.

דער דאָזיקער אַרטיקל פון וואַסערמאַנען איז געשריבן געוואָרן מיט אַן ערך צוואַנציק יאָר צוריק.

עס פאַרשטייט זיך, אַז שפּעטער־צו האָב איך אויך אַרויסגעבראַכט פון אונטער מיין פען, לעבנס־שילדערונגען וועגן דעם וואָס איך האָב געזען אין אַרגענטינע, די פאַראייניקטע שטאַטן, ישראל, און טיילווייז אויך פון דעם לעבן, צוריקנעמענדיק אים רעטראָספּעקטיוו, פון דעם אַמאָל. אַ סך פון מיינע דערציילונגען הויב איך אָן אויף דעם נייעם קאָנטינענט,

אָבער דערציילנדיק וועגן מיינע העלדן, מוז איך קומען צו זייער שטאַם און יחוס, צו זייער אַלטער היים.

און כדי צו פאַרענדיקן וועגן מיין שרייבן, וויל איך נאָך צוגעבן, אַז אַחוץ דערציילונגען און סקיצן, האָב איך אויך געשריבן קינדער־מעשהלעך, רייזע־באַשרייבונגען, רעפּאָרטאַזשן, מיניאַטורן, פעליעטאָנען, לידער, אָפּהאַנדלונגען וועגן ביכער, טעאַטער־רעצענזיעס און סתם אַרטיקלען.

איך וויל דערביי זאָגן, אַז וועגן אַ סך זאַכן האָב איך ניט געשריבן מיט דער געהעריקער פאַך־קענטעניש, נאָר מיט דער הילף פון דער אינטויציע.

# באַגעגענישן

אָנהויב 1949, האָב איך באַזוכט אַרגענטינע. איך בין דאָן אויפגענומען געוואָרן אויף אַ באַנקעט פון „איקוף", צוזאַמען מיט אַלמאַזאָוון און הרב אברהם ביק.

ש. אַלמאַזאָוו האָט מיר, אין ב. איירעס, ווו ער איז אַליין געווען גאַסט, באַצאָלט פאַר מיין גאַסטפריינדלעכקייט צו אים אין טשילע, מיט די יואַרעמסטע רייד וועגן מיר.

איך האָב דאַן, פאָרנדיק צוזאַמען מיט אברהם ביק אין אַן אויטאָמאָביל ערגעץ־ווו אין אַ יידישער געזעלשאַפט ווו מען האָט אונדז געדאַרפט אויפנעמען, אים צוגעשפּאָרט צום וואָנט:

— ווי אַזוי קען מען דאָס זיין אַ ראַבאַי, און צו דער זעלבער צייט אַ נאָכלויפער נאָך דעם קאָמוניזם און אַן אַקטיווער טוער צווישן די לינקע?

— עס איז גאָר פשוט — האָט הרב ביק מיר געענטפערט — איך פיר אָן מיט די ענינים פון אַ סינאַגאָגאַ, און איין מאָל אַ יאָר אָרגאַניזיר איך די פאַרזאַמלונג פון אירע אָנגעהעריקע.

דער ענטפער איז געווען אַ טרוקענער, און איך בין אַלץ געבליבן ביי דער שווערער קשיה. פאַר מיר האָט זיך דאָס ניט געקלעפּט.

אין עטלעכע יאָר אַרום האָט ער זיך אויפגעהערט צו טיטולירן, הרב

ביק. אפשר האָט ער סוף־כל־סוף אַוועקגעוואָרפן זיין קלעריקאַלע פּראָ־פעסיע.

איך האָב דאַן באַשריבן דעם אַרגענטינער יידישן ישוב אין אַ סעריע אַרטיקלען, אונטער דעם טיטל „דאָס יידישע אַרגענטינע מיט די אויגן פון אַ גאַסט".

* * *

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן די דרום־אַמעריקאַנער יידישע ישובים גענומען שפּילן אַ גרעסערע ראָל אין דעם יידישן לעבן.

דעם אויבנאָן אין דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דרום־אַמעריקע האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען דער אַרגענטינער יידישער ישוב, מיט זיין געסדרטן, אָרגאַניזירטן קהילה־לעבן, זאָרגנדיק זיך פאַר זיינע רעליגיעזע באַדערפעניש, ווי אויך פאַר דעם נאַציאָנאַלן און קולטורעלן אויסלעבן זיך.

די ישובים פון דרום־אַמעריקע זיינען געוואָרן די אויפנעמער פון אַלערליי שליחים. עס איז דערגאַנגען ביז צו אַן איבערפּראָדוקציע פון שליחים. דער „נאַראַד", דאָס „פעבל", האָט אַזש גענומען פּראָטעסטירן: שליחים עליך ישראל!

צווישן די שליחים זיינען פאַרבליבן פאַרטרעטער פון יידישע גלות־געזעלשאַפטן, וואָס זיינען געהאַנגען צווישן דער ווירקלעכקייט און דער אַבסטראַקציע, ווי פון „אָרט", „אָזע" און „האַיאַס".

אין דער צייט וואָס מען האָט געדאַרפט פאַרטיילן די הכנסות פון די פאַראייניקטע קאַמפּיינען, פלעגן זיך די לעצטע באַווייזן, מען זאָל זיך אָן זיי ניט פאַרגעסן.

זייער אַ טשיקאַווער שליח פון די גלות־געזעלשאַפטן, איז געווען באָריס סוראָוויטש, פון דער געזעלשאַפט „אָרט". ער איז געווען אַ פאַנ־טאַסטישער און באַצויבערנדיקער רעדנער, וואָס האָט באַלויכטן זיינע עקזאָטישע מעשיות מיט דעם פלאַם פון זיינע טונקעלע אויגן.

ער איז געווען איינער פון די שענסטע נאַטור־שילדערער און סיטואַציעס־מאָלער — בעל־פה — וואָס איך האָב געקענט.

איך געדענק ווי מיר זיינען אַ מאָל אָפּגעזעסן, אַ גרופּע שרייבער און פאַרערער זיינע, ביי אים אין האָטעל, אַ גאַנצע נאַכט, און זיך צוגעהערט

צו זיינע אויסטערלישע דערציילונגען — און איך ווייס נאָך הייַנט ניט, צי זיינען זיי ווירקלעך פּאַרגעקומען, אָדער ניט.

זיין זאַך ווייס איך, אַז דאַן ווען ער האָט זיינע מעשיות דערציילט, איז יעדעס וואָרט געווען הי־וקים, אמת.

אַ שאָד וואָס קיין איין שורה פון סוראָוויטשעס „שרייבער״־טאַלאַנט, איז ניט פאַרבליבן נאָך אים.

* * *

אַן אָפּטער גאַסט אין טשילע איז געווען דער „היאַס״־פאַרשטייער, חיים שאַשקעס.

ער פלעגט קומען קיין טשילע, ווי אויף אַפּרו. ער האָט דאָרטן געהאַט זיין „ביאַליסטאָקער קאָלאָניע״ און זיינע פאַרערערס.

ער, פאַרקערט פון סוראָוויטשן, האָט שוין זיינע מעשיות בעסער געקענט דערציילן בכתב, ווי בעל־פּה.

חיים שאַשקעס האָט אין יענע יאָרן סימבאָליזירט דעם יידן וואָס קען מער ניט געפינען קיין מנוחה אויף דער וועלט, און זוכט אויס־צולעבן זיין עקסיסטענץ אין איין אַרומוואַנדלען איבער די רוימען, וואָס זוכט דעם אָפּבילד פון דעם לעבן אין נסימדיקע געשעענישן.

ער האָט באַוויזן אָנצושרייבן עטלעכע ביכער פון זיינע אויסטערלישע וואַנדערונגען, ווו ער ברעכט גרעניצן און שטעלט זיך פאַר מלכים און שרים פון דער וועלט, צו קענען עפענען טיר און טויער פאַר דעם געיאָגטן ייד.

צווישן זיינע העלדן, פעלן פאַרשטייט זיך ניט קיין ביאַליסטאָקער יידישע מאַגנאַטן.

איך געדענק אַז אויף אַן אויפנאַמע פאַר סוראָוויטשן און שאַשקעסן צוזאַמען, אין פאַרבאַנד פון די פוילישע יידן אין טשילע, האָבן זיי זיך איינער דעם אַנדערן גוטמוטיק גענומען אַריינזאָגן. שאַשקעס האָט אָפּ־געשוואַכט די אויטענטישקייט פון דעם וואָס סוראָוויטש האָט געהאַט דערציילט וועגן זיינע רייזעס.

און פונקט האָט שפּעטער דער גורל אַזוי געוואָלט, אַז די פּרעמיע פאַר דעם בעסטן בוך פון רייזע־באַשרייבונגען, וואָס סוראָוויטש האָט געלאָזן נאָך זיך, האָט געוווּנען זיין קאָנקורענט — חיים שאַשקעס.

# דער טויט פון אַ פריינד

אין 1949 האָב איך פאַרלאָרן אַ גוטן פריינד — אַהרן ראַזאָווסקי. ער איז געפאַלן אין עלטער פון 39 יאָר. איך זאָג געפאַלן, ווייל ער איז קיין מאָל ניט קראַנק געווען. איר האָט אים תמיד געטראָפן אין באַוועגונג, אין גאַנג פון לעבן.

ער איז געווען אַ חבר פון מיין ברודער סנדר — סיי אַ פּערזענלעכער, סיי אַ פּאַרטייישער. צו מיר אין שטוב איז ער אריינגעגאַנגען אַ צוואַנציק יאָר, פון דעם טאָג וואָס ער איז אָנגעקומען קיין טשילע. מיר זיינען געווען אידעיש ווייט איינער פון דעם אַנדערן, אָבער נאָענט, ווי מען זאָגט עס אין רוסיש — פּאָ דושאָם — נשמהדיק. ביי אַלע קולטורעלע אונטערנעמונגען איז ער געווען מיין רעכטע האַנט און מיין שטיצע. און קעגן אונדזערע „געמיינזאַמע שונאים" איז ער געווען, ניט נאָר אַ פּאַנצער, נאָר אַ פּאַנאַטישער אָנגרייפער.

ער האָט געשטאַמט פון אַ יחוסדיקער משפחה פון ביעסוויזש, ווייסרוסלאַנד. זיין פאָטער, יואל ראַזאָווסקי, איז געווען דער ראש־הקהל פון שטעטל אַ סך יאָרן, און שפּעטער, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, פאַרשיקט פון די רוסן. זיין פעטער, ר' מרדכי ראַזאָווסקי, איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע און פון די ערשט מנהיגים פון אַרגענטינער יידנטום. ער איז געווען אַ ייד אַ תלמיד־חכם און חכם־עתיק. נאָך מ. ראַזאָווסקיס טויט איז דערשינען אַ בוך, אַ זאַמלונג פון זיינע כתבים, און עד־היום גייען נאָך אַרום אין אַרגענטינע זיינע ווערטלעך — זיין שיחת־חולין.

א. ראַזאָווסקי איז געווען אַ טיפּישער, קליינשטעטלדיקער אינטעליגענט, מיט אַלע זיינע מעלות און הסרונות. ער האָט ליב געהאַט צו זאָגן און אַריינזאָגן. דעם אמת פלעגט ער זאָגן אָן דריידלעך, ווי וויטאָגדיק ער זאָל ניט זיין. ער האָט שטאַרק ליב געהאַט אָפּצוטאָן איינעם אַ שפּיצל — אונטערציען אימיצן — קליינשטעטלדיקע אייגנשאַפטן.

ער האָט זיין גאַנץ לעבן געווידמעט דעם פּועלי־ציונמזים. אַלץ אין זיין לעבן האָט זיך נאָר געדרייט אַרום זיין פּאַרטיי, און אַרום דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ער האָט קיין עוולות ניט געקענט פאַרטראָגן, און האָט ער געפונען אַ קרומען גייער אין זיין אייגענער פּאַרטיי, האָט ער געמעגט זיין פון

די אָנגעזעענסטע — האָט ער זיך ניט באַרויִקט ביז ער האָט אים ניט אַרויסגעשטויסן פון דער ריי.

דער זעלבער ראַזאָווסקי האָט אויך געקענט זיין תמימותדיק און שעמעוודיק ווי אַ קינד.

ער האָט געעלבט ווי אַ גבר. ער האָט קיין מאָל ניט געניצט, ניט קיין מאַנטל, נישט קיין שירעם און ניט קיין הוט — און פּלוצלינג האָט זיך דער מלאך־המוות פאַרטשעפּעט אָן זיין אָן איבעריקער שטיקל קישקע, האָט ער זיך אויך פון דעם ניט געמאַכט וויסנדיק, און איז גייענדיק געפאַלן...

# איך האָב שווער איבערגעלעבט די גרוילן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה

דאָס וואָס עס איז פאַרגעקומען מיט אונדזער פאָלק, האָב איך זייער שווער איבערגעלעבט. דאָס איז געקומען מיטן סוף פון דער מלחמה, ווען אַלערליי ידיעות און ליטעראַרישע שילדערונגען וועגן די גרוילן און די פּייניקונגען פון די יידן דורך די נאַצישע מערדער, האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען און באַשריבן ווערן אויף אַלערליי אופנים, איבער־הויפּט פון די געבליבענעביים לעבן.

מאַרק טורקאָוו מיט אברהם מיטעלבערגן האָבן אין ב. איירעס גע־גרינדעט דעם יידישן פאַרלאַג ביים פאַרבאַנד פון די פּוילישע יידן אין אַרגענטינע, און האָבן אַרויסגעגעבן צענדליקער און צענדליקער ביכער, ווו עס איז פאַראייביקט געוואָרן דער גרעסטער מענטשלעכער פאַרברעכן וואָס איז אויף דער וועלט באַגאַנגען געוואָרן, און ווו עס איז דערציילט און געשילדערט געוואָרן — פון מענטשן וואָס האָבן דאָס אַליין דורכ־געטראָגן — די גרעסטע טראַגעדיע וואָס דער מענטש האָט ווען עס איז איבערגעלעבט זינט די וועלט שטייט און האָט אַ קיום.

איך האָב זיך אַבאָנירט אויף די ביכער פון דעם דאָזיקן פאַרלאַג, און אויך געלייענט אַלע אַנדערע ביכער אויף דער זעלבער שוידער־טעמע, פון וואַנען זיי זיינען נאָר ניט געקומען.



דער מחבר אין זיינע עלטערנס **רבנישער היים, אין אָנהייב** פון די צוואַנציקער יאָרן. עס זיצן, אונטן, פון רעכטס צו לינקס, זיין שוועסטער דינה, הי״ד. אין דער מיטעלער **שורה** זיצן, זיין מוטער הרבנית פעשע הדס, הי״ד, דער מחבר און זיין פאָטער, הרב בנימין דב בער, הי״ד. עס שטייען, פון רעכטס צו לינקס, זיין שוועסטער יהודית, הי״ד, זיין שוועסטער אסתר, זיין ברודער יוסף און זיין שוועסטער ליבע מירל, ז״ל עס פעלן אין דעם בילד זיין שוועסטער פראַדל, זיין שוועסטער שיינע, ז״ל, און זיין ברודער סנדר.

איך האָב געטרונקען פון דעם דאָזיקן ביטערן געטראַנק, וויפל עס איז נאָר אין מיר ניט אַריין.

איך האָב געוואָלט וויסן וואָס מערער און ריכטיקער, וואָס עס האָט געטראָפן מיט מיינע נאָענטע, מיט מיין טאַטע און מאַמע, שוועסטער און ברידער, מיט מיינע קרובים און ליבע, וואָס איך האָב געהאַט מעבר לים. איך האָב געוואָלט וויסן גענוי, וואָס עס האָט געטראָפן מיין פאָלק — ווי אַזוי האָט דאָס אַלץ פּאַסירט.

איך האָב זיך אָנגעטראָפן מיט באַשרייבונגען, ביי דעם דיכטער א. סוצקעווער און ביי ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי, וועגן מיין פאָטער עליו־השלום און וועגן מיין שוואָגער יצחק קאַרניקס, איינער פון די גרעסטע יונגע גאונים, מיט וועלכע איך בין שטאָלץ.

איך בין שטאָלץ מיט דעם שטאַם פון מיין פאָטער. איך האָב אויף אים געקוקט מיט מיינע רעוואָלוציאָנערע אויגן, ווי אויף אַ גלות־ייד, און עס האָט זיך באַוויזן, אַז ווען עס איז געקומען די שעה פון נסיון, איז ער געווען דער גרויסער ייד.

צו מיין פאָטער, מיין שוואָגער און אַ דריטן רב וואָס איז געבליבן אין געטאָ, — הרב זאַלמאַנאָוויטש — האָט זיך דער יידישער געטאָ־קאָמענדאַנט, גענס, געווענדעט מיט אַ שאלה, צי איז דערלויבט מקריב צו זיין אַ געוויסע צאָל יידן, כדי צו ראַטעווען די גאַנצע קהילה.

זיי זיינען געזעסן, די דריי רבנים, שעהן־לאַנג, און האָבן אַרויס־געגעבן דעם פּסק־דין, אַז יהרג ולא יעבור — אַז מען טאָרף זיך לאָזן הרגענען און ניט עובר זיין אויף דער עברה פון שפיכת־דמים — פון פאַרגיסן יידיש בלוט.

זיי האָבן סומך געווען זייער פּסק־דין אויף דעם, ווייל דאָ גיט מען ניט אַרויס דעם יידן ער זאָל געהרגעט ווערן צוליב דעם דין פון מלכות, דאַן וואָלט הל געווען דער דינא דמלכותא דינא הוא, נאָר דאָ איז דאָך דאָס בשותע רציחה, דאָ אין געטאָ פאָדערט דער דייטש די יידן צום טויט נאָר ווייל זיי זיינען יידן, איז ימותו כולם ואל ימות אחד מישראל.

א. סוצקעווער האָט מיר אויך דערציילט, אַז פאַר דעם טיפ פון דעם גלויביקן פרומ, וואָס באַהאַלט פסח אין געטאָ אַ האַלבן פלאַש ווייץ אויף דעם אַנדערן פסח, האָט ער געגומען מיין שוואָגער, וואָס איז, ווי אַנדערע געטאָ־עדות האָבן מיר דערציילט, געווען אַן אמתער צדיק און מענטשן־פריינד.

מיינע עלטערן, צוויי פון מיינע שוועסטער און זייערע קינדער און

מענער, די איבעריקע מיטגלידער פון אונדזער פאַרצווייגטער משפּחה, זיינען אומגעקומען אויף פּאָנאַר, אָדער אויף אַן אַנדער אומקום־סטאַנציע.

מיין לעבן־געבליבענע שוועסטער, פּראַדל, וואָס האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט באַקומען פון גיהנום, האָט מיר דערציילט וועגן דער חכמה פון מיין שוועסטער יהודיתס דריי יעריקן קינד, וואָס איז געווען אַ קינד אַ חכם, אין לשער.



דעם מחברס שוועסטער יהודית, הי״ד, הרב קאַרניקס פרוי,
מיט איר זונעלע אברהם יעקב, הי״ד, אין 1937

איינע פון זיינע חכמות:

ער איז קראַנק געוואָרן אין געטאָ, און ניט געוואָלט נעמען די רפואות וואָס דער דאָקטער האָט אים צוגעשריבן. מיין טאַטע האָט אים געסטראַשעט, אַז אויב ער וועט ניט נעמען די רפואות, וועט ער דאָס דערציילן דעם דאָקטער.

— אַזוי — האָט דאָס קינד געענטפערט זיין זיידן — דו ביסט דאָך אַ פרומער ייד, אַ רב, טאָ ווי אַזוי סטראַשעסטו דאָס מיר אַז דו וועסט מיר פאַרמסרן פאַרן דאָקטער. מעג מען דען מסרן?

אין די נעכט פלעג איך אין די חלומות איבערלעבן די קאָשמאַרן און די פייניקונגען וואָס די לעבעדיקע מענטשן האָבן דורכגעמאַכט אין די טויט־לאַגערן.

איך האָב אויך אויסגעהערט אַ סך שוידערלעכע איבערלעבונגען פון יידן וואָס זיינען אָנגעקומען צו די ברעגעס פון דער טשילענער ערד.

פון דעם וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט — און דאָס איבעריקע מיטן כוח־הדמיון — האָב איך, „וואָס בין אין טרעבלינקע ניט געווען", אָנגעשריבן צוויי סעריעס דערציילונגען פון „דאָרטן", אין מיין בוך „איבער וויעגן" די סעריע „בלוטיקע יאָרן" און אין בוך „טריט אויף דער ערד", „ווען אויף אַש האָט מען אונדז געברענט".

וועגן די דאָזיקע דערציילונגען מיינע האָט מיר אַ באַוווּסטער יידישער שרייבער אָנגעוויזן, אַז פון די שרייבער וואָס זיינען „דאָרטן" ניט געווען, האָט קיינער אַזוי „רעאַל" ניט אַרויסגעבראַכט דאָס וואָס איז געשען, ווי איך.

דאָס שווער איבערלעבן דאָס געשעענע מיט מיין פאָלק און די ספקות וואָס האָבן מיר געפּיקט אין מוח און אין האַרצן, האָבן מיר קיין רו ניט געגעבן.

נאָך דעם וואָס דער נאַציזם האָט אונדז געטרונקען אין דעם אייגענעם בלוט, איז דען מעגלעך אַז מיר זאָלן אויך באַקומען אַ קאָפּע פון דעם רויטן שטיוול אין אונדזער האַרץ און קאָפּ, מען זאָל אונדז נאָך אַרויסרייסן דעם צונג און צונעמען ביי אונדז דאָס טייערסטע וואָס מיר האָבן אייביק פאַרמאָגט — אַ דאַנק וואָס מיר האָבן זיך אויפגעהאַלטן אַלס פאָלק — אונדזער יידישע קולטור?

אין די ענטפערס פון די אַלמאַזאָווס און די נאָוויקס, האָב איך דערשפּירט דעם בלאָף.

וואָלט טאַקע געווען אַ ליגן דאָס וואָס מען זאָגט אַז מען האָט

אומגעבראַכט די יידישע שרייבער און די יידישע קולטור אין ראַטנפאַר־באַנד (די מערסטע טייל שרייבער זיינען נאָך דאַן ניט געווען אומגע־בראַכט אין רוסלאַנד, נאָר זיך געוואַלגערט דערשטיקטע אין די תפיסות), וואָלטן זיי זיך דאָך אָפּגערופן, וואָלט זיך כאָטש אייגער אויפגעשטעלט און אויסגעשריען: איר אַזוינע און אַזעלכע, וואָס טראַכט איר אויס בל־בולים אויף דעם ראַטנלאַנד? אָט בין איך דאָ!

אָבער קיינער פון זיי האָט זיך ניט באַוויזן און קיינער פון זיי האָט זיך ניט געלאָזט הערן, אין דער צייט ווען די אַרטיקלען פון ערענבורגן און פון אַנדערע רוסישע שרייבער פלעגן פאַרשפרייט ווערן איבער דער גאַנצער וועלט, אין אַלע שפּראַכן.

איך האָב מיט אומגעדולט געוואַרט אויף דעם פאַרשטייענדיקן דריטן, אָדער פערטן לאַטיין־אַמעריקאַנער „איקוף״־קאָנגרעס, וואָס איז פאַרגע־קומען אין פופציקסטן יאָר אין ב. איירעס.

אויף דעם דאָזיקן „איקוף״־קאָנגרעס, האָט דעם רעפעראַט וועגן דער לאַגע פון דעם יידישן פאָלק אויף דער וועלט געדאַרפט האַלטן פיניע קאַץ.

איך בין צו דעם קאָנגרעס געקומען אַן אָנגעשפּאַנטער.

ווי אָפּגענאַרט האָב איך זיך געפילט, ווען עס איז געקומען צו דעם טייל פון פיניע קאַצס רעפעראַט וווּ ער האָט געדאַרפט באַהאַנדלען די לאַגע פון די יידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. ער האָט דאַן געמאַכט אַ „סאַלטאָ מאָרטאַל״ — אַ טויטן־שפּרונג — און איז אַריבערגעשפּרונגען איבער גאַנץ רוסלאַנד, דערמאָנענדיק נאָר ביראָבידזשאַן.

איך האָב גלייך נאָכן רעפעראַט גערעדט מיט אים, און ער האָט זיך אַרויסגעדרייט צו געבן אַן ענטפער.

איך האָב אויפגערודערט דאַן אַ סך דעלעגאַטן, פּאָלקסמענטשן, אויפ־ווייזנדיק זיי אויף דעם שווינדל. זיי האָבן זיך בעת־מעשה געהיצט, אָבער אַז עס איז געקומען צו די דיסקוסיעס, זיינען זיי אין דער היים ניט געווען — זיי זיינען אויסגערונען.

איך האָב געפאָדערט אַן ענטפער אויף מיינע ספקות, נאָך דעם ווי דער קאָנגרעס האָט זיך שוין געענדיקט.

אין דעם הויז פון וועלוול רייזמאַן — אַ גרויסער טעקסטיל־פאַבריקאַנט און אַן אָרטאָדאָקסישער קאָמוניסט — זיינען זיך צוזאַמענגע־קומען אַ גרופּע אַקטיוויסטן, ייגגערע און עלטערע, און נאָך דעם ווי זיי האָבן אויסגעהערט מיינע היציקע רייד, האָבן זיי מיר גאָר קאַלט און געלאַסן געענטפערט.

זייער ענטפער איז געווען אַ מין זיך אַליין פרעגן און ענטפערן:

— אין ראַטנפאַרבאַנד איז דאָ אַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי? — איז דאָ. מען קען זיך אויף איר פאַרלאָזן? — יאָ. טאָ מסתמא ווייסן זיי וואָס זיי האָבן צו טאָן. מיר האָבן צוטרוי צו זיי. מיר האָבן זיך ניט וואָס אַריינצומישן אין זייערע געשעפטן.

— זייערע געשעפטן!? — האָב איך אויסגעשריִען — און איך בין אַוועק מיט ליידיקן.

פאַרן אָפּפאָרן קיין טשילע בין איך נאָך געווען דער גאַסט ביי אייניקע גוטע חברים, אין זייערע היימען, און דאָרטן ניט אויפגעהערט צו שטורעמען וועגן דעם פאַרברעכן וואָס איך האָב אינטויטיוו געשפּירט אַז ער איז באַגאַנגען געוואָרן.

ביי דעם חבר משה הויכגעלערנטער אין שטוב, איז די דיסקוסיע פאַרגעזעצט געוואָרן.

די אַלע טענות מיינע האָב איך אויסגעשאָטן אויף דעם אַדרעס פון דעם דיכטער שניאור וואַסערמאַן, מיט וועמען איך האָב זיך יאָרן־לאַנג געהברט.ביידע זיינען געווען צערודערט פון מיינע טענות, סיי הויכגעלערנטער, סיי וואַסערמאַן.

הויכגעלערנטער איז תיכף אַוועק פון די רייען פון די פּראָגרעסיווע. ביי וואַסערמאַנען האָט דאָס נאָך געדויערט אַ פינף־זעקס יאָר. ער האָט נאָך אַ שטיקל צייט אויך באַגלייט כרושטשאָוון.

שפּעטער איז ער אַוועק פון די פּראָגרעסיווע מיט אַן עפנטלעכע דערקלערונג.

וואַסערמאַנען איז ניט געווען אַזוי לייכט אַוועקצוגיין פון „איקוף״. ער איז אין אַרגענטינע געווען דאָס, וואָס זישע וויינפּער אין די שטאַטן. איך האָב זיך פון דעם „איקוף״־קאָנגרעס אומגעקערט קיין טשילע און געבעטן אויפרופן דעם יידישן קאָמוניסטישן קעמערל.

אין דער אמתן האָבן די יידישע קאָמוניסטן אין טשילע געהערט צו זייערע ראַיאָנען־קאָמיטעטן און צו די קעמערלעך צו וואָס דער ראַיאָנען־קאָמיטעט האָט זיי צוגעטיילט. אָבער חוץ דעם, זיינען די יידישע קאָמוניסטן אין טשילע, וואָס האָבן געציילט אין די צענדליקער — אַ סך פון זיי האָבן בכלל זיך אַנטזאָגט צו אַרבעטן צווישן יידן — געווען אָרגאַניזירט אין אַ מין יידישער קאָמיסיע, אַ קערפּערשאַפט וואָס גיט זיך אָפּ צו באַהאַנדלען ווי אַזוי צו אַקטיווירן צווישן יידן. גערופן האָט מען די קאָמיסיע, דער יידישער קעמערל.

דער יידישער קעמערל איז זיך צונויפגעקומען ביי מיר אין דער היים. צו דער דאַזיקער זיצונג איז געווען איינגעלאַדן פינאַ, אַן אַרגענ־טינער ייד וואָס האָט יאָרן לאַנג געאַרבעט אַלס פונקציאָנאַר פון דער טשילענער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

זיין אמתער נאָמען איז געווען איידלשטיין. ער איז געווען אַ זון פון אַ משפחה פון בעלי־מלאכות. זיין פאָטער און זיינע ברידער האָבן אין אַרגענטינע געאַרבעט מיט דער נאָדל. פינאַ האָט געהאַט אַן איב־טעליגענטן פנים, און ער איז געווען פון די פונקציאָנאַרן וואָס מען ניצט זיי צו דערליידיקן די שווערע פאַלן. וכל דבר הקשה — איז געווען פינאַ.

פאַר דער זיצונג האָב איך אים אָפּגעגעבן אַ גרוס פון זיין פאָטער, פון זיין משפחה, און איבערהויפּט פון זיין פיר יעריקער, געשמאַקער טעכטערל, וואָס האָט בעת איך האָב באַזוכט זיין פאָטער, לכבוד מיר, זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ שטול און אָפּגעדעקלאַמירט דעם דעמאָלסט־דיקן שלאַגער „יאַנקעלע סאָטאָנאָווסקי״, ווו עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ טראַגישער ליבע צווישן אַ ייד מיט ניט קיין יידין, וואָס דער קלויסטער און די שיל וויל זיי צעשיידן.

איך האָב אים איבערגעגעבן דעם גרוס, צוזאַמען מיט דעם טאָן פון זיין טעכטערלס ווייטאָגדיקן אויסגעשריי.

פינאַ האָט געשמייכלט צופרידן פון דעם גרוס פון זיין טעכטערל, וואָס זי אַליין איז געווען די פרוכט פון געמישטער ליבע.

איך האָב אויף דער זיצונג פון דעם יידישן קעמערל קאַטעגאָריש גע־מאָלדן, אַז איך וויל מער צו אים ניט געהערן און אויך ניט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

פינאַ האָט מיר ערנסט אָנגעקוקט, און איך האָב באַמערקט דאָס ער זעט אַז עס איז מיט מיר ניטאָ וואָס צו מאַכן.

ער און די איבעריקע חברים, האָבן נאָך פון יוצא־וועגן, מיר גע־שטעלט די פראַגע — פאַרוואָס?

נאָך מיין ענטפערן אַז איך גיי אַוועק פון דער באַוועגונג דערפאַר וואָס עס האָט געקענט פּאַסירן, אַז אין אַ לאַנד וואָס פרעטענדירט צו זיין סאָציאַליסטיש האָט מען ליקווידירט די יידישע קולטור מיט אירע טרע־גער, האָט נאָך פינאַ, אויף אַ ניט געלונגענעם אופן, געפּרווט זאָגן זיין מיינונג:

— שרייבט מען ניט קיין יידיש. מען קען דאָך שרייבן אין רוסיש.

די זיצונג האָט לאַנג ניט געדויערט און איך בין אַוועק פון דער

קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אָן טומל און אָן רעש, אַפילו אָן אַן אָפיציעלער אויסשליסן מיר פון איר (די קאָמוניסטן זיינען זיך נוהג אויסצושליסן אַפילו אַזעלכע מיטגלידער וועלכע גייען אַוועק פון אירע רייען. עס קומט אַז זיי טרייבן יענעם אַרויס, נאָך דעם ווי יענער איז שוין אַוועק).

די יידישע קאָמוניסטן פון טשילע האָבן געוואָלט אויסמיידן פאַר דער יידישער גאַס דעם גאַנצן טומל און די סיבות פאַר וואָס איך בין אַוועק פון זייערע רייען.

דאָס פאַרלירן מיין אמונה אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, דאָס אויפהערן צו גלויבן אַז פון דאָרטן, פון מזרח, שיינט אויף און קומט אָן אַ נייַ לעבן פאַר דער גאַנצער וועלט, אַ לעבן אָן פאַרשקלאַפונג, אַ לעבן פון פעלקער פרייהייט, אַ בעסער לעבן פאַר דעם מענטשן, אָן אונטעריאָכונג צו דעם צווייטן, אַ לעבן ווו דער מענטש זאָל זיין זאַט מיט ברויט און מיט וויסן, האָב איך זייער שווער איבערגעטראָגן.

סוף־כל־סוף האָב איך אָפּגעלעבט איבער 30 יאָר פון מיין באַוווסטזיניקן לעבן מיט אָט דעם גלויבן. און מיט אַ מאָל, אין מיינע רייפע יאָרן, בין איך ווידער געבליבן שטיין אין דער גרויסער וועלט, אַ פרעמדער, אַ נאַקעטער, אָן קיין שום אמונה אין עפּעס.

דאָס איבערלעבן דעם דאָזיקן גייסטיקן בראָך איז געווען ענלעך צו דעם, ווען איך האָב פאַרלוירן מיין גאָט, מיט דעם חילוק וואָס דאַן בין איך געווען יינגער און האָב געהאַט דעם כוח צו געפינען אַן אַנדער גאָט, אַן אַנדער אמונה.

ווי אַ מאָל, בעת איך האָב פאַרלוירן מיין גלויבן אין גאָט, האָב איך אים ניט געלעסטערט, אַזוי האָב איך די ערשטע צייט פון מיין צוריקציען זיך פון קאָמוניזם, אים אויך ניט געלעסטערט. איך האָב געלעבט אין דערוואַרטונג — אפשר וועט זיך דאָך ענדערן צו גוטן. אָבער אַז איך האָב געזען דאָס יעדן טאָג קומען צו נייע פאַרברעכנס מצד די סאָציאַליסטישע לענדער לגבי דער מענטשהייט און אַנטקעגן מיין פאָלק — די פראָצעסן אין פראָג און די פראָצעסן איבער די יידישע דאָקטוירים אין מאָסקווע — האָב איך מער ניט געקענט שווייגן און פלעג אַרויסטרעטן מיט ווייטאָג קעגן די אומרעכטן, בפרט נאָך ווען מען פלעגט מיך ציען פאַר דער צונג, מיט די פּראָוואָקאַציעס וואָס מיינע געוועזענע חברים האָבן קעגן מיר געפירט.

איך געדענק אַז איך האָב א מאָל אָנגעשריבן אַ גרעסערן אַרטיקל: „דער ענטפער וואָס איך בין שולדיק מיינע קעגנער".

דאָס איז שוין געווען שפּעטער, נאָך די אַנטדעקונגען פון סטאַלינס רציחהשע פאַרברעכנס.

פאַר מיר איז דאַן דער קאָמוניזם געלעגן אַ צעשמעטערטער — אַ צוריקגעשטויסענער און אָפּגעשטויסענער אויף הונדערטער און הונ־דערטער יאָרן.

אין ווּעמען איז געבליבן צו גלויבן? אין וועמען האָט די יוגנט פון דער גאַנצער וועלט געקענט גלויבן, אַז אירע געטער זיינען געלעגן פאַר אירע פיס נאַקעטע, מיט זייער גאַנצער חרפּה אַנטקעגן דער ליב־טיקער וועלט?!

וואָס איז פון קאָמוניזם געבליבן, ווען די וועלט האָט זיך דערוווּסט אַז זייער פירער איז געווען אַ רוצח, אַרומגערינגלט מיט פאַרברעכער וואָס האָבן געפירט ניט נאָר מיט דער סאָוועטישער מלוכה, נאָר אויך מיט דעם קאָנטראָל איבערן קאָמוניזם און זיינען געווען די משגיחים איבער זיין כשרות? ווער זשע איז פון די ריכטיקע קאָמוניסטן געבליבן? עס זיינען דאָך נאָר פאַרבליבן די פירער, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען דעם קאָנטראָל פון די וועלט־באַנדיטן. אויב אַזוי איז דאָך ניטאָ צווישן זיי קיין איינער אויף וועמען מען קען זיך פאַרלאָזן. עס זיינען דאָך פאַרבליבן די געטרייע נאָכפאָלגער פון אַ רעזשים ביי וועלכן זיי זיינען דערצויגן געוואָרן, נאָר מיט דעם איינציקן חילוק וואָס זיי האָבן אויפגעהערט צו האַקן קעפּ. אָבער די ניט קיין אָפּגעהאַקטע קעפּ לעבן אויך ניט. די קעגנער פון רעזשים ווערן סיי ווי סיי איזאָלירט פון דעם געזעלשאַפט־לעכן לעבן, אָדער זיי ווערן פאַרשיקט אין די תּפיסות, אָדער אין די הייזער פאַר גייסטיק קראַנקע — מען דאַרף טאַקע זיין גייסטיק־קראַנק, אַז מען זאָל זיך דערלויבן צו האָבן אַן אייגענע מיינונג אין סאָוועט־רוסלאַנד — אָדער זיי לעבן סתם ווי די עוברי בטל אויף דער וועלט.

* * *

אין 1951, בין איך געווען אויף אַ באַזוך אין אַרגענטינע.

איך האָב זיך מער ניט געטראָפן מיט מיינע געוועזענע חברים — אַחוץ מיין נאָענטן חבר און פריינד, דעם דיכטער שניאור וואַסערמאַן, מיט וועמען איך בין געווען אַ סך יאָרן פאַרבונדן, סיי מיט אונדזער טרעפן זיך אין טשילע און אין אַרגענטינע, סיי מיט אונדזער ניט־איבערגעריסענער קאָרעספּאָנדענץ, סיי מיט אונדזער קענען זיך איינער דעם אַנדערן אויף דורך און דורך. איך בין געווען קלאָר אין וואַסער־מאַנס לעבן און ביאָגראַפיע און אין דעם מקור פון זיינע שאַפונגען.

ש. וואַסערמאַן קומט פון פּוילן, פון כעלעם, און איז אַ פאַרוואָרצלטער דאָרפישער ייד, וואָס האָט מיט זיינע נאַקעטע פיס אַריינגעזאַפּט אין זיך די וואַרעמקייט פון דער פּוילישער ערד. וואַסערמאַן פאַרמאָגט אַ סך פאַנטאַזיע פאַרן לעבן, אַ סך בטחון און יידישע אַסקעטיק, און איז געבליבן, אַפילו אין זיינע סאָציאַלע מאָטיוון, אַ ליריקער. אין זיינע לידער בייזערט ער זיך ניט, נאָר ער דערציילט און זינגט. ער האָט אַ סך געריזט איבער דער וועלט — אויפן פרימיטיוון וואָגן, אויף דער באַן, אויף דער שיף און אין אַוויאָן — אָבער מער פון אַלץ הילכן אָפּ אין זיין גאַנג די נאַקעטע טריט פון זיינע פיס אויף דער ערד פון דעם דאָרף וווּ ער איז געבוירן געוואָרן.

וואַסערמאַן האָט ניט מורא געהאַט צו פאַרזעצן די פריינדשאַפט מיט מיר.

פון זיין היים האָט ער מיך געפירט צו באַזוכן דעם „איקוף". איך האָב זיך לכתחילה קעגנגעשטעלט: צו וואָס?! צו וואָס סתם זיך מאַכן ביז בלוט? וועלן דען די חברים פון „איקוף" מיר מיט אַ מאָל צוריק איבערצייגן, מחזיר למוטב זיין, איך זאָל זיך אומקערן צוריק און גיין אויף זייער וועג? שווער. צו שווער האָט מיך געקאָסט דאָס אַוועקגיין פון זיי, אַז איך זאָל זיך אַזוי גרינג קענען אומקערן.

איך האָב דאָס אַלץ דערקלערט וואַסערמאַנען, אָבער ער איז ניט אָפּגעשטאַנען:

— קומט — האָט ער צו מיר געטענהט — איר מעגט זיך דאָך דורכשמועסן מיט אַמאָליקע גוטע חברים.

איך האָב אים נאָכגעגעבן. וואָס האָב איך נאָך אַלעמען מורא געהאַט זיך צו טרעפן מיט געוועזענע פריינד?

אגב האָט זיך מיר געדוכט אַז וואַסערמאַן וויל, מיטן ברענגען מיר אין „איקוף" אַריין, לעגאַליזירן אונדזערע באַגעגענישן, מען זאָל ניט חושד זיין אַז ער האָט צו טאָן שטילערהייט מיטן „שונא", רחמנא ליצלן.

אין „איקוף" האָבן מיר זיך געטראָפן מיטן לאַנגיעריקן סעקרעטאַר, מיט יואל לינקאָווסקי, אַ מענטש וואָס האָט פאַרוואָרפן זיין גלענצנדיקע פּראָפעסיע פון אַ גוטן מעכאַניקער און האָט זיך אָפּגעגעבן מיט „דער וועלט פון מאָרגן".

לינקאָווסקי האָט מיר אויפגענומען מיט זיין ברייטן טאָן און עס האָט גלייך אויסגעבראָכן צווישן אונדז אַ היציקער וויכוח. דאָס הייסט,

געהיצט האָב איך זיך. לינקאָווסקי האָט אויך דאָס מאָל גערעדט מיט זיין בנעימותדיקן, ניט איילנדיקן טאָן.

צו וואָס זיך היצן, אַז אויף אַלץ איז דאָ אַ תשובה, אַז יעדע זאַך האָט זיך איר סיבה?

איך האָב געשריגן:

— סטייטסש, ווו זיינען די יידישע שרייבער?

— די יידישע שרייבער? וואָס היצט איר זיך אַזוי? אומזיסט באַשטראָפט מען קיינעם ניט. צי ווייסט איר דען ניט, הבר פּילאָווסקי, אַז אין די קעלערן פון דעם אַנטיאַפשיסטישן קאָמיטעט האָט מען געפונען אַ געהיימע דרוקעריי?

— נו, און אַז מען האָט געפונען, דערשיסט מען צען — באַשטראָפט מען די שולדיקע, אָבער אַלע?! אַלע?! ווו זיינען אַלע איבעריקע יידישע שרייבער?

— ווייסט איר וואָס, רופט זיך אָפּ צו מיר לינקאָווסקי, שרייבט אָן וועגן דעם דאָזיקן ענין אַן אַרטיקל. איר האָט פריי די זייטן פון „איקוף“, ווי אַ מאָל.

— אַזוי! איך בין גרייט! נאָר בתנאי איר זאָלט מיר גלייך נאָך מיין אַרטיקל, אין דעם זעלבן נומער, ניט גוט אָנשגצן, מיר מאַכן צו דער בלאָטע צו גלייך און נאָך דעם מיר ניט לאָזן אָפּענטפערן.

לינקאָווסקי האָט אַ שמייכל געטאָן און גאָרניט געענטפערט.

מיט פיניע קאַצן, וואָס איך האָב דאָרטן געטראָפן, און מיט נאָך אַ פאָר חברים, האָב איך שוין וועגן גאָרניט געוואָלט ריידן.

איך בין פון דאַן אַן אוועק פון מיינע געוועזענע חברים און זיך אויסגעמיטן צו טרעפן מיט זיי.

איך בין מיט עטלעכע יאָר שפּעטער — אין 1958 — געווען אין ניו־יאָרק און בין פאַרבייגעגאַנגען מיט אַ שרייבער די רעדאַקציע פון „די יידישע קולטור“, און ניט געוואָלט אַפּטרעטן דאָרטן זיך צו זען מיט נחמן מייזל, מיט וועמען איך האָב זיך באַקענט בעת אַ פריערדיקן באַזוך אין ניו־יאָרק, ניט קוקנדיק וואָס ער איז שוין דעמאָלסט געווען אַ שטיקל חוזר בתשובה און פלעגט זיך קלאַפּן על־חטא אויף די זייטן פון זיין זשורנאַל. מיר האָט זיין איצטיקער ריידן און וויינען, מערער ווי געטאָן ווי זיין פריערדיקער שווייגן.

מיר איז אויסגעקומען אַז ער שרייבט ניט פאַר וויטאַג, נאָר דערפאַר וואָס מען דערלויבט אים שוין צו שרייען.

נאָך דעם ווי איך בין אוועק פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג — און ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות זיינען שוין אַוועק 17 יאָר פון דאַן אָן — האָב איך זיך מער ניט אָנגעשלאָסן אָן קיין שום פּאַרטיי.

בכלל האָב איך אין משך פון מיין גאַנצן לעבן, און איך האָב שוין אויף דער וועלט געלעבט קאַרגע 69 יאָר, געהערט צו פּאַרטייען אַ 10 יאָר — איבער 8 יאָר צו דער קאָמוניסטישער און קאַרגע צוויי צו דער לינקער פּועלי־ציוניסטישער.

אין סך־הכל בין איך אָבער פרום נאָכגעגאַנגען דעם וועג פון קאָמוניזם 32 יאָר פון מיין לעבן, פון 1918 ביז 1950.

נאָך דעם ווי איך בין אוועק פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, איז מיר שווער געווען צוצוטרעטן צו וועלכער עס זאָל ניט זיין פּאַרטיי.

איך האָב זיך געפילט בבחינת פון אַ מאַן וואָס האָט אריינגעלייגט זיין גאַנצע ליבע, זיין צוטרוי און זיין געטריישאַפט אין זיין געליבטער פרוי, און זי האָט אים נאָך דעם מיאוס און ביטער פאַרראַטן. פון איר איז ער אַנטלאָפן און מיט קיין אַנדערער האָט ער זיך שוין מער ניט געקענט פאַרבינדן. צו וועלכער פרוי ער זאָל זיך ניט האָבן דערנענטערט, איז זי פאַר אים ניט געווען אַזוי שיין, אַזוי אידעאַל ווי די ערשטע געליבטע זיינע.

אין דער אמתן האָב איך תמיד, ווען איך בין נאָך נאָכגעגאַנגען דעם קאָמוניזם, געגלויבט, אַז די נאַציאָנאַלע יידישע באַפרייונג וועט קומען צוזאַמען מיט דער וועלט־באַפרייונג.

איצט, אַז איך האָב דערזען און זיך איבערצייגט, אַז דאָס גרעסטע סאָציאַליסטישע לאַנד אויף דער וועלט איז אַזוי ווייט פון די אידעען פון דער וועלט־באַפרייונג און פון דער פעלקער־אויסלייזונג, כרחוק מזרח ממערב, האָב איך מיין גאַנצן שטיקל עקזיסטענץ וואָס איז נאָך פאַרבליבן, געגומען ווידמען דאָס פאַרזיכערן דעם קיום פון אונדזער פאָלק, וואָס איז אָקאָרשט ניצול געוואָרן פון פאַרפלייצט צו ווערן אין זיין אייגענעם בלוט.

איך בין געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, אַ ישראַליסט. איך האָב גענומען גלויבן אַז ישראל — אַזוי ווי זי איז, מיט אירע יידן — איז דער פאַקטאָר פון יידישן קיום אויף ווייטער. איך בין געוואָרן אַן אומפּאַרטייישער ישראַליסט.

איך גלויב אַז די הויפּט־עובדא פון מלכות־ישראל איז צו פאַרזיכערן דעם קיום פון עם־ישראל, און דאָס דאַרף געטאָן ווערן אויף אַן

עמערגענטן אופן, לויט דעם גיכן טעמפּ פון דער צייט אין וועלכער מיר לעבן. מיט די סאָציאַלע פּראָבלעמען זאָל זיך פאַרנעמען די הסתדרות.

איך בין ניט אזוי נאיוו צו מיינען, אז מען קען אזוי שטאַרק אָפּטיילן די עקאָנאָמיק פון דער פּאָליטיק. אָבער יידן דאַרפן האָבן אַן אנדער מאָס פאַרן לעבן, אַן אַנדער כוח, כדי נאָר צו קענען עקזיסטירן אויף ווייטער ווי אַ פּאָלק.

יעדער ייד, וואָס לעבט היינט אויף דער וועלט, איז שולדיק גאָר אַ גרויסן חוב די צענדליקער און צענדליקער פריערדיקע יידישע דורות, וואָס האָבן אוועקגעגעבן זייער בלוט און לעבן פאַר דעם קיום פון אונדזער פּאָלק.

איך האָב די לעצטע יאָרן אין טשילע און אין ישראל, געטיילט מיין סימפּאַטיע מיט דער לינקער באַוועגונג אין דעם ציוניזם, אָבער צו קיין פּאַרטיי, האָב איך זיך ניט אָנגעשלאָסן, כאָטש איך שפּיר און האָב געשפּירט אויף מיין הויט, ווי שווער עס איז צו לעבן אויף דער וועלט, אַ מענטש מיט געזעלשאַפטלעכע בייגונגען, ווי ער ווערט דערוויַיטערט פון דער עפנטלעכקייט, ווי ער ווערט איזאָלירט פון דעם אַרום און גייט לאיבוד, ניט געהערנדיק צו קיין פּאַרטיי.

* * *

אין אָנהויב פון די פופציקער יאָרן, איז קיין טשילע געקומען די יידישע שרייבערין גאָלדע קרימער.

גאָלדע קרימער שטאַמט פון בעסאַראַביע, פון דעם שטעטל יעדינעץ.

זי קומט פון צווישן די מולטערס פון דער בעקעריי פון איר טאַטן, וואָס מען האָט אים אין שטעטל גערופן „טשאַרנאָפּאַי", אַ ייד אַ פריילעכער קבצן, וואָס האָט ליב געהאַט ווי דאָס חיות אַ יידיש לידל און יידישע אַקטיאָרן, און פון דעם שניידער־וואַרשטאַט פון איר מאַן אין ב. איירעס.

זי האָט פון איר שטעטל, פון וואַנען זי איז געקומען אין 1923 קיין ב. איירעס, גאָרניט מיטגעבראַכט, א חוץ אַ שטאַרקן ווילן צום לעבן, אַ פּאָר אָפענע אויגן פאַר אים, און טאַלאַנט צו באַשרייבן וואָס זי האָט אין איר לעבן געזען און געהערט און וואָס זי זעט איצט אין דעם נייעם לאַנד.

ג. קרימער האָט מיט איר שרייבערישן טאַלאַנט גובר געווען אַדורכצוברעכן דעם צוים וואָס די אָרעמקייט האָט אַוועקגעשטעלט פאַר איר און איר זי ניט צוגעלאָזט צו דער רייכקייט פון דער מענטשלעכער קולטור.

זי איז געוואָרן א שרייבערין מיט אירע אייגענע כוחות און מיט די מיטלען וועלכע זי האָט אין זיך אויסגעארבעט.

ווען זי איז געקומען באַזוכן טשילע איז זי שוין געווען די מחברטע פון איבער אַ צענדליק ביכער ווי „בעסאראביע 1918”, ווו זי שילדערט די יסורים פון פויער און דעם יידן ווען בעסאראביע גייט אריבער צו רומעניע, „מיין שטעטל יעדינעץ”, אַ ווערק פול מיט הומאָר, „מלחמה־יאָרן”, און פון עטלעכע ראָמאַנען פון ארגענטינער לעבן.

איך האָב זיך געהאַט באַקענט מיט איר אין 1941 אויפן ערשטן לאַטיין־אמעריקאַנער „איקוף”־קאָנגרעס אין ב. איירעס, און זי באַוואונדערט פאר איר כוח זיך ארויסצוהויבן אין לעבן און פאר איר קענען ארייננגיין אין דער וועלט פון גייסט.

זי איז געקומען קיין טשילע צו פארשפרייטן אירע ביכער, ווי דאָס טוען אַ סך ארגענטינער שרייבער און אויך צפון־אמעריקאַנער.

איר אדרעס איז געווען — איך.

איך האָב איר געוואָלט פארלייכטערן דאָס לעבן.

דאָס רוב טשילענער יידן שטאַמען פון בעסאראביע. אין טשילע האָט שוין דאן עקזיסטירט אַ שטאַרק־אַנטוויקלטער פארבאנד פון פוילישע יידן, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן, צום צווייטן מאָל, אין די פערציקער יאָרן. דער פארבאנד פון די פוילישע יידן האָט זיך פארנומען מיט דערנענטערן זיך צו די ניי־אָנגעקומענע יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון דער שחיטה אין פוילן, און אויך געפירט אַ פארצווייגטע קולטור־ארבעט.

דער פארבאנד פון די פוילישע יידן אין סאַנטיאַגאָ האָט פארמאָגט אַלס פּרעזידענטן, אַדאָלפאָ קאַרפּן, דעם ביאַליסטאָקער קולטור־מענטש ירוחם ראַפּאַלאָווסקין, משה צימערמאַנען, דעם מעדיצין־פּראָפעסאָר ד״ר אלעדהאנט, יעקב פילאָווסקין און איצט חיים גאָלובאָוויטשן, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון דעם עמק־הבכא, אַ געזונטער אין גוף און אין גייסט.

אָבער דער עיקר עקזיסטענץ און דערפאָלג פון דעם פארבאנד האָט ער געהאַט צו פארדאנקען זיין סעקרעטאַר, שלמה באַכראַכן — אַ קולטור־און פען־מענטש, און זייער אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר.

אויף ש. באַכראַכן קען מען אָן גוזמא זאָגן, אז ער האָט געשאָנקען עטלעכע און צוואַנציק פון זיינע גוטע און יונגע יאָרן פאַר דעם „פוילישן פאַרבאַנד”, ווי מען האָט די אינסטיטוציע גערופן אין טשילע.

מיטן אָנקומען פון ג. קרימער קיין טשילע האָב איך אָנגעצונדן דעם אייפער ביי די בעסאראַבער יידן. וואָס זיינען זיי ערגער פון די פּוילישע יידן? — זאָלן זיי גרינדן אַ בעסאַראַבער פאַראיין.

די בעסאראבער יידן אין טשילע האָבן איצט געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַווייזן מיט זייער אַ שרייבערין, און די לעצט־אָנגעקומענע, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך אַן אינטעליגענטן קרייז, האָבן זי געבומען איינלאַדן, מיט זייער כאַראַקטעריסטישער ברייטקייט, אויף אָוונטן ביי זיך אין די היימען.

ווי ג. קרימערס אַ פריינד בין איך ביי די אַלע מסיבות אויך געווען פאַרבעטן.

אויף די דאָזיקע מסיבות, פלעג איך ריידן וועגן די שרייבערין און די אָוונטן פאַרוואַנדלט אין לייען־קרייזן, ווו מען האָט פאַרגעלייענט פון אירע זאַכן און שאַפונגען פון אַנדערע שרייבער.

גאָלדע קרימער האָט שוין נישט געדאַרפט גיין איבער די הייזער צו פאַרשפּרייטן איר בוך. דאָס האָבן שוין געטאָן אירע לאַנדסלייט. זי איז אַוועקגעפאָרן פון טשילע אַ גאַנצע נגידהסטע און האָט אַנטדעקט אַ נייעם לאַנד פאַרן יידישן שרייבער.

פון דאַן אָן האָט אין טשילע אָנגעהויבן צו עקזיסטירן אַ לייען־קרייז פון בעסאַראַבער יידן, וואָס איז בקרוב פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם „פאַראיין פון בעסאַראַבער יידן״.

מיטן פאַראיין פון בעסאַראַבער יידן איז אין טשילע צוגעקומען נאָך אַ קולטורעלע אינסטיטוציע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן מיט דעם לייען־קרייז און פון צייט צו צייט אַראָפּגעבראַכט אַ יידישן שרייבער, אַ רעדנער, אָדער אַ קינסטלער.

בכלל האָט דער פאַראיין געטאָן די זעלבע קולטורעלע אַרבעט וואָס דער פאַרבאַנד פון די פּוילישע יידן, נאָר מיט זיין באַזונדערן לאָקאַלן פּאַטריאָטיזם און אויף זיין אופן.

אַלס דער ערשטער פּרעזידענט פון דעם פאַראיין איז אויסגעקליבן געוואָרן אלכסנדר מייליכזאָן, אַן אינטעליגענטער ייד, וואָס איז אַן אייגענער אין דער יידישער און העברעישער ליטעראַטור, אַ רעדנער, אַ ייד וואָס קען האַלטן אַ פּען אין האַנט, און גאָר אַ פיינער פאַרלייענער.

אויף דער ערשטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג האָבן זיי כאָטש מיר געוואָלט אויסקלייבן פאַר זייער פּרעזידענט. עס האָט זיך מיר

קוים איינגעגעבן זיי צו איבערצייגן, אז דער פּרעזידענט פון די בעסאראבער
יידן, דארף זיין אַ בעסאראבער.

פון די אַלטע בעסאראבער יידן האָבן זיך אַ סך באטייליקט אין
דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דעם טשילענער ישוב, אָבער צו
פאַרשטעלן ספּעציעל דעם בעסאראבער יידנטום האָבן די לעצט־אָנגעקומענע
געהאט אַ מין מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקס. עס האָט זיך זיי אויסגעדוכט
אז זיי זיינען צו ווייניק אינטעליגענט אין פארגלייך מיט די פאַרשטייער
פון די פּוילישע יידן, אָדער די ליטווישע.

עס האָט געדויערט עטלעכע גוטע יאָר ביז עס האָט זיך מיר איינגעגעבן
צו ברעכן דעם דאָזיקן קאָמפּלעקס ביי די בעסאראבער יידן, און זיי
האָבן פון זייערע רייען ארויסגעגעבן גאנץ גוטע געזעלשאַפטלעכע טוער
און פּרעזידענטן פון זייער אינסטיטוציע, ווי משה ברייטמאַן, יאשא
מייליכזאָן, יוסף בירשטיין און יוסף גאָראָדינסקי.

פון דעם ערשטן טאָג אָן ווי עס איז געגרינדעט געוואָרן דער פאראיין
פון די בעסאראבער יידן בין איך אויסגעקליבן געוואָרן פאר דעם ערן־
פּרעזידענט פון דער אינסטיטוציע.

איך האָב אָבער דעם דאָזיקן בכבודיקן אַמט ניט פארנומען נאָר
טיטולאַר, נייערט איך בין געווען טעטיק אין דער פארוואלטונג, צוזאַמען
מיט אירע איבעריקע אָנפירער.

וועגן מיין ערן־פּרעזידענטשאַפט פון די בעסאַראַבער יידן אין טשילע,
זיינען ארומגעגאנגען פארשיידענע וויצן, צוליב מיין ליטווישן אָפּשטאַם.

איך בין געווען טעטיק אין פאראיין איבער 10 יאָר, פון דעם טאָג
פון זיין גרינדן, ביז מיין עולה זיין קיין ישראל, אין 1963. אַ שטיק צייט,
פון 1956 ביז 1963, האָב איך צו דער זעלבער צייט פארנומען דעם
פּרעזידענטן־פּאָסטן פון דעם פארבאנד פון די פּוילישע יידן.

דיביידע לאנדסמאַנשאַפטן האָבן זיך דער עיקר אָפּגעגעבן מיט קול־
טורעלער טעטיקייט און איך האָב געדינט די זעלבע יידישע קולטור אין
ביידע צוגלייך.

איך האָב זיך תמיד קאָנטראָלירט — ווי אַ טאַטע צו זיינע קינדער —
ניט ארויסצווייזן מער ליבשאַפט צו איין אינסטיטוציע ווי צו דער
אַנדערער. איך האָב זיך באַזונדער גענומען קאָנטראָלירן, ווייל איך האָב
ביי די בעסאראבער יידן באקומען זייער אַ סך פריינדשאַפט און איבער־
געגעבענע געטריישאַפט — מסתמא צוליב זייער איינגעבוירענער גאסט־
פריינדלעכקייט און ברייטקייט צום לעבן.

אָבער בכלל, האָב איך פריי און אין הארמאָניע, געקענט ארבעטן אין ביידע אינסטיטוציעס און אַ סך איניציאטיוועס האָבן זיי דורכגעפירט צוזאַמען.

דער פארבאנד פון די פוילישע יידן, האָט געהאַט די טראדיציע צו אָרגאניזירן די געטאָ־אַקטן אין „סירקולאָ איזראעליטא״, וואָס פלעגן איבערלאָזן אַ רושם אין דעם טשילענער יידישן ישוב און די בעסאַראַבער יידן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע „דריטע סדרים״, וואָס זיי האָבן איינגעאָרדנט מיט גלאַנץ, און מיט זייערע היימישע, ליכטיקע מסיבות.

דער פאראיין פון די בעסאראבער יידן, האָט אפילו געהאַט זיין אייגענעם „פּאָעט״, יחיאל צימערמאַן, וואָס פלעגט ביי יעדער יום־טובדיקער געלעגנהייט, אָדער ביי אַ געוויסער געשעעניש זיך אוועקזעצן און אָנשרייבן אַ געגראַמטן שיר פון דעם מין:

— אָ גאָט!

איך בין דיין טרייער סאָלדאָט.

קיין פּאָעזיע איז אין זיינע לידלעך ניט געווען, נאָר חן — דער חן פון דעם גוטן און נאַיוו־גלויביקן מענטשן, איז אין זיי געווען אָן אַ שיעור.

* * *

אין 1952 איז אָנגעקומען קיין טשילע אויף אַ באַזוך, דער שרייבער בערל גרינבערג.

ער איז אָנגעקומען קורץ פאר ניי־יאָר און עס איז ניט געווען קיין געלעגנהייט אים אויפצונעמען געזעלשאַפטלעך, הן צוליב חגא־טעג, און אויך מחמת דער עולם איז שוין געווען ארויסגעפאָרן אויף וואַקאַציעס, צוליבן זומער.

איך האָב נאָך גרינבערגן געקאָנט פון מיינע צוזאמענטרעפן זיך מיט אים אין ארגענטינע.

איך האָב שוין אויך געהאַט געשריבן אַ רעצענזיע וועגן זיינס אַ בוך.

דערווייל האָבן מיר אים פארהאלטן אויף עטלעכע חדשים.

עס איז דעמאָלסט ניט געווען קיין יידישער לינאָטיפּיסט אין טשילע און מיר האָבן גרינבערגן צוגערעדט זיך צו באַזעצן צווישן אונדז.

ער איז געווען דער געצערטלסטער יידישער שרייבער פון ארגענטינע.

ער האָט געשטאַמט פון ווארשע, פון דער יידישער אָרעמקייט.

זיין טאַטע איז געווען אליידנשאַפטלעכער שאַכמאַטיסט און טרוימער.

מסתמא האָט ער אַ חוץ שאַכמאַט אויך עפּעס־וואָס געטאָן, אָבער קיין גרויסער פאַרדינער האָט ער ניט געמוזט זיין, ווייל די הויפּט־פּרנסה־געבערין איז געווען זיין מאַמע, וואָס האָט געהאַנדלט אויף דער גאַס מיט קאַשיקעס עפּל.

זיין פאָטער איז געווען פון די געליטענע און דערצו פון די באַ־לײַדיקטע. ער האָט געליטן פון אַ שולדגעפיל לגבי זיין פאַמיליע.

בערל גרינבערג האָט פאַרלאָזן זיין וואַרשעווער היים און איז אָנגעקומען קיין ארגענטינע אין דעם יונגן, פאַר צוואַנציק יעריקן עלטער.

ער איז אין דער גרויסער, פינף־מיליאָניקער בוענאָס איירעס, פאַרבליבן דער זעלבער טרוימער וואָס זיין טאַטע, נאָר מיט דער ליידנשאַפט צו ליטעראַטור.

ער האָט אין גיכן, נאָך זיין אָנקומען קיין ארגענטינע, אָנגעהויבן צו פאַרעפנטלעכן זיינע דערציילונגען פון דעם נייעם לעבן, אין דער טעגלעכער „די פרעסע".

זיינע דערציילונגען האָבן גלייך גערופן די אויפמערקזאַמקייט פון דער ארגענטינער יידישער אינטעליגענץ און פון דער קריטיק.

דער דעמאָלסטדיקער רעדאַקטאָר פון „די פרעסע", פּיניע קאַץ, איז געווען דער מורה־דרך פון די ניי־אויפגעשטאַנענע שרייבערישע טאַלאַנטן אין ארגענטינע, און דאָס שרייבן וועגן דעם ארגענטינער לעבן איז אים געווען צום הארצן. ער האָט געפּריידיקט „צו איבערלאָזן די אַלטע היים אין דער היים", און דאָ צו שרייבן פון דעם היגן אַרום.

בערל גרינבערג איז געווען דער ליבלינג פון דעם ארגענטינער, עמיגראַנטישן לייענער. ער איז זיי געווען נאָענט. ער איז געווען זייער נשמה, זייער אויסדרוק. ער איז געווען, ווי מען זאָגט עס, אַן עכטער טאַלאַנט.

פון זיינע דערציילונגען אין „די פרעסע" האָט ער ניט געקענט מאַכן קיין לעבן. אָבער ער האָט זיך שוין גענומען דרייען ארום „די פרעסע". און אז ער האָט ניט געהאַט וווּ צו שלאָפן — איז געווען גוט דאָס צו טאָן אויפן פּאַפּיר, אויף וועלכן עס וועט זיך אַמאָל באַווייזן זיינס אַ וווּנדערלעכע דערציילונג.

ביסלעכווייז האָט ער זיך דאָרטן אויסגעלערנט דעם לינאָטיפּיסטן־פאַך. וואָלט דאָך געווען גוט. דער דאָזיקער פאַך איז דווקא אַ גוט־באַצאָלטער און אַ סך לינאָטיפּיסטן פון „די פרעסע" זיינען מיט דער צייט געוואָרן

שותפים אין דער צייטונג, וואָס עקסיסטירט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. (צו דער קאָאָפּעראַטיווע האָבן געהערט די שרייבער, די לינאָטיפּיסטן און אייניקע מיטגלידער פון דער אדמיניסטראַציע).

נאָך פּאָר גרינבערגן איז אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען ה. וואָלף — וואָס האָט זיך פריער באַוויזן אויפן אַרגענטינער יידישן הימל ווי אַ דיכטער — אַריבער צו ווערן אין „די פּרעסע" אַ לינאָטיפּיסט, וואָס האָט אים אגב גאָרנישט געשאַט צו ממשיך זיין זיין שרייבערישע קאַריערע, אמת אויף אַן אַנדער געביט, אויף דעם סאָציאָלאָגישן.

אָבער גרינבערג האָט זיך לאַנג נישט געהאַלטן ביי זיין לינאָטיפּן־פאַך.

ער האָט פאַרמאָגט אַ צו היציקן טעמפּעראַמענט. קיין רעוואָלוציאָנער איז ער נישט געווען, אָבער אַ רעבעל, אַ בונטאר — יאָ.

ער האָט זיך דאָרטן צעווערטלט מיט אַן אַרבעטס־חבר, צי מיט אימיצן פון די „שישקעס" און האָט געהויבן קעגן אים אַן אייזערנעם אַרבעטס־מכשיר.

ער האָט זיך נאָך דערצו צעברוגזט און פאַרלאָזט די אַרבעט.

ב. גרינבערג האָט שוין געהאַט אַ ווייב מיט צוויי קינדער. ער פלעגט פאַרדינען אַ קאָמיסיאָנדל ביי אַ גוטן ברודער, ביי אַ זיידן־פאַבריקאַנט, מיט וועמען ער איז נאָך געווען אַ גוטער חבר, ווען זיי האָבן ביידע גאָרנישט פאַרמאָגט, אַחוץ זייערע ליכטיקע חלומות.

איצט איז גרינבערג פאַרבליבן ביי אַן אויסוויל פון חלומות און זיין חבר מיט אַ זיידן־פאַבריק און מיט אַ סטאָק פון סחורה.

זיין געוועזענער חבר פלעגט עס אים גיכער צושאַרן דעם קאָרדינבסט, איידער ער האָט זיך געגעויטיקט אין זיין פאַרקויפערישן טאַלאַנט, און בערל האָט, ווי מיט אַ כיוון, איבערגעטאָן אַ פּאָר ראָלן זייד אויף זיין אַקסל — פון פאַבריק צו דעם קליענט — ווי ער וואָלט וועלן דערמיט דעמאָנסטרירן:

— זעט ווי די יידישע ליטעראַטור מעקלערט מיט זייד.

שפּעטער איז ער געוואָרן אַן אינקאַסענט פון דער חברה־קדישא — אַ שווערע און אָרעמע פּרנסה.

בערל גרינבערג האָט געזען ווי דאָס עמיגראַנטישע לעבן אין אַרגענטינע גייט פאַרויס און ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ קאָנפּראָנטאַבלער, און ער, דער טאַלאַנטפולער מענטש, דער אנערקענטער ארגענטינער יידישער שרייבער, וואָס האָט שוין זוכה געווען צו זיין פּאָרטראָטן

אין איראָפּעישע אַנטאָלאָגיעס, איז געבליבן דער קבצן אין זיבן פּאָלעס וואָס וווינט ערגעץ ווו אין אלע אויסרייסענישן, אין אַ הינטער־שטאָט פון ב. איירעס, אין אן אלטמאָדישער, נישט היימלעכער שטוב, זאלבעפערט אין איין „סאלע״ — נאָך צוזאמען מיט זיין שוויגער און מיט נאָך שכנים — אזוי ווי מען האָט געלעבט מיט פופציק יאָר צוריק. נאָר דאָס פאָרן אין שטאָט און צוריק האָט ביי אים אוועקגענומען ביי אַ דריי שעה אַ טאָג.

אָט אין דעם דאָזיקן מצב האָט זיך דאָס גרינבערג געפונען, ווען ער האָט זיך ארויסגעלאָזן אין דער וועלט צו באזוכן טשילע.

ער איז אַ חוץ אַ טאַלאַנטירטער שרייבער אויך געווען אן אָנגעלייענטער, מיט אַן אייגנאַרטיקן אינדיווידועלן צוגאַנג צום לעבן, אָבער עפּעס אַ מויל אין דער עפנטלעכקייט, האָט ער ניט געקענט.

ער האָט זיך דערווייל איינגעלעבט אין דעם יידישן שרייבערישן קרייזל פון סאנטיאגאָ און זיך באפריינדט מיט אנדערע קולטור־מענטשן.

זיין אויפטריט האָבן מיר אלץ אָפּגעלייגט — אויף בעסערע צייטן.

ב. גרינבערג איז געווען אַ יוצא־ונכנס ביי מיר אין שטוב.

עטלעכע חדשים, ווען איינער פון מיינע זין האָט זיך געפונען אין איראָפּע, האָט ער אינגאנצן געוווינט ביי מיר. שפּעטער האָט ער נאָר געהאט אַנדערשוווּ אַ צימער. מיט מיין משפחה איז ער געווען ווי אן אייגענער, ווי אַ קרוב.

מיין ווייב, וואָס אַנטלויפט פון „גרויסע מענטשן״, איז צו אים צוגעקלעפּט געוואָרן, ווי אַ שוועסטער, ווי אַ גלייכע צו אַ גלייכן. מיינע קינדער האָבן געלעקט די פינגער פון אים.

זיי זיינען געווען באגייסטערט פון די פיינע שמועסן וואָס ער האָט געפירט מיט זיי.

גרינבערג האָט זיך ניט געקענט אָפּרייסן פון טשילע. ער האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, פּרובירט אוועקגיין פון קאבצאנסק.

ער האָט צום ערשטן מאָל פּאַרזוכט צו לעבן אויסערן דלות — און דערצו איז ער נאָך געווען אַזוי געשעצט.

ער האָט זיך געקענט איינקויפן אין פריינדשאַפט, ניט קוקנדיק אויף זיינע קאַפּריזן, ווי אַ קינסטלער, און ניט קוקנדיק וואָס ער איז געווען אַ „בייזער״ ייד.

זיינע מעלות האָבן דאָס אַלץ געדעקט, בפרט נאָך בעת ער האָט זיך אַזוי גליקלעך געפילט.

דער סוף איז געווען, אַז ער איז אין טשילע ניט פאַרבליבן. ער האָט זיך לאַנג געראַנגלט ביז ער האָט דאָס לאַנד פאַרלאָזן — אויף זיך ניט אומצוקערן.

געהייסן האָט עס אַז זיין ווייב וויל ניט פאַרלאָזן אַרגענטינע, אָבער ווער ווייסט וואָס ער האָט געטראַכט.

אפשר האָט ער שוין פאַרגעסן זיין ליגאָטיפּן־פּאַק, אָדער אפשר האָט ער מורא געהאַט פאַר די נאָך־יום־טובדיקע טעג, פאַר דעם אין־דער־וואָכן פון טשילע?

מילא, ב. איירעס איז כאָטש אַ כּרך. עס איז דאָ ווו צו פאַרפאַלן ווערן. דאָ וועט אים זיין ענג.

גרינבערג האָט זיך אומגעקערט קיין אַרגענטינע. מיט דער צייט איז זיין אַרבעט געוואָרן לייכטער און בכבודיקער. די חברה־קדישא פון ב. איירעס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „קהילה".

ער האָט באַקומען אַן אינערלעכן פּאָסטן אין דער קהילה. ער האָט דאָרטן געפירט דעם פּנקס — אַ מין באַשרייבונג פון יעדן מיטגליד נאָכן פאַרלאָזן די וועלט צוזאַמען מיט דער קהילה.

פון דער אָרעמקייט איז אָבער גרינבערג ניט אַוועק. די זעלבע דירה און די זעלבע דחקות.

אויסער זיין קינסטלערישער וועלט, איז ער געווען אַן אביון, אַ קבצן — אַן אָרעמאַן מיט אַ סך זאָרגן.

ער האָט געהאַט צוויי קינדער, אַ זון מיט אַ טאָכטער. צו זיין זון — אַ טייער און ווילער בחור, מיט אַ טאַלאַנט צו מאָלן — האָט ער געהאַט אומזיסטע טענות. ער איז געווען אַ בחור ווי אַלע יידישע בחורים, ניט קיין בעסערער און ניט קיין ערגערער.

ער האָט געוואָלט לעבן, הנאה האָבן פון לעבן, טאַנצן, לויפן — פון גאָרניט וויסן.

גרינבערג האָט אין אים געוואָלט זען פאַרקערפּערט דאָס אַלץ צו וואָס ער האָט ניט געקאָנט דערגרייכן.

ב. גרינבערג האָט געקענט דאָס לעבן און געוווסט וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, אָבער דאָך איז ער געבליבן ביי זיינע טשיקאַווע געדאַנקען און געענג.

ווען ער איז געווען ביי מיר, האָב איך אָנגעפירט מיט אַ געשעפט.

בעת ער פלעגט זיך אריינשטעלן צו מיר אין קלייט אריין, האָט ער ארומגענומען מיט די אויגן זיינע, דעם סטאָק סחורה, אַ שאָץ געטאָן עס און אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— וויפל איז ווערט אייער סחורה?

— אַן אכציק טויזנט דאָלאר.

— איך מיין אָבער, וויפל האָט איר דאָ אייגנס?

— ביי אַ פערציק טויזנט דאָלאר.

— טאָ וואָס טוט איר דאָ? פארקויפט די סחורה און מאַכט אַ לעבן. גיט זיך אָפּ מיט שרייבן. פאָרט ארום א ביסל. וואָס פארלירט איר אייער צייט?

— און דערנאָך?

— וואָס זאָרגט איר זיך? איר האָט דאָך אויף צען יאָר צו לעבן. אויף ווייטער וועט מען זען.

איך האָב מיין געשעפט תיכף ניט פאַרקויפט, נאָר מיט אַ פינף יאָר שפּעטער, יאָ.

גרינבערגס רייד זיינען מיר גוט אַריין אין קאָפּ. צו וואָס אַזוי פיל זיך גרייטן פארן לעבן? און ווען לעבן?

איך בין אַ מאָל געזעסן אין ב. איירעס, אין אַ קאַפע, מיט פרייגד, ביי אַ טישל, און מיר האָבן דיסקוטירט וועגן פּאָליטיק. דאָס איז נאָך געווען אין דער צייט וואָס איך בין געווען אַ פּרום־גלוביקער אין קאָמוניזם. ב. גרינבערג איז דאָרטן אויך געזעסן.

ער האָט זיך אָפּגערופן פילאָסאָפיש־קאַלט:

— ווייסט איר וואָס? בינדט אינגאנצן ניט אָן די מענטשן. לאָזט זיי פריי. לאָזט זיי אויסקלייבן אליין וואָס זיי געפעלט בעסער, צי דער קאָמוניזם, צי די דעמאָקראטיע. עפנט זיי פרייע טויערן און די גרענעצן פון אַלע לענדער און לאָזט זיי גיין, וועט איר זען וואָס עס געפעלט די מענטשן.

— איר ווייסט? איין עלעקטריש לעמפּל איז ביי מיר מערער ווערט ווי וועלכע עס איז טעאָרעטישע אַקסיאָמע ווי אזוי צו פארבעסערן די וועלט.

נאָכן אָנהערן זיך אַ ביסל „טאַנגאָס”, צוזאַמען מיט אים אין אַ קאַפע, האָט ער מיר באַוויזן אז די דאָזיקע לידער האָבן דעם אָרעמסטן אוצר פון ווערטער.

זיי באַשטייען פון: „דעקלאראסיאָן, דעסעספעראסיאָן, טראַיסיאָן,

סעפּאַראַסיאָן, — פון עספּעראַנסאַ, קאָנפּיאַנסאַ, אַדאָראַר, עספּעראַר, אַניאָ־ראַר, איגנאָראַר, לאַמענטאַר און קאָנסאָלאַר. (זיך דערקלערן אין ליבע, יאוש, פּאַראַט, צעשיידונג, האָפענונג, צוטרוי, שטאַרק ליב האָבן, אָפּוואַרטן, בענקען, איגנאָרירן, באַדויערן און טרייסטן).

איך האָב זיך נאָך אַ סך מאָל געטראָפן מיט אים, ווען איך פלעג גאָר באַזוכן ב. איירעס.

יעדעס מאָל האָב איך אלץ געטראָפן גרינבערגן אַ מער צעטראָגענעם און אַן איינגעטועגעם אין זיך. דאָס לעבן איז אים אלץ שווערער געוואָרן און אומדערטרעגלעכער.

ער איז געווען דער מחבר פון עטלעכע ביכער דערציילונגען. ער איז געווען געווינט מען זאָל אים האַלטן אין איין גלעטן און אין איין לויבן.

די לעצטע יאָרן האָט ער גאָרניט אזוינס אויפגעטאָן ער זאָל איבער־ראַשן זיינע לייענער און קריטיקער.

זיין לעצט בוך, „דאָס גאָלדענע פייגעלע”, וואָס איז געווען אנדערש פון די איבעריקע מיט דעם וואָס די פריערדיקע זיינען געווען צוזאמענ־געשטעלט פון פאַרשיידענע דערציילונגען און דאָס דאָזיקע איז באשטאנען פון איין גרעסערער נאָוועלע, האָט ניט געפונעם דעם זעלבן אָפּקלאַנג, וואָס די אַמאָליקע.

בערל גרינבערג האָט גענומען מאַכן דעם חשבון פון זיין לעבן און ווו ער האָט זיך נאָר אַרומגעקוקט, האָט דער רעכענונג ניט געשטימט.

איז ער געגאַנגען און האָט אינגאַנצן איבערגעריסן מיט זיי לעבן. ער האָט עס געטאָן גאָרניט אויף קיין עסטעטישן און קינסטלערישן אופן.

ער האָט זיך ארונטערגעוואָרפן אונטער דער באַן, וואָס האָט אים צוויי מאָל אַ טאָג געפירט הין און צוריק קיין ב. איירעס און איז אונטער איר צעמאָלן געוואָרן אין אַ זעקל ביינער.

זיין גאנג אין יידישן לעבן פון ארגענטינע האָט דאָרטן איבערגעלאָזן קענטיקע טריט און אַ ליכטיקן שיין.

בערל גרינבערג איז ניט געקומען דער ערשטער אין דער ארגענטינער יידישער פּראָזע, אָבער ער איז געבליבן שטיין אין איר ערשטער ריי.

# די ווייטערדיקע אנטוויקלונג פון דער יידישער פרעסע אין טשילע

דער לעצטער נאָמען וואָס די טשילענער יידישע וועכנטלעכע צייטונג האָט באקומען אין 1938, איז געווען "דאָס יידישע וואָרט". ביי דעם נאָמען איז זי פארבליבן ביז צום היינטיקן טאָג.

עס זיינען אין צווישן פארביי אייניקע יאָרן וואָס אין טשילע איז איינגאנצן ניט דערשינען קיין יידישע פרעסע.

אין אָנהויב פערציקער יאָרן איז געגרינדעט געוואָרן אַ געזעלשאַפט־לעכער קאָמיטעט, אַרויסצוגעבן די צייטונג.

„דאָס יידישע וואָרט" האָט געהאט פארשיידענע רעדאקטאָרן.

דער קאָמיטעט האָט איינגעלאדן פון ארגענטינע, אלס רעדאקטאָר פון דער אויסגאַבע, פאליק לערנערן.

די אָרטיקע רעדאקטאָרן האָבן זיך מיט דער צייטונג אינגאנצן ניט אָפּגעגעבן, ווי מיט זייער עקסקלוסיווער פרנסה. זי איז נאָר געווען פאַר זיי, ניט מער ווי אַ ביי־פרנסה. מיטן אַראָפּברענגען אַ ספּעציעלן רעדאַקטאָר, האָבן די כלל־טוער איינגעזען אַז די צייטונג וועט האָבן אַ לענגערן קיום.

אָבער פ. לערנער האָט זיך לאַנג ניט געהאלטן אין טשילע. דאָס גרויסע ב. איירעס, דאָס זיין אַ מיטאַרבעטער אין דער טעגלעכער צייטונג „די פּרעסע", האָט אים מער געלאָקט, ווי צו זיין רעדאקטאָר אין אַ וועכנט־לעכער צייטונג פון טשילע. ער האָט זיך אומגעקערט קיין ב. איירעס.

דאַן האָבן זיך מתעסק געווען ארום דער צייטונג, דוד דובינאָווסקי, וואָס האָט מחמת דעם אָנגעהויבן אונטערצוזינדיקן מיט אַ גאַנצן גלאַטן ארטיקל איבער אַ געזעלשאַפטלעכן ענין און מיט אַ קאָלום וואָס איז געווען אַ מין פעליעטאָנדל, אונטערן פּסעוודאָנים „פּעפּערל", און מ. יודילעוויטש.

מ. יודילעוויטש איז אַ תלמיד חכם, א ייד אַ מלומד און אַ געוועזענער לערער. ער שטאַמט פון ווייסרוסלאנד, פון האָראָדיטש. ער פארמאָגט אויך אַ גאַנץ פיינע פען. ער גיט זיך מיט זיין פען אַ מאָל אַ שפּיל און ווייזט אייך גאָר פיינע טיפּן פון זיין שטעטל, געשטאַלטן וואָס זיינען

אוועק אין דער אייביקייט, אָדער עלנטע, פאַרבלאָנדזשעטע און פאַר־פרעמדטע יידן אין דעם נייעם לאַנד.

ער קאָן אויך זיין ניצלעך פאַר אַ צייטונג, מיטן קענען באַלויכטן מיט בקיאות א יידישן יום־טוב, לויט זיין רעליגיעזן און געשיכטלעכן אויסזען.

ער איז אָבער ניט קיין אמביציעזער און לײדנשאַפטלעכער שרייבער. ער קען אַזוי אָנשרייבן אַ בילד, ווי אויסמאָלן אים מיט אַ פּענדזל. ער איז בכלל א מושלם בכל המעלות. ער איז אַ בעל־מנגן — איבערהויפּט פון חב״דער ניגונים. ער געהערט צו די קווידענאָווער. און אַז מען האָט געדאַרפט, איז ער פלוצלינג געוואָרן אַ קוואַליפיצירטער מומחה אין גארבער־אַרבעריי.

מ. יודילעוויטש איז היינט דער נומיסמאַטיקער נומער איינס פון טשילע — איינער פון זיינע לעצטע „האָביס״. און אז מען האָט געדאַרפט, איז ער די לעצטע זעקס יאָר געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון „דאָס יידישע וואָרט״. אָבער דאָן, אין אָנהויב פון די פערציקער, איז ער געווען נאָר דער קאַסיר.

ביז 1954, איז די צייטונג רעדאַגירט געוואָרן פון י. בלומשטיין, ג. וויטאַל, פּ. לערנער, י. פּילאָווסקי, און א געוויסער צייט פון דרייען פאַר אַ מאָל — מיט דער זעלבער רעכט — פון י. בלומשטיין, ג. וויטאַל און י. פּילאָווסקי.

די גאַנצע צייט האָט עקזיסטירט אַ רעדאַקציע־קאָלעגיום. עס זיינען געווען צייטן וואָס עס איז אויף דער צייטונג ניט געווען אָנגעגעבן קיין נאָמען פון קיין רעדאַקטאָר, נאָר — רעדאַגירט פון אַ קאָלעגיום.

אין דער רעדאַקציע־קאָלעגיע זיינען דורכגעגאַנגען צענדליקער מענטשן — אַלע די וואָס האָבן געקענט האַלטן אַ פּענע אין דער האַנט, און איבערהויפּט אזעלכע וואָס האָבן פאַרטראַכטן עפּעס אַ געזעל־שאַפטלעכע מיינונג. זעלטן ווען עס פלעגט אָפּגעהאַלטן ווערן אַ זיצונג פון דעם רעדאַקציע־קאָלעגיום — נאָר בעת געוויסע קאָנפליקטן.

לפי ערך, נאָך דעם גרויס פון דעם טשילענער ישוב, האָט ער געהאַט אַ גרויסע צאָל פּען־האַלטער, צווישן זיי נאָר געציילטע שרייבער פון באַרוף, מיט ליידנשאַפט.

איך וועל נאָר אָנרופן די נעמען פון די וועלכע איך געדענק, און וואָס האָבן זיך ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן באַטייליקט אין דער טשילענער יידישער פּרעסע: י. בלומשטיין, ל. דימאַנט, י. דראַפּקין, א. האַלפּערן,

ב. וויטאל, י. ריטשקער, י. בערעזין, י. ברינער, ש. לעדער, א. ראַבינאָוויטש, וואָלף, ש. האַמער, י. גאָרען, ש. גאָרען, א. הירש, מ. עפּשטיין, ש. באַכראַך, י. פּאָלאק, ב. צ. נחמן, ר. כץ, ד. אילעוויצקי, ש. וואלדמאן, מ. יודילעוויטש, ל. גרושקא, ס. ראַפּאַלאָווסקי, פּ. ביזבערג, א. איציקזאָן, ה. שאפּיראָ, י. גאָלדשטיין, א. מייליכסאָן, ס. פּילאָווסקי, מ. קאפּלאַן, י. פּילאָווסקי, ד״ר א. יואל, בעראנט, י. אבאַדאָווסקי, קרייטמאן, מ. ריזענבערג, ד״ר מ. מערקין, וו. ברעסלער, י. שנייד, מ. ד. גיסער, ח. טורטעלטויב, א. שמואלעוויטש, יוספי און נאָך און נאָך.

א חוץ דעם זיינען נאָך געווען שפּאַניש־יידישע שרייבער און שזורנאַ־ליסטן, ווי ד״ר בערמאן, נומאן, דייוויס, מאַיאָ, ר. לעווי, א. אלבאלא־לעווי, שעסקאָוויטש, ס. טורטעלטויב, באָרסודסקי, א. דראַפּקין, ד. ראָסעמאַן, א. פּילאָווסקי, ש. זינגער, וו. טייטעלבוים און אַ סך אנדערע.

אין 1954 איז אלס פּרעזידענט פון דער צייטונגס־אונטערנעמונג „דאָס יידישע וואָרט״, אויסגעקליבן געוואָרן יחזקאל פלאַטאו.

איך האָב שוין ביי אַ פריערדיקער געלעגנהייט דערציילט, אז פלאטאו האָט געהאט א ברייטן פּארנעם אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. ער איז געווען דער אמתער אָפּטימיסט — אויפן אלטן לשון — דער אמתער בעל־בטחון. צי יאָ געהאט, צי ניט — אלץ דארף אַוועקגעשטעלט ווערן ברייט. עס וועט שוין זיין.

ער האָט אראָפּגעבראכט פון ארגענטינע, אלס רעדאקטאָר, דעם שרייבער פּנחס ביזבערג. איך בין נאָמינירט געוואָרן פאַרן קאָרעדאַקטאָר.

פון צווישן די יידישע שרייבער אין טשילע בין איך געווען דער עלטסטער תושב, און האָב געקענט דעם ישוב אין אלע זיינע ווינקעלעך, און דער ישוב האָט גוט געקענט מיך, און געגלויבט אין מיר.

איך בין אן ערך צוויי יאָר צייט אָפּגעזעסן אין איין רעדאקציע־צימער מיט ביזבערגן — אַ טיש לעבן אַ טיש — און אַ זעלטענע האַרמאָניע, אן אויסערגעוויינטלעכע ליבשאַפט און צוטרוי האָט געהערשט צווישן אונדז ביידן.

די צייט וואָס מיר האָבן געארבעט איז געווען ווייניק פאר אונדז. אונדזערע שמועסן זיינען פאָרגעזעצט געוואָרן אויך נאָך דער ארבעט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מין באַגלייטן זיך איינער דעם אנדערן, וואָס האָט געדויערט גאנצע שעהן.

און עס איז געווען מיט וועמען צו ריידן. ביזבערג איז געווען אַ מלא

וגדוש אין תורה און אין וויסן. ער איז געווען אַ שפּראַכן־קענער און אַ דיפּלאָמירטער אָגראָנאָם אין פראנקרייך.

אין יידיש איז ער געווען אַן עושר. ער האָט פארמאָגט אַ שפע פון לשון. ער איז געווען פארוואָרצלט אין דעם פאָלקישן לשון און האָט זיך ווייניק באנוצט מיט „הויכע" רייד, אָדער מיט מליצה.

סיי אין זיין שרייבן ווי אין זיין ריידן, האָט ער פאַרמאָגט אַ וואַרעמען, גוטמוטיקן הומאָר.

ביזבערג איז מיר געווען דאנקבאר פאַר מיין לאָיאלקייט צו אים, זוי צו א גר, ווי צו אַ פרעמדן.

איך האָב אים אָפּגעהיט פון געשטרויכלט צו ווערן. אַ נייעם מענטשן איז גאָר לייכט זיך אויסצוגליטשן.

ער איז געווען אַ גייסטיק־באַלאַדענער און אַ ווייניק־געדולטיקער.

איך האָב אים אַרייסגענומען פון אַ סך צרות.

כל הדבר הקשה — ווו אַ שווער האַרץ — האָב איך דאָס גענומען פאַר זיך.

ווי איך האָב נאָר געזען אַז מען טראָגט אים צו עפּעס אַ „כתב־יד" וואָס דאַרף גיין אין „קויש", און מען „מוז" עפּעס מאַכן פון דעם, פלעג איך שוין צו אים אַ זאָג געטאָן:

— ביזבערג, דאָס איז פאַר מיר, איר האָט גענוג אַרבעט.

האָט ער שוין מיר פאַרשטאַנען און מיך אָנגעקוקט מיט זיינע בלויע אויגן, וואָס האָבן שטראַלנדיק אַרויסגעשמייכלט פון הינטער די דיקע גלעזער פון זיינע ברילן.

פון צווישן די אויבנדערמאָנטע שרייבער, זיינען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם גאַנצן שוידער פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, און האָבן אין זייער שרייבן געפונען אַן אַנטשפּאַנונג פון זייער אָנגעצויגענעם געמיט.

די „מיטאַרבעטונגען" פון אַזעלכע האָט מען נישט געקענט אָפּוואַרפן, און איך פלעג זיצן איבעריקע שעהן אין דער רעדאקציע, אַזוי לאַנג זיך קווּעלן אַרום דעם, ביז עס איז עפּעס אַרויס אַזוינס וואָס עס איז ווערט צו דערזען די לעבעדיקע שיין.

מיר האָבן דאַן אַרויסגעגעבן די צייטונג, אין משך פון אַ זמן, צוויי מאָל אַ וואָך, אין אַ פאַרגרעסערטן פאָרמאַט, און מיר האָבן זיך באַמיט זי זאָל האָבן אַ ריינעם, נישט קיין פאַרשמירטן פּנים.

צווישן ביזבערגן מיט וויטאַלן האָט נישט געהערט קיין שלום־בית.

איך האָב קיין מאָל נישט געפרעגט די סיבות. פאַר וואָס? איך האָב ניט געוואָלט וויסן.

איך האָב זיך געהאַלטן פאַר אַ נוגע בדבר און געוואָלט שטיין פון דער ווייטן.

איין זאַך האָב איך געזען, ביזבערג איז ניט סובל וויטאַלן, ביז צו אומברחמנותדיקייט.

אין די באַציונגען פון דעם גוטן ביזבערגן צו דעם בייזן וויטאַלן, איז דאָס מאָל דערגאַנגען צו שפיכת־דמים מצד ביזבערגן.

נאָך אַלעמען, איז וויטאַל געווען אַן אַלטער, פּראָפעסיאָנעלער שרייבער, און דאָ קומט ביזבערג און וויל אים נישט דרוקן זיין איינציקן קאָלום אין דער וואָך, זיין „פּאָליטישע קאָמענטאַרן".

איך האָב געוווּסט אַז גערעכט איז ביזבערג, אַז וויטאַלס „פּאָליטישע קאָמענטאַרן" זיינען אַ מין „חכמי־לעזשאַנקע" ־ פּאָליטיק. איך האָב געוווּסט פון דעם עיקר, אַז אַ פּראָפעסיאָנעלער שרייבער דאַרף קאָנען אָנשרייבן קאָרעקט אַ שורה, אַז ער דאַרף כאָטש קענען אַ שייטל עברי, און אַז קיינער דאַרף ניט נאָכגיין נאָך אים, אָפּווישן אים זיינע גרייזן, די אומזיניקייט און מאַכן אַזוי, אַז דער קאָלום זיינער, זאָל ניט פאַרשוואַרצן דאָס פּנים פון דער צייטונג.

איך האָב אָבער אויך געוווּסט, אַז אַזאַ בושה, ווי ניט דרוקן וויטאַלס זאַכן, מחמת זיי זיינען ניט דרוקפעיִק, וואָלט געווען אַ טויט־קלאַפּ פאַר אים, וואָס איז שוין דאַן געשטאַנען ביי דער שוועל פון זיינע זיבעציקער.

וויטאַל האָט זיך איין מאָל באַקלאָגט פאַר מיר, ווענן דעם דאָזיקן ענין, ניט אינטערעסירנדיק די ריכטיקע סיבה פאַר וואָס ביזבערג וויל אים ניט דרוקן, חושד זייענדיק מיר,אַז איך וועל האָבן די הנאה פון שאָדן־פרייד. ער האָט נאָר אויסגעפירט, אַז ביזבערג שאַדט אים אין פּרנסה — אין דעם זייטיקן פאַרדינסטל זיינעם.

איך האָב געדאַרפט זיין דער מליץ־יושר פאַר מיין „שונא" — און איך האָב ביי ביזבערגן געפּועלט, מען זאָל ניט צונעמען ביי וויטאַלן די חזקה אויף זיין „פּאָליטישן קאָמענטאַר". און וואָס שייך מיט דעם כלאָפּאָט פון פאַרריכטן — איז דאָס על־צוואַרי — קיינער זאָל דערפון ניט וויסן.

פּ. ביזבערג פלעגט שרייבן לייט־אַרטיקלען, באַווירצטע מיט בעלעטער־ריסטיש־קינסטלערישן חן, מיט ריח און בילדערישקייט.

ער איז ניט געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור פון דער ישיבה, אָדער פון וואַרשטאַט, פון דער אָרעמקייט, מיט קאַרגער, מאָגערער בילדונג,

געשטויסן נאָר פון קינסטלערישער אינטויציע און טאַלאַנט — נאָר פון דער הויכשול, אַן אַנגעלאָדענער מיט וועלטלעכן וויסן און ליטעראַטור־קענטעניש.

ער איז געקומען פון אַן אצילות־חסידישער היים, אַן אָנגעזאַפּטער מיט יידישן גייסט, מיט טיפן יידישקייט־קענטעניש און מיט ברענענדיקער התלהבות.

ער איז אָנגעקומען קיין אַרגענטינע אין 1927, משוט בארץ — פון אַרומקרייזן די וועלט. ער איז געקומען פון אייראָפּע, אָבער געשטאַמט האָט ער פון דעם יידישן פוילן.

ער האָט זיך צוגעכאַפּט צו דעם אַרגענטינער פּייסאַזש. ער האָט באַשריבן דאָס לעבן פון דער יידישער קאָלאָניע, ווו ער האָט געאַרבעט ווי אַן אַגראָנאָם.

פון זיינע באַשרייבונגען וועט מען קענען רעסטאַווירן דאָס קאָלאָניס־טישע לעבן פון אַרגענטינע מיט עטלעכע צענדליק יאָרן צוריק.

ער האָט געשריבן פאַכמענישע אַגראָנאָמישע אַרטיקלען אין יידיש, סאַטירישע באַשרייבונגען, דראַמען, וואָס זיינען אויפגעפירט געוואָרן אויף דער אַרגענטינער־יידישער בינע, דערציילונגען, עסייען, מאָנאָגראַפיעס און זיין אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן „שבת יום־טובדיקע יידן".

זיין שרייבן איז געווען דורכגעקנאָטן מיט נשמה און באַהעלט און געהילט אין ליכטיקע וויזיעס און בילדער, און איז אַרויסגעקומען שיין פאַרן אויג און מחיהדיק פאַרן גומען. אַלץ וואָס ער האָט געשריבן איז געווען מיט וואַרעמען שרייבערישן בלוט.

ער קומט אַריין אין דער ליטעראַטור, לכתחילה, מיט פּאָעזיע. ער כאַפּט זיך אָבער באַלד אז זיין אמתער באַרוף איז די פּראָזע, און ער ווערט אַן אַרגענטינער יידישער שרייבער.

מיר האָבן זיך געקליבן אויסצופירן אין טשילע, זיינס אַ פּיעסע, „דעם טאַטנס געשטאַלט", אונטער דער רעזשי פון משה ליפּמאַן.

עס קען זיין אַז אַ סך וועלן זיך וווּנדערן, ווי קומט משה ליפּמאַן קיין טשילע? דאָס איז דער זעלבער באַוווּסטער אַקטיאָר און רעזשיסאָר משה ליפּמאַן, וואָס איז אַזוי באַקאַנט געווען אין פוילן און אין דער יידישער וועלט בכלל.

משה ליפּמאַנען איז באַשערט געווען דער גורל פון זיין פאָלק. זיין יידישן צושויער איז באַשערט געווען זיך צו ראַנגלען פאַר זיין לעבן און אַרומוואַנדערן איבער דער וועלט, זוכנדיק אַ ביסל פרייע לופט

צו אָטעמען און אַן אָפּשטעל פֿאַר דעם גלות — און אויך אים האָט געטראָפֿן דאָס זעלבע.

אין דער צייט פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה ווערט ער פֿאַר־וואָגלט קיין אוקראַינע. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה — אין דעם ווייטן סאַמאַרקאַנד.

אין סאַמאַרקאַנד איז ער פֿון אַ יידישן אַקטיאָר פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גלעזער.

זיין שטאַלטנע, אַרטיסטישע פיגור, בויגט זיך נישט אונטערן שווערן קאַסטן גלאָז.

עס איז אים באַשערט געווען צו פֿאַרשפּרייטן ליכט אויף דער וועלט — פֿריער דורך זיינע טעאַטער־אויפֿפירונגען, נאָך דעם מיט אָנגלאָזן די פֿענצטער פֿון מענטשלעכע הייזער, און צום סוף מיט אַ דרוקעריי.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה קערט זיך ליפּמאַן אום צו זיין היימשטאָט, קיין וואַרשע. אים איז דאָרטן ענג אָן יידן. ער גייט אַוועק קיין פֿראַנקרייך און פֿון דאָרטן ווייטער, קיין אַרגענטינע. ער זעט ווי פֿון זיין מלאכת־הקודש, פֿון זיין טעאַטער־שפּילן, ווערט אַ מלאכה־בזויה — ער דאַרף פּעדלען מיט טעאַטער־בילעטן און דערנידעריקט ווערן פֿון יעדן „סטאַר" וואָס קומט אַראָפּ קיין ב. איירעס — קומט ער אָן קיין טשילע, אין 1953. ער קויפֿט דאָרטן אָפּ די איינציקע יידישע דרוקעריי ביי די גיסערס, וואָס זיינען עולה געווען קיין ישראל, נאָך מ. ד. גיסערס טויט.

מ. ליפּמאַן האָט אין זיין לעבן געשפּילט אַ סך ראָלן, נאָר אין טשילע, די שווערסטע. דער באַוווסטער, אויפֿטועריש‏ער אַקטיאָר און רעזשיסער, איז פֿאַראוואַנדלט געוואָרן, די לעצטע פֿיר יאָר זיינע, אין אַ פּשוטן, גרויען, אומבאַקאַנטן יידן.

די דאָזיקע ראָל האָט ער אויך גוט אָפּגעשפּילט, מיט סטאָיציזם. מען האָט אים קיין מאָל ניט געהערט זיך צו באַקלאָגן אויף זיין מזל, אָדער ריידן וועגן זיין אַמאָליקער גרויסקייט.

ער איז געווען באַזונדערס אַרבעטסזאַם ביי זיין נייעם פֿאַך, לויט זיינע יאָרן נאָך (עטלעכע און זעכציק), און די פֿרייע צייט האָט ער אָפּגעגעבן זיין פֿאַמיליע און זיין היים.

ער האָט ליב געהאַט צו פּוצן זיין דעפּאַרטאַמענטל און תמיד ביי עפּעס זיך מתעסק צו זיין.

זייער זעלטן פלעגט ער אויפטרעטן מיט אַ רעציטאַציע, אָדער אַ פאָרלייענונג אויף אַ קולטור־אָוונט, איינגעאָרדנט פון פאַרבאַנד פון פוילישע ייִדן.

צו יענער צייט איז געווען טעטיק אין טשילע דער „הזמיר", דיריגירט פון בערנארד פייער, און עלטערע מענטשן, שיינע באַלעבאַטים, האָבן געזונגען אין כאָר, צוזאַמען מיט זייערע זין.

איצט האָבן מיר, אַ גרופּע אַלטע געוועזענע ליבהאָבער פון ייִדישן טעאַטער, זיך גענומען אויפצופירן אַ פּיעסע פון ביזבערגן, אונטער ליפּמאַנס רעזשי. איך, וואָס האָב שוין צוואנציק יאָר ניט באטראָטן די טעאַטער־ברעטלעך, בין אויך געווען צווישן דער גרופּע. די פּאָרלעזונג פון דער פּיעסע און די פונאַנדערטיילונג פון די ראָלן, איז פּאָרגעקומען ביי אלישבע ראַבינאָוויטש אין הויז.

די שוועריקייטן האָבן זיך גלייך ארויסגעוויזן ביי די ערשטע רעפּעטיציעס. זיי פלעגן זיך ענדיקן זייער שפּעט און יעדערער פון די ליבהאָבער האָט געווינט אין אַן אַנדער געגנט פון דער שטאָט. זיי זיינען שוין ניט געווען די וואָס אַ מאָל — יונג און מיט אמביציע צום שפּילן — איז די חברה צעקראָכן געוואָרן.

אין מאי 1957 איז פּלוצלינג ליפּמאַן געשטאָרבן.

אויף אים האָט מען געקאָנט זאָגן: מה לך פה ומי לך פה, כי חצבת לך קבר — וואָס האָסטו דאָ און וועמען האָסטו דאָ איבערגעלאָזן וואָס דו האָסט דאָ אויסגעהאקט דיין קבר צופוסנס פון די אייביקע שניי־בערג, פון דעם ווייטן טשילע, אז פון דיין לעבן האָסטו דאָרטן איבערגעלאָזן נאָר קאַרגע פיר ניט קיין אָנזעעוודיקע יאָרן, און קיינעם ניט פון דיין משפחה?

לאָמיר זיך אומקערן צוריק צו ביזבערגן.

זיין ערשט בוך איז דערשינען אין 1939, אַ באַנד דערציילונגען און דראַמען אונטערן נאָמען „נייע היימען".

זיין שפּעטערדיק בוך, „שבת יום־טובדיקע ייִדן", אַרויסגעגעבן פון דעם פאַרבאַנד פון פוילישע ייִדן אין אַרגענטינע, איז אַ געזאַנג פון אַ דור און אויך דאָס געזאַנג פון ביזבערגס נשמה.

זיין מאָנאָגראַפיע וועגן דעם ד"ר ירחי, איז אַ יקר־המציאות. נאָר אַזאַ נשמהדיקער שרייבער ווי ביזבערג, אַ מענטש וואָס טראָגט אַ האַרץ פול מיט ליבע צו דעם צווייטן, האָט געקענט אַזוי ווארעם

שרייבן וועגן דעם לעגענדאַרן דאָקטער־מלאך, ווי דאָס איז געווען דער ד״ר ירחי.

פּ. ביזבערג איז געווען געראָטן אין זיין טאַטן. זיין טאַטע, ניט קוקנדיק וואָס ער איז שוין לאַנג געווען אין די פּעדערן און האָט שוין אין דער פרעמד געהייסן סאוועי נאומאָוויטש, האָט נאָך אַלץ אין הארצן געדינט גאָט ווי שבתאי נחומס.

זיין טאַטע האָט אויף אים געהאַט אַ שטאַרקע השפעה. ער האָט אים ניט געצאַמט מיט יידישקייט, נאָר געגומען מיט דעם.

ביזבערג האָט זיין יידישקייט געטראָגן מיט אַ לייכטן געמיט.

אַ סך האָט ער געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין רבין, מענדל לאַסקער. ער האָט מיט אים ניט סתם געלערנט, נאָר אים געגעבן צו שפּירן דעם טעם פון דער תורה.

אַז דער רבי זיינער באַשטעלט אים צו קומען לערנען, קאַיאָר, טרעפט ער אים אַ ריין־געטובלטן.

ער זעצט זיך מיט אים ניט אַוועק אויפן באַנק קנעלן, נאָר פירט אים אַוועק צווישן די גראָזן, צו הערן די שפּראַך פון די פויגל און צו באַוווּנדערן גאָטס גרויסקייט.

ביזבערג פאַרמאָגט נאָך אַ סך מאַנוסקריפּטן, אַ ראָמאַן „אויף אַרגענטינער ערד״, אַ ראָמאַן פון דייטשישן לעבן, פאַר היטלערס קומען צו דער מאַכט (ער האָט אין דייטשלאַנד געשטודירט) און אייניקע דראַמען.

זיין שעפערישקייט איז איבערגעריסן געוואָרן אין מיטן דערינען, מיט אַ יאָר עלף צוריק, דורך אַ מוח־פאַראַליזש, וואָס האָט אים פּלוצלינג אַטאַקירט אין מיטן זיין טעטיקייט. דאָס האָט געטראָפן אין 1956, אין סאַנטיאַגאָ.

מיר האָבן אַלע געציטערט איבערן לעבן פון פּ. ביזבערג, נאָר אַ דאַנק די מסירת־נפשדיקע איבערגעגעבנקייט פון זיין פרוי, די לערערין בעלאַ ביזבערג, לעבט ער נאָך ביזן היינטיקן טאָג. אָבער זיין ליטעראַרישע טעטיקייט האָט זיך אָפּגעשטעלט.

נאָך דעם ווי ביזבערג האָט צוריק באַקומען זיין עקזיסטענץ־פעיקייט, איז ער עולה געווען קיין ישראל, אין דער באַגלייטונג פון זיין פרוי און זיין טאָכטער תמרה, וואָס איז אויך געווען אַ לערערין.

ביזבערג לעבט דאָ אין ישראל, אַן עלנטער און אלייניקער, שטיל. פריער האָט ער געוווינט צען יאָר אין דעם קבוץ עין־השלשה, ווו זיין

טאָכטער און איידעם זיינען געווען חברים, און דעם לעצטען יאָר איז ער מיט זיין משפחה אין ירושלים.

* * *

אין אויגוסט 1954, האָט איליאַ ערנבורג באַזוכט טשילע. זיין באַזוך איז געווען אַ פּריוואַטער. ער איז געווען דער גאַסט פון דעם דיכטער פּאַבלאָ נערודאַ.

איך בין געווען אזוי איבערגענומען מיט דעם גורל פון די יידישע שרייבער אין ראטנפארבאנד, אַז איך האָב ביי דער געלעגנהייט געמוזט אָנשרייבן אַן עפנטלעכן בריוו, סיי צו דעם סאָוועטישן שרייבער פון יידישער אָפּשטאַמונג, סיי צו דעם באַרימטן דיכטער פון טשילע.

די סאַמע רעפּרעזאַנטיווסטע און פיינסטע יידישע שרייבער פון רוסלאַנד, זיינען שוין לאַנג געלעגן צעשאָסענע און פאַרפּייניקטע אין די תפיסות פון דעם „סאָציאַליסטישן" פאָטערלאַנד. אָפיציעל האָט מען נאָך דאַן וועגן דעם ניט געוווסט. עס איז נאָך דאַן ניט געווען קיין „ראזרעשעניע" אויף צו מעגן שרייבן. אָבער די יענע וועמען עס האָט אויף אַן אמת וויי געטאָן דער גרויליקער פאַרברעכן וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן דעם געוויסן פון דער וועלט, האָבן געשריען — זיי האָבן געוואלד־געשריען.

אויך איך האָב אין דעם בריוו צו ערענבורגן און צו נערודאַן בלוטיק געשריען, אַלס אַ מענטש און אלס ייד.

מיך האָט גאָך מערער וויי געטאָן פאַר די וואָס מאַטערן זיך אין די תפיסות, ווי פאַר די יענע וואָס זיינען שוין באַפרייט געוואָרן דורכן טויט.

האָט איר שוין געהערט אַ גרעסערע פּיין ווי בעסער וועלן אויסצוגיין אין די הענט פון אייער „מלאך־הגואל" איידער דערשטיקט צו ווערן אין זיין לופט ? !

דעם דאָזיקן שוידערלעכן פּיין האָבן דורכגעמאַכט די שרייבער וואָס האָבן שוין אויסגעהויכט זייערע גלויביקע נשמות און זיינען דערשטיקט געוואָרן פון די שאלקהאַפטיקע, פערפידע רייד פון זייערע „ריכטער", די מלאכי־המוות אין די בלוטיק־רויטע טאָגעס, און סיי די וואָס האָבן נאָך געלעבט און געבעטן אויף זיך דעם טויט, איידער צו זען אַזאַ „בעסערע" וועלט פון „צדק און אמת".

מיין בריוו צו די דאָזיקע צוויי באַרימטע שרייבער — וואָס דאַרפֿן פֿאַרשטעלן מיט זיך דעם גייסט פֿון דער וועלט — האָט געקענט אויפֿרייסן אַ טויטן — אָבער זיי זייגען געבליבן שאַ־שטום, ווי זיי האָבן גאָרניט געהערט. מאלע וואָס אַ יידל פֿארגייט זיך דאָרטן פֿון ווייטיק און פֿון שרייען נאָך גערעכטיקייט!

איך האָב נאָך מלמד־זכות געווען אויף ערענבורגן — אל תדון את הברך עד שתגיע למקומו — אפֿשר? אפֿשר האָט ער איינגענומען שטומע־ניש מחמת דעם פּחד פֿאַרן טויט?

אָבער דו, גרויס באַרימטער דיכטער פּאַבלאָ נערודאַ, וואָס דיין נאָמען און דיין דיכטונג איז צעטראָגן געוואָרן איבער קאָנטינענטן, איבער פֿאַרשיידענע לענדער, אין אַלערליי לשונות, דו וואָס דו ביסט פֿריי, דו וואָס דו ביסט געשטאַנען אַזוי אָפֿט ביי דיין סענאַטאָרישן שטענדער אין דעם טשילענער פּאַרלאַמענט און האָסט געפּאָדערט די רעכטן און די גערעכטיקייט פֿאַר די טשילעגער מענטשן, ווו ביסטו? ווו איז דיין געוויסן און ווי אַזוי קענסטו שטיל־שווייגן נאָכן באַקומען אַזאַ בריוו פֿון אַ טשילענער יידישן בירגער?

איך וואָלט דאן געווען צופֿרידן, ווען ער זידלט מיך כאָטש אָן, ווען ער לייקנט אָפּ מיינע רייד, ווי אַ בלבול־מאַכעריי קעגן דער גערעכטיקייט־ליבנדיקן לאַנד׳ — אָבער גאָרניט ענטפֿערן — דאָס איז געווען אַ פּראָפּאַגאַנדאַציע פֿאַר אים, פֿאַר דעם מענטשן פֿון גייסט, און אַ געפֿערלעכע אַנטוישונג פֿאַר מיר, וואָס האָט זיך יאָרן געקענט מיט דעם טשילענער דיכטער.

דער אָפֿענער בריוו איז נאָך דעם פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן סיי אין יידיש, סיי אין שפּאַניש, אין פֿאַרשיידענע אויסגאַבעס פֿון דרום־אמעריקע, און פּנחס ביזבערג איז אַרויס מיט אַ רירנדיקן אַרטיקל: „אַ בריוו וואָס האָט ניט באַקומען קיין ענטפֿער״.

## די נבואה פֿון מאַיאָ־קליניק־דאָקטער איז מקויים געוואָרן

מיין מאָגן־געשוויר האָט מיך געמאַטערט מיין גאַנצן לעבן, נאָך פֿון דעם ייִנגלינג־עלטער אָן. עס זייגען געווען צייטן וואָס איך פֿלעג אָפּליגן אין בעט גאַנצע חדשים.

איין מאָל בין איך אַזוי אָפּגעלעגן פֿיר מאָנאַטן, אַז איך האָב נאָך דעם, חדשים לאַנג, ניט געקענט רירן מיט דער רעכטער האַנט. איך האָב זיך אַלץ ניט געוואָלט אָפּערירן.

אין 1956 איז מקוים געוואָרן דאָס פֿאָרויסזאָגן פֿון דעם דאָקטער פֿון מאַיאָ־קליניק — איך האָב מער ניט געקענט פֿאַרנעמען קיין שפּייז און אָן עסן קען אַ מענטש ניט לעבן.

מיין הויז־אָדקטער, משה בראָדסקי, אַ געבוירענער אין טשילע, און נאָך אַ פֿריינד „פֿון די גוטע יאָרן״, ווען מיר האָבן ביידע געהערט צו דעם זעלבן פּאָליטישן לאַגער, האָט מיר געעצהט זיך צו אָפּערירן, און אויף אים האָט מען זיך געקענט סומך זיין. ער איז מיר געבליבן דער זעלבער גוטער פֿריינד ווי אַמאָל, כאָטש איך האָב אויפֿגעהערט צו גיין מיט אים אין דעם זעלבן „שטיבל״. ד״ר משה בראָדסקי איז געווען די ערלעכקייט אַליין און האָט מיט זיין מעדיצינישער קענטעניש געדינט דעם מענטשן, אָן איבעריקע אייגן־נוצן.

איך האָב באַשלאָסן אים צו פֿאָלגן. אגב, האָב איך ביי זיך געהאַט אָפּגעמאַכט זיך צו אָפּערירן, ווען עס וועט קיין אנדער ברירה ניט זיין.

די לעצטע צען טעג פֿאַר דער אָפּעראַציע בין איך קינסטלעך דערנערט געוואָרן.

מיין איינציקער חלום איז דעמלט געווען מען זאָל מיר אויף אַ ווילע באַפֿרייען פֿון דער גומענער קישקע אין האלדז און נאָך צו פֿאַרזוכן אין מיין לעבן אַ טרונק וואַסער. דער געשמאַק פֿון וואַסער האָט מיר געלאָקט מער ווי דאָס לעבן אַליין.

ד״ר בראָדסקי האָט מיר געהאַט געשיקט אין אַ שפּיטאָל ווו ער האָט מיטגעאַרבעט. איך האָב אָבער דאָרטן ניט געקענט פֿאַרטראָגן דעם טומל, צוליב מיין אָפּגעשוואַכטקייט, און פֿאַרלאַנגט ביי מיין פֿאַמיליע מען זאָל מיך אַריבערפֿירן אין אַ פּריוואַטער קליניק — אין דער בעסטער וואָס טשילע פֿאַרמאָגט, אין „קליניקא סאַנטאַ מאַריאַ״. זאָל די שוועל צווישן לעבן און טויט כאָטש זיין אַ גאָלדענע.

עס האָט מיך אָפּערירט דער שעף פֿון דער דאָזיקער קליניקע, דער אָפּשטאַמיקער פֿון שפּאַניער, ד״ר מאַרטינעס.

דעם דאָזיקן דאָקטער וועל איך קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן. ניט נאָר האָט ער מיר אומגעקערט דאָס לעבן, מיט זיין געניטן מעסער, נאָר אויך מיט זיין מענטשלעכער באַהאַנדלונג.

די אָפּעראַציע האָט געדויערט אַ פֿיר שעה, און זי איז געלונגען.

עס פאַרשטייט זיך, אז די נאָכווייענישן זיינען געקומען שפּעטער און האַלטן נאָך אפשר אָן עד־היום. פּאַרט אַ פאַרלאַטעטער בגד.

נאָך דעם ווי איך האָב שוין געהאַט געשפּירט די פינגער פון מלאך־המוות אויף מיין האלדז, האָב איך גענומען טראַכטן ווי מען דרייט זיך אַרויס פון די הענט פון מיינע געשעפטן.

ביז ווי לאַנג וועל איך זיי דינען? און ווען וועל איך אליין לעבן? רייזן? שרייבן? זיין פריי?

איך בין נאָך דאַן ניט געווען קיין זקן — אַרום זיבן און פופציק יאָר. אָבער ווער ווייסט דען ווען עס זיינען די זיבעציק יאָר פון איינעם. אַ מאָל זיינען זיי נאָך פריער.

ביי נאַכט, אין די האלב־שלאָפיקע, האַלב־וואַכיקע שעהן, פלעג איך שפּירן ווי גאַנצע שטויסן סחורה זיינען אָנגעוואלגערט אויף מיר. היינט דער עול פון די פאַרפּליכטונגען! תמיד האָט זיך מיר געדוכט אַז איך וועל זיי ניט קענען אַנטקעגנקומען. און בכלל, צו וואָס צו וואָס דאָס אַלץ? אַלץ צוליב דער מאָגערער עקזיסטענץ?

ווייל עד־היום בין איך געבליבן דער זעלבער ישיבה־בחור. איך ווייס ניט וואָס דאָס איז אַזוינס לוקסוס און וועל דאָס קיין מאָל ניט קענען נעמען. און פאַר וואָס קומט דאָס מיר? ווען אנטקעגן מיר, אין גאַראַזש, ווו איך גיי אַ מאָל אַריין ריידן טעלעפאָניש, זע איך ווי די שומרטע גיט אַ זעץ איבערן קאָפּ, מיט רוגזה, איר צוויי־יעריק מיידעלע, הלמאי זי האָט גענאַשט אַ זופּ מילך, שריינעדיק אויף איר, צי ווייסט זי ניט אַז דאָס מילך איז פאַרן קינד? (דאָס קינד איז געווען אַ זויגלינג פון אַ פּאָר חדשים).

און אין עטלעכע חדשים אַרום, אין אָנהויב 1957, האָב איך זיך גענומען צו ליקווידירן מיינע געשעפטן.

סוף 1957, צו 58 יאָר, בין איך שוין געווען אַ פרייער מענטש.

אין דעם זעלבן יאָר, אין 1957, האָט דער פירער פון די ישראל־קאָמוניסטן, אַדאָלף בערמאַן, באַזוכט טשילע.

ער איז געקומען צו די פּראָגרעסיווע יידן פון דאָרטן, דורכצופירן עפּעס אַ זאַמלונג.

די יידישע פּראָגרעסיווע באַוועגונג (קאָמוניסטישע), איז ניט געווען קיין באַוועגונג, נאָר איז געלעגן אַ פאַרחלשטע. זי האָט ניט געהאַט קיין כח, ניט צו גיין ווייטער און ניט זיך צוריקציען. זי האָט נאָך געלעבט מיטן כח פון אינערציע.

דאָס איז געווען נאָך כרושטשאָווס וידוי וועגן סטאַלינס „מעשים־טובים״.

איך בין פאַר די לעצטע זיבן יאָר נישט געקומען אין קיין שום קאָנטאַקט מיט דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, נאָך ווייניקער באַזוכט זייער אַן אונטערנעמונג. נאָר ווען א. בערמאַן האָט דאָרטן אויפגעטראָטן, האָט עס מיך אַ צי געטאָן, גיין הערן וואָס זאָגט אַ פאָרשטייער פון מק״י — פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ישראל, וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט דעם נאַציִשן שוידער אין פּוילן.

וואָס האָט בערמאַן געזאָגט?

הוילע סתירות.

אויף די ווענט פון דעם זאַל ווו ער איז אַרויסגעטראָטן, זיינען געהאנגען די לאָזונגען: „ניט פאַרגעסן און ניט מוחל זיין!״

און געדרשנט האָט ער טאַקע קעגן די נאַציס.

נאָר ווי עס איז געקומען צו רוסלאַנד, האָט דאָס זעלבע מויל גערופן צו פאַרגעסן.

— אַז עס טרעפט אַן אומגליק ביי יידן און אַ נאָענטער מענטש שטאַרבט, זיצט מען אָפּ שבעה און מען פאַרגעסט, מען לעבט ווייטער. ביז ווי לאַנג וועלן מיר איבערחזרן צו ווייגען און באַקלאָגן זיך אויף אונדזערע פאַרלוסטן און עוולות, וואָס מיר האָבן געהאַט אין ראַנטספּאַרבאַנד? — גענוג! מיר זיינען שוין אָפּגעזעסן שבעה. לאָמיר ווייטער גיין דאָס לעבן אַנטקעגן. דאָס זיינען געווען בערמאַנס רייד.

די דאָזיקע רייד און זיין טעאַטראַלעווען מיט אַ פּאָר רויטע, קינדער־רישע שיכלעך, וואָס ער האָט געבראַכט פון אַ לאַגער און האָט זיי מיטגעפירט אין זיין רייזע־רעגצל, האָבן מיר ניט געלאָזט צו רו, און איך האָב געמוזט מאַכן עטלעכע צווישנרופן.

מיינע צווישנרופן האָבן אָנגעשטעקט נאָך אַ פּאָר צענדליק מענטשן, וואָס זיינען ניט געווען פון די פּראָגרעסיווע, נאָר די נייגעריקייט האָט זיי אַהין געבראַכט, און דער אָוונט האָט געהאַלטן ביים אויפגעריסן ווערן.

די פּאָר מענטשן פון פּרעזידיום האָבן זיך גענומען בעטן, מען זאָל אָפּוואַרטן ביזן סוף. מען וועט עפענען אַ דיסקוסיע.

עוזר טרעגער וואָלט ביי אַן אַנדער געלעגנהייט געשלאָגן מכות־רצח, אַז בלויז וואָלט זיך געגאָסן, נאָר צוליב רעספּעקט פאַר מיר, צוליב זיין שוואַכקייט צו מיר, האָט ער זיך געהאַלטן אין דער מעלה.

דער סוף איז געווען, אַז נאָך בערמאַנס דרשה האָט מען קיין פרייע דיסקוסיע ניט געעפנט.

ד"ר בערמאַן האָט זיך ניט באַמערקטערהייט אַרויסגעשאַרט פון זאַל, אַרומגערינגלט מיט אַ גוואַרדיע פון זיינע נושאי־כלים.

# מיין צווייטע רייזע אין די פאַראייניקטע־שטאַטן

אין נאָוועמבער 1957, האָב איך געמאַכט אַ רייזע, אין באַגלייטונג פון מיין פרוי, איבער אַרגענטינע, בראַזיל, די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע.

דער הויפּטמאָטיוו פון יענער רייזע איז געווען דאָס טרעפן זיך מיט מיין שוועסטער פראדל, וועמען איך האָב שוין ניט געהאַט געזען אַ 34 יאָר, און וועלכער עס האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצורייסן פון די היטלעריסטישע נעגל, צוזאַמען מיט איר מאַן און אירע צוויי טעכטער. דעם 15־טן דעצעמבער 1957 האָט דאָס געזאָלט זיין די התונה ביי איר יינגערער טאָכטער.

אין בראַזיל בין איך אַ פּאָר טעג געווען דער גאַסט פון מיין אַן אַלטן חבר, יעקב בערזאָן, מיט וועמען איך האָב אַ מאָל געאַרבעט צוזאַמען אין איין פּאָלקסשול, אין 1922, אין בראַסלאוו.

פון דאַן אָן זייגען שוין פאַרביי 35 יאָר. מיר האָבן זיך צעשיידט אין אונדזערע אָנהויב צוואַנציקער יאָרן, און איצט טרעפן מיר זיך אין דער עלטער פאַר די זעכציקער. מיר דאַרפן זוכן איינער ביי דעם אַנדערן דעם אַמאָליקן, יונגן חבר.

מיין חבר האָט דורכגעמאַכט שווערע יאָרן אין בראַזיל, פאַר זיין איינגעעקשנטן ווילן צו לעבן פון אייגענער מי. ער האָט עקספּערימענטירט איבער זיין אייגענעם לעבן און דעם לעבן פון זיין פרוי און קינדער, מיט קאָלאָניזאַציע, ניט האָבנדיק דערצו ניט קיין דערפאַרנקייט און ניט קיין מעגלעכקייטן. ער האָט אַזוי אָפּגעקעמפט ביי דער קאָלאָניזאַציע, ביי אַ צענדליק יאָרן, קעגן דער האַרטער נאַטור, און האָט זיך צום סוף אומגעקערט צו זיין אַלטן פאַך, צו לערעריי.

ווי אַ ליבקגעשטימטער פון זיין פריער יוגנט אָן אַרבעט ער אַלס

לערער אין דער דאָרטיקער יידישער שלום־עליכם מיטלשול, אָנגעפירט פון די פּראָגרעסיווע יידן.

ווי אין גאַנץ דרום־אַמעריקע, אַזוי אויך אין בראַזיל, זייַנען די פּראָגרעסיווע יידן גאַנץ פייַן אַרויפגעאַרבעטע, אָבער די השגות פאַר צאָלן אַ לערער זייַנען ביי זיי קלייַנע. מייַן חבר בערזאָן לעבט זייער אַ באַשיידענעם לעבן, נאָך נאָר דערצו מיט אַ ווונד אין הארצן, וואָס עס איז פון זייַנע אידעאַלן און חלומות געוואָרן.

פאַר דער צייט וואָס איך האָב אים ניט געזען, האָט ער זיך דערוואָרבן פאַרשיידענע געווויגהייטן, וואָס האָבן מיר געפלעפט — צווישן זיי צו לערנען יעדן טאָג אַ בלעטל גמרא — אין דער זעלבער צייט וואָס ער איז נאָך געווען לערער אין דער שלום־עליכם־שול.

אין די פאָר טעג וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין ריאָ דע זשאַניירא, בין איך געווען דער גאַסט פון דעם דאָרטיקן יידישן שרייבער־קרייז, און זיך באַקאַנט סיי מיט די שרייבער, סיי מיט די קולטור־מענטשן וואָס דרייען זיך ארום ארום זיי.

די מסיבה פאַר מיר איז פאָרגעקומען אין דעם הויז פון דעם פּראָזאַיקער ה. שוואַרץ. לויט דעם אויסזען פון זייַן שטוב, האָט מען געקענט זען אַז דער בראַזיליאַנער יידישער שרייבער לעבט ניט פון זייַן פען, נאָר פון די מסחרים וואָס ער פירט, ווי די איבעריקע דאָרטיקע יידן.

איך האָב אויך באַוויזן צו זייַן אין בראַזיל דער גאַסט פון מייַן אַ נייעם פרייַנד, פון דעם דיכטער משה ראָלניק. מ. ראָלניק איז געווען אין טשילע, אין שליחות פון דער יידישער ענציקלאָפּעדיע, וואָס דער „ציקאָ" האָט פאַרשפּרייט.

פאַר דער צייט וואָס מ. ראָלניק איז געווען אין טשילע, האָט ער זיך דאָרטן דערוואָרבן און אייַנגעקויפט אַ סך גוטע פרייַנד, צווישן וועמען אויך איך בין געווען.

ראָלניק האָט מיט זייַן שליחות אויך אָנגעשפּאַרט קיין בראַזיל און דאָרטן האָט ער זיך צוגעקוקט, אַז האַנדלען מיט ערד־שטחים איז אַ בעסערער עסק ווי צו פאַרשפּרייטן יידישע ספרים.

ער האָט שוין דאַן געהאַט אַ זייער עלעגאַנטן אָפיס אין צענטער פון ריאָ, און געוווינט האָט ער אין דער אַריסטאָקראַטישער געגנט פון שטאָט — ביים ברעג פון ים.

איך האָב דעמאָלסט באַוווּנדערט דעם שטאַרקן ווילן פון אַ מענטשן.

מ. ראָלניק האָט חתונה געהאַט אין פראַנקרייך, מיט אַ ספרדישער פרוי. זי האָט אים געבוירן צוויי טעכטער, און סיי זיין פרוי, ווי ביידע זיינע טעכטער, האָבן גערעדט יידיש.

עס איז געווען צו באַוווּנדערן זיין דריי יעריקע טעכטערל, וואָס האָט מיט דער דינסט, דער נעגעריןֹ, גערעדט פּאָרטוגעזיש, און מיניה וביה איז זי צום טאַטן אַריבער אין יידיש.

* * *

אין 1958 האָב איך זיך באַקאַנט, אין די שטאַטן, מיט אַ סך נייע שרייבער און זשורנאַליסטן, צווישן זיי דעם פּאָעט נ. מינקאָוו.

מינקאָוו איז דאַן געווען זייער אָפּטימיסטיש וועגן יידיש.

איך האָב זיך פאַר אים באַקלאָגט וועגן דער שלעכטער מערכה פון יידיש אין דער גאַנצער וועלט. איך האָב גערעדט וועגן דאָס פאַלן פון יידיש אין צפון־אמעריקע, אַז פאַר די קאַרגע צוואַנציק יאָר וואָס איז אַוועק פון מיין ערשטן באַזוך אין דעם דאָזיקן לאַנד, איז פאָרגעקומען אַ גרויסער שינוי, אַז דאַן האָט מען געהערט יידיש אין די גאַסן, אַז אין סאָבווייַ פלעגן פאָרן יידן מיט אויסגעשפּרייטע יידישע צייטונגען אין די הענט און אַז איצט הערט מען אין די גאַסן און אין סאָבווייַ מערער שפּאַניש ווי יידיש.

מינקאָוו האָט מיר באַרויִקט און דערציילט וועגן זיינע 600 תלמידים אין דעם אוניווערסיטעט, ווו ער איז געווען פּראָפעסאָר. ער האָט מיר דערציילט, אַז צווישן זיינע תלמידים פון יידיש געפינען זיך אויך אַ פּאָר נעגערס, און וועגן יידישע יונגעלייט, וואָס האָבן אַ פּרינציפּ מיט אַ יידן נאָר צו ריידן יידיש.

געוויינטלעך קומט עס ניט צו יענע גוטע צייטן, ווען דער יידישער פּאָליציסט פלעגט אויף איסט סייד אָפּשטעלן דעם פאַרקער פאַר דער כאַליאַסטרע פון די יידישע פּאָעטן, וואָס האָבן דאָרטן דורכגעקרייצט די גאַסן:

— מאַכט אַ וואַרע פאַר דער יידישער פּאָעזיע! — פלעגט זיך פאַר זיי אויסציִען דער יידישער פּאָליציסט.

צום באַדויערן איז פאַר מיר געווען גרעסער דער צער, ווען איך האָב זיך אין אַ פּאָר טעג אַרום, אין אַ טריבן אין דרויסן, ווען דער

מענטש פילט זיך אין דעם גרויסן ניו־יאָרק אַזוי עלנט און איינזאַם — דעירוווסט וועגן טויט פון דעם דיכטער נ. מינקאָוו.

אַנדערש איז דער ווייטאָג ביי אַ מענטשן ווען ער דערוויסט זיך סתם פון דעם טויט פון אַ יידישן שרייבער און אַנדערש פון אַזאַ וועלכן ער קען און האָט אָקאָרשט מיט אים אַזוי האַרציק און בניעמות־דיק־געמיטלעך געשמועסט.

דער זשורנאַליסט ש. בייקער, וואָס האָט אין ביאַליסטאָק געהייסן בעקער און איז נאָך דאָן יונג געווען, האָט פאַרדינט די מצווה פון הכנסת־אורחים און האָט מיר געוויזן די געביידע פון דער „אונאָ" און נאָך אַ שטיקל אַמעריקע.

ל. פאָרעם האָט — ווי ער אַליין האָט זיך אויסגעדריקט — מיר געוויזן די אנדער אמעריקע — די ליכטיקע.

אין דער פרעמד דאַרף מען תמיד האָבן אימיצן, וואָס זאָל דיר באַווייזן, כדי דו זאָלסט קענען זען.

איך ווייס ניט מיט וואָס איך האָב גושא חן געווען ביי פאָרעמען, וואָס ער האָט מיר אַוועקגעשענקט אַזוי פיל צייט.

ל. פאָרעם איז אָנגעקומען זייער יונג אין אמעריקע. ער האָט אין די שטאַטן פאַרזוכט דעם טעם פון לערנען אין אן אוניווערסיטעט, אָבער דאָך איז ער געבליבן פאַרוואָרצלט אין יידיש.

ער פלעגט שרייבן ראָמאַנען און וועגן טשיקאַווע, אויסטערלישע פּראָצעסן, אין „פאָרווערטס".

ער האָט דאָן געהאַט זיינע פּראָבלעמען פון דערציען א זון, זייענדיק אַליין.

ער איז געווען אַ שטיקל צייט אין מעקסיקע און גערעדט אַ גאָר פיינעם שפּאַניש.

ער איז געזעסן אין ניו־יאָרק מיט פאַרבונדענע פליגלען און זיך געריסן אין דער ברייטער וועלט אַריין.

דערווייל האָט ער זיך אין אַ קורצער צייט אַרום, פאַרדרייט מיט אַ ביכער־געשעפט אויף דער צווייטער עוועניו, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו גרשון באדער און שפּעטער צו איינעם אַ דיכטער, וואָס האָט אויך רעדאַגירט אַ ליטעראַרישן זשורנאַל, ווו ער פלעגט דריקן זיינע לידער (און די לידער פון זיין פרוי).

דער ביכער־געשעפט האָט פאָרעמען געהאַלטן צוגעבונדן און ער האָט זיך פון אים געריסן. עס האָט אים געצויגן צו די מרחקים.

אין דעם דאָזיקן געשעפט זיינען געווען אַ סך ביכער וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין משך פון אַ לאַנגער צייט. צווישן זיי אוניקומס און זעלטענע כתבֿ־ידן.

עס האָט געדאַרפט נעמען אַ סך צייט, כדי נאָר צו וויסן וואָס דאָרטן געפינט זיך.

מיט פּאָרעמען האָב איך געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ, עטלעכע יאָר.

ווען איך האָב זיך געטראָפן מיט אים אין ניו־יאָרק, אין 1960, האָט ער מיר געוואָלט פאַרקויפן אַ טייל פון זיינע ביכער, פאַר שפּאָט ביליק, כדי איך זאָל דאָס איבערפאַרקויפן אין טשילע.

וואָס וואָלט איך אָבער געטאָן מיט זיי אין טשילע?

אים האָט ניט אַזוי אינטערעסירט דער מסחר מיט די ביכער, ווי די נייגעריקייט צו וויסן וואָס דאָרטן געפינט זיך.

ער פלעגט מיר אין זיינע בריוו שרייבן וועגן זיין בענקשאַפט צום וואַנדערן, און מיר תמיד צוגעזאָגט צו באַזוכן. ער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט פאַר וואַנדערן איבער די דרום־אַמעריקאַנער לענדער.

איך האָב שפּעטער געהערט, אַז ער האָט דאָך באַזוכט טשילע, נאָר איך בין שוין דאָרטן ניט געווען.

חיים פּעט האָט ביי מיין צווייטן באַזוך אין ניו־יאָרק זיך אַרומגעפירט מיט מיר, פּונקט ווי בעת מיין ערשטן. ער פלעגט תמיד זוכן מיט עפּעס־וואָס מיר צו מהנה זיין.

ער איז שוין דאַן געווען אַ מענטש אין דער צווייטער העלפט פון די פופציקער.

ער האָט געלעבט אַליין — ביי אַ שוועסטער.

אַ מאָל איז ער געווען אַ לעדער־אַרבעטער.

איצטער האָט ער זיין אַרבעט אַוועקגעוואָרפן און אַרומגעטראָגן זיינע ביכער צו פאַרקויפן.

חיים פּעט האָט עפּעס אָן זיך געטראָגן אַ באַהאַלטענעם עלנט און האָט געליטן — איך ווייס ניט פאַר וואָס — פון עפּעס אַ מין שולד־געפיל.

אָפט מאָל פלעגט ער זיך אליין זידלען, מיט די ערגסטע ווערטער:

— אַז איר ווייסט גאָרניט, חבר פילאָווסקי, וואָס פאַר אַ פאַרברעכער איך בין, אַ פּשוטער אויסוואורף...

* * *

איך בין אויך ביי מיין צווייטן באַזוך אין צפון־אַמעריקע, וואַרעם אויפגענומען געוואָרן פון דער דאָרטיקער יידישער פּרעסע. איך פלעג אַרויפקומען אין די דאָרטיקע צייטונגען זיך טרעפן מיט אייניקע מיטאַר־בעטער וואָס איך האָב געקענט פון פריער, פון פאַרשיידענע געלעגנהייטן, און זיך באַקאַנט מיט נייע.

בעת איך בין אויף דער דאָזיקער רייזע דורכגעפאָרן אַרגענטינע, האָט מיר דער רעדאַקטאָר פון דעם דאָרטיקן קינדער־זשורנאַל „אַר־גענטינער ביימעלעך“, ז. מאַזור, געבעטן איך זאָל זיך טרעפן מיט יצחק באַשעוויסן.

ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט שוין צו אים געשריבן אַ בריוו, פאַרשטעלנדיק מיר, און אים געבעטן ער זאָל מיר ווי געהעריק אויפנעמען.

ז. מאַזור איז געקומען קיין אַרגענטינע אַלס יונגער בחורל און האָט זיך לכתחילה גענומען צו דער „יידישער פּרנסה“, צום „קלאַפּן“.

ער האָט אָבער מיטגעבראַכט מיט זיך, אין זיין יונגן האַרצן, די ליבשאַפט צו יידיש און צו דער יידישער ליטעראַטור. ער איז געקומען פון קאַטוז בערעזאַ, ווו ער איז דורכגעגאַנגען אַ יידישע וועלטלעכע דערציונג. ער האָט אַליין געפּרוווט אויף דער קינדער ליטעראַטור, מיט אַ לידל, אָדער אַ קינדער מעשהלע.

ער איז געווען דער מחבר פון אַ ביכל קינדער־מעשהלעך, מיט אַ גאַנץ פיינעם הומאָר, און האָט אין משך פון אַ פּאָר צענדליק יאָר אַרויסגעגעבן זיין קינדער־זשורנאַל, מיט אַ פיינעם געשמאַק, סיי אין זיין קאָמפּאָזיציע און סיי אין זיין עסטעטישן אויסזען.

ז. מאַזור איז צו יענער צייט געווען דער סעקרעטאַר פון דעם אַרגענטינער יידישן שרייבער פאַראיין אויפן נאָמען פון ה. ד. נאָמבערג.

פאַר מיין צווייטער רייזע קיין צפון־אַמעריקע האָט באַשעוויס געהאַט באַזוכט אַרגענטינע, אויף דער איינלאַדונג פון דער ב. איירעסער קהילה.

פאַר די פּאָר חדשים וואָס באַשעוויס האָט פאַרבראַכט אין אַרגענטינע, איז ז. מאַזור געווען זיין נושא־כלים.

ער האָט פאַרלאָזן זיינע פערזענלעכע טווּנגען און זיך אָפּגעגעבן מיטן גרויסן גאַסט — ווי דאָס זיינען געוווינט צו טאָן די דרום־אַמעריקאַנער יידן. ז. מאַזור האָט באַשעוויסן אומעטום באַגלייט, סיי אין ב. איירעס גופא, סיי אויף דער פּראָווינץ.

באַשעוויס האָט דאָס געזאָלט מיט עפּעס־וואָס קאָמפּעסירן מאַזורן פאַר זיין איבערגעגעבנקייט, און איך האָב דאָס געזאָלט פון אים, אין דעם זכות, אויפגענומען ווערן, און מיטנעמען מיט זיך וואָס ער וועט מיר געבן פאַר מאַזורן.

איך בין אַריין אין „פאָרווערטס" און זיך דערפרעגט אויף באַשעוויסן.

ער האָט פאַרנומען אַ גאַנץ געראָמען אָפיס, ווו ער האָט געאַרבעט.

איך האָב זיך פאָרגעשטעלט פאַר אים.

באַשעוויס שווייגט.

ער האָט מיר אַפילו ניט אָפּגעגעבן דעם יידישן, טראַדיציאָנעלן שלום־עליכם און ניט געבעטן זיצן. ער קוקט אויף מיר און שווייגט. וואָס ער טראַכט ווייס איך ניט. מסתמא האָט ער באַשלאָסן צו קוקן אויף דעם דאָזיקן דרום־אַמעריקאַנער יידן פון אויבן אַראָפּ.

דאָס איז געווען באַשעוויסעס אויפנעמען מיר, און זיין הכנסת־אורחים.

איך בין צוגעטראָטן צום ענין — וועגן דער מתנה פאַר מאַזורן.

עס איז געווען די רייד וועגן אַ טראַנזיסטאָר. איך בין מסכים געווען צו נעמען אַזאַ, אָבער פון קליינעם פאָרמאַט.

איך האָב זיך גיך אָפּגעטראָגן פון זיין ביורא, און אים געזאָגט, ער זאָל זיך פאַרבינדן מיט מיר טעלעפאָניש.

אין טעלעפאָן זייענען מיר אויך ניט דורכגעקומען צווישן זיך. ער איז דווקא באשטאַנען אויף צו שיקן אַ גרעסערע ראַדיאָ, און איך האָב זיין פאָרשלאָג קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן, און מיט דעם האָט זיך געענדיקט מיין באַקאַנטשאַפט מיט איינעם פון די גרעסטע פּראָזאַיקער ביי יידן — אָדער מיט דעם גרעסטן — ווען איך האָב דאָס קיין מורא ניט צו זאָגן, צוליב אַנדערע יידישע פּראָזאַיקער.

צו זיין דער פוסק אחרון וועגן דעם בין איך טאַקע ניט קיין אויטאָריטעט, אָבער דאָס רעכט צו זאָגן מיין מיינונג האָב איך.

באַשעוויס איז דער מייסטער צו דערציילן דאָס לעבן אין זיין פּליסן, אין זיין גיין — אין זיין אוממיטלבאַרקייט. ער איז דער עושר פון אַ שפע יידיש און דער באַלעבאָס פון אַ סאָלידן יידישן וויסן. ער איז דער יידישער שרייבער, וואָס קען דאָס לעבן מיט אַ ברייטן פאַרנעם. איך בין אים אַפילו מוחל דאָס אַריינפירן שדים־טענץ אין זיין שרייבן.

עס איז אויך ניט ריכטיק, אַז ער זינדיקט אין שילדערן דעם

סעקס אויף אַן איבערגעטריבענעם אופן. די תאווה פון סעקס, איז אַ סך שטאַרקער ווי וועלכער עס איז שרייבער קען דאָס שילדערן. אגב קומען זיינע שילדערונגען וועגן סעקס אַרויס פון אינעווייניק, פון דעם מענטשנס איבערלעכן דראַנג, און איז ניט קיין נאַקעטע, וואָס וואָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גראָבער פּאָרנאָגראַפיע.

מיין גרעסטע אָנערקענונג פאַר באַשעוויסן דעם שרייבער, מיין גרעסטע באַוווּנדערונג פאַר אים. איך דאַנק אים און לויב אים אין מיין האַרצן, יעדעס מאָל וואָס איך געניס פון זיינע שאַפונגען, אָבער איך וועל אים קיין מאָל ניט מוחל זיין פאַר זיין אויפפירונג. נאָך אלעמען גייט ער ניט אַרום אויף גאָטס ערד מיט דעם שרייבער־צייכן אויפן פּנים. ער גייט דאָך אַרום אויף דער וועלט, ווי אַ מענטש צווישן מענטשן, דאַרף ער וויסן די תורה ווי זיך צו באַגעגענען מיט זיי און ניט אַנטוישן זיי אין דעם שרייבערישן באַרוף זייערן.

נאָך אַלעמען איז דאָך טאַלאַנט ניט קיין זאַך וואָס דער מענטש דערוואַרבט עס מיט אייגענער מי, נאָר ער באַקומט עס ווי אַ געטלעכן געשאַנק. דער קינסטלער קען נאָר אַרבעטן איבער זיין טאַלאַנט, און פאַרן איבערטראָגן גאָטס מתנה צו די בני־אדם באַקומט ער זיין לוין — זיין פרייזונג און לויבונג. ער גיט אים אָבער ניט דאָס רעכט צו ווערן „אויס מענטש".

טאַלאַנט איז אַ ברכה, אַ זכות, אָבער ניט קיין יחוס, עס איז ניט קיין זאַך צוליב וואָס מען דאַרף זיך גרויס האַלטן. אגב־אורחא איז דאָס גרויס האַלטן זיך אַ סימן פון קליינער השגה. דאָס באַווייזט אַז צו דעם באַגריף פון דעם גרויסהאַלטער דערגייט ניט דער געדאַנק, אַז עס קען נאָך זיין אויף דער וועלט עפּעס העכער פון אים.

איך האָב דאַן אָנגעשריבן אַ בריוו צו מאַזורן וועגן מיין באַגעגעניש מיט באַשעוויסן און אים געשילדערט, ווי אַ פיש, וואָס איז שטום, קאַלט און גליטשיק.

מאזור האָט זיך ניט געפּוילט און אים איבערגעגעבן מיין מיינונג וועגן אים.

באַשעוויס האָט זיך נאָך דעם פאַרענטפערט פאַר אונדזער אַ בשותפותדיקער באַקאַנטער, פאַר דער שרייבערין שרה האַמער־זשאַקלין, מיט וועלכער איך האָב זיך נאָך געקענט פון בוענאָס־איירעס, אַז איך מאַך אַ טעות.

אין „פאָרווערטס" האָב איך זיך באַקענט מיט כאַנינען. כאַנין איז יאָרן לאַנג געווען דער קולטור־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג.

די קאָמוניסטן האָבן אים תמיד פאַרשריען פאַר אַ פינצטערן רעאַק־ציאָנער, און דאָ האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אַ האַרציקן און סימפּאַטישן מענטשן, וואָס גייט אייך אַנטקעגן.

ער האָט מיר באַהאַוונט מיט דעם גאַנג פון אַרבעטער־רינג און האָט מיר באַקענט מיט אַ סך טעטיקייטן וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן „פאָרווערטס".

איך האָב געוואָלט דורכמאַכן אַ געזונט־אונטערזוכונג, און כאַנין האָט מיר רעקאָמענדירט צו אַ גוטן דאָקטער, פון דער קליניקע ביי דעם אַרבעטער־רינג.

נאָך דער גענויער אונטערזוכונג האָט מיר דער דאָקטער, אַ זון פון אַ ווילנער עמיגראַנט און אַ גוט יידיש־דערציגענער פון דער היים, מיר אָפּגעגעבן דעם באַריכט — ניט אָן הומאָר — פון זיין אונטערזוכונג, אין אַ ווילנער יידיש געמישט מיט אַ ביסל שפּאַניש וואָס ער האָט געקענט, אַז מיין געזונט־צושטאַנד איז אַ צופרידנשטעלנדיקער.

— דו קענסט לעבן 93 יאָר (וואָס עפּעס 93?) — האָט ער מיר געזאָגט — דאַרפסט נאָר ניט זיין פעט. אַראָפּוואַרפן וואָג. צו וואָס דאַרפסטו שלעפּן אַן איבעריקע משא?

— ווי טוט מען דאָס, דאָקטער? וואָס פאַר אַ דיעטע גיט איר מיר? וואָס קען איך עסן און וואָס ניט?

— אַלץ. דו מעגסט אַלץ עסן — האָט דער דאָקטער געענטפערט.

— אָבער ווי אַזוי?

— דו מעגסט עסן פון אַלץ, נאָר אַ העלפט.

עטלעכע חדשים נאָך דער אָפּעראַציע אויף דעם מאָגן־געשוויר האָב איך אָנגעהויבן צו ליידן אויף אַן אַנדער מחלה.

מיין פריינד, דער ד"ר בראָדסקי, האָט מיך אָפּגעשיקט צו אַ ספּעציאַליסט.

דער ספּעציאַליסט האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל קענען אויסמיידן דעם מעסער, אויב איך וועל דורכמאַכן אַ לענגערע, מעדיצינישע באַהאַנדלונג. איך האָב אים אָפּטער געגומען באַזוכן.

דער דאָזיקער דאָקטער האָט געהאַט אַ חסרון, וואָס ער האָט זיך געפירט אויפן אַלטמאָדישן שטייגער. ער פלעגט ניט באַשטימען

קיין שעהן פֿאַר זיינע פּאַציענטן, נאָר זיי צונעמען לויטן סדר פֿון זייער קומען.

אַרום צוויי אַ זייגער בייטאָג, פלעגן זיי זיך נעמען שיטן צו אים. ער פֿלעגט ערשט אָנקומען צו זיך אין ביוראָ 4 אַ זייגער נאָך מיטאָג, און געפינען זיינע צענדליקער פּאַציענטן, וואָס וואַרטן אויף אים.

עס פֿלעגט אַ סך מאָל טרעפן, אַז איך בין אַוועקגעגאַנגען צום דאָקטער אַ זייגער צוויי און זיך אומגעקערט ניין אַ זייגער אין אָוונט.

אַזוי ווי איך האָב זיך געלאָזט קאָנטראָלירן אין דער קליניק פֿון אַרבעטער־רינג האָב איך זיך דאָרטן שוין אויך געלאָזט אונטערזוכן פון דער דאָזיקער קראַנקייט.

דער אַמעריקאַנער ספּעציאַליסט פֿון אַרבעטער־רינג האָט אויסגעזען ווי אַ קצב, ניט ווי קיין דאָקטער, און ער פלעגט דורכפירן זיין אונטערזוכונג, וואָס פּאַרשאַפט ווייטאָקן, ברוטאַל.

איך בין אָבער געווען צופרידן פֿון זיין באַהאַנדלונג, וויבאַלד איך האָב געהערט פון אים, אַז עס איז מיר גאָרניט.

— איי די שטערונגען וואָס איך האָב, דאָקטער?

— דאָס איז גאָרניט. הוילע נערוון.

איך האָב שוין אין האַרצן, געזידלט און באַרעדט מיין טשילענער דאָקטער, אים חושד געווען אין שאַנטאַזש און געלט־צאַפּעריי.

עס איז אָבער ניט פֿאַרביי קיין יאָר, און איך האָב זיך איבערצייגט, אַז גערעכט איז געווען מיין טשילענער דאָקטער.

איך האָב שטאַרק גענומען ליידן פון דער קראַנקייט און צוויי פון די גרעסטע ספּעציאַליסטן פון סאַנטיאַגאָ האָבן מיר געראטן דורכצופירן אַן אָפּעראַציע.

איך בין נאָך געגאַנגען צו אַ דריטן דאָקטער, אַזוי צו זאָגן אַ בייטראַלן, וואָס האָט געוווינט אין וואַלפּאַראַיסאָ — און אים גייט דאָך ניט אָן, צי איך וועל זיך יאָ אָפּערירן, צי ניט, וואָרום אויב אַפּילו יאָ, וועל איך דאָך זי ביי אים ניט דורכפירן.

אויך דער דריטער דאָקטאָר, אַ מיליטערישער, האָט מיר געראטן דאָס זעלבע.

איך האָב זיך נאָך אַפילו מיט אים בעראַטן, ביי וועלכע פון די צוויי דאָקטוירים איך זאָל די אָפּעראַציע דורכפירן. איך האָב צו אים באַקומען צוטרוי, ווייל ער האָט מיר באַהאַנדלט ווי אַן איידל־מאַן.

פון די צוויי בעסטע ספּעציאַליסטן, האָב איך ניט געוווסט וועמען אויסצוקלייבן.

איינער — דער עלטערער פון זיי — איז געווען די איידלקייט אַליין, און דער צווייטער, מיט אַ צען יאָר ייִנגער פון דעם ערשטן, איז זיך באַגאַנגען טרוקן מיט זיינע פּאַציענטן, כּמעט ברוטאַל, אָבער מען האָט געמערקט אין אים דעם גוטן פאַכמאַן און די זעלבסטזיכערקייט.

דער מיליטערישער דאָקטער האָט צו מיר גערעדט, ווי ער וואָלט געטראַכט וועגן די דאָקטוירים דאָס זעלבע וואָס איך:

— פאַר מיר זיינען זיי ביידע גלייך. זיי קענען ביידע פּערפעקט זייער פאַך. נאָר איך וואָלט זיך דאָך געלאָזט אָפּערירן ביי דעם ערשטן, ווייל ער איז אַ זשענטלמען. דער צווייטער איז אַ שטיק כעסן, אַ פאַרריסענער.

איך האָב זיך געטראַכט, וואָס גייט מיר אָן דער כאַראַקטער פון דעם דאָקטאָר. איך דאַרף קוקן ווער עס קען בעסער שניידן, און אויסגעקליבן דעם ייִנגערן.

ערשט, אַז איך בין געקומען צום אָפּעראַציע־טיש, האָב איך געזען אַז דער מיליטערישער דאָקטער איז געווען גערעכט.

איך בין געלעגן אויסגעצויגן אויפן אָפּעראַציע־טיש.

דער אָפּעראַטאָר איז אַריינגעקומען.

איך האָב אים באַגריסט:

— גוט־מאָרגן, פּראָפעסאָר!

קיין ענטפער איז ניט געקומען.

— אַ מענטש ליגט אונטערן מעסער און קען אַ מאָל ניט אויפשטיין און זשאַלעוועט אים צו ענטפערן אַ גוט יאָר אויף זיין גוטמאָרגן!

איך בין באַגאַנגען נאָך אַ פעלער ביי דער אָפּעראַציע, וואָס איך האָב אָנגענומען אַ לאָקאַלע פאַרשלעפערונג, אַנשטאָט אַן אַלגעמיינע.

איך בין געלעגן די גאַנצע צייט פון דער אָפּעראַציע — ביי אַ דריי שעה — מיטן קאָפּ פאַרריסן אַהינטער און געקוקט אויף דער הינטערשטער וואַנט וווּ עס איז געהאַנגען אַ גרויסער קיילעכדיקער זייגער און געציילט די מינוטן.

פאַר מיר איז אַפילו דער סעקונדע־ווייזער געשטאַנען אויף אַן אָרט.

איך האָב געהערט ווי די ווייכעביינדעלעך אונטערן בויך, האָבן געטרעשטשעט, ווי בעת מיין מאַמע פלעגט מאַכן אַ הון אויף שבת. איך האָב אויך געהערט, ווי בעת דער אָפּעראַציע, האָבן זיך די געהילפס־

דאָקטוירים געוויצלט מיט דעם אַנעסטעזיע־דאָקטער, וואָס האָט געהייסן קאַסטראָ, צי האָט ער ניט קיין שייכות מיט דעם קובאַנער דאָקטער פידעל קאַסטראָ.

נאָך דער אָפּעראַציע, האָב איך זיך דווקא געפילט ווי אַראָפּצוגיין פון טיש און אַוועקגיין. אָבער ערשט שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן צו שפּירן די אַלע נאָכווייעגישן וואָס באַפאַלן דיר און דעם ניט גוטן געפיל, וואָס איך האָב געשפּירט, ווי מען וואָלט מיר געפּאַלמעסט.

איך בין שוין ווידער פאַרלאָפן דעם וועג. מיר האַלטן דאָך ביי מיין צווייטן באַזוך אין די פאַרייניקטע שטאַטן. טאָ לאָמיר ווייטער דערציילן. דאָס מאָל האָב איך אויך באַזוכט די שטאָט באָסטאָן.

איך האָב דאָרטן געהאַט אַן אינטערעס זיך צו באַקענען מיט צוויי שרייבער — מיט דעם פאָלקס־שרייבער און דיכטער דניאל טשארני, און מיט דעם פּראָפעסאָר א. א. ראָבאַק, וואָס ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער איז געקומען אַלס זיבן־חדשימדיק קינד קיין מאָנטרעאָל, איז דאָך יידיש געוועזן ביי אים זיין נשמה־שפּראַך.

פּראָפ. א. א. ראָבאַק האָט געהאַט אַ קאַטעדרע פאַר פּסיכאָלאָגיע אין קעמברידזשער אוניווערסיטעט און האָט דאָרטן אויך איינגעפירט אַ יידישע ביבליאָטעק.

ער פלעגט שרייבן וועגן יידישער ליטעראַטור און זיך אָפּגעבן מיט יידישער שפּראַך־פאָרשונג. ער איז געוועזן דער מחבר פון „די אימפּעריע פון יידיש" און אנדערע ביכער. אים איז מערער אָנגעגאַנגען זיך צו מתווכח זיין אין דער יידישער פּרעסע וועגן אַן ענין פון יידיש־פאָרשונג, און אָפּצוענטפערן זיינע קעגנער, ווי זיך צו פאַרנעמען מיט זיינע וואָגיקע ביכער איבער פּסיכאָלאָגיע, וואָס זיינען איבערזעצט געוואָרן אין פאַרשיידענע שפּראַכן, אַריינגערעכנט יאַפּאַנעזיש.

איך האָב אים באַזוכט אין אַ זונטיקדיקן טאָג. זיין אַרבעטס־צימער איז געוועזן פאַרוואָרפן מיט בריוו און דאָקומענטן, וואָס נאָר ער אַליין האָט זיי געקענט אָפּגעפינען און צוקומען צו זיי.

די גאַנצע צייט פון אונדזער שמועס האָט ער גערעדט מיט פאַר־דרוס קעגן זיינע קריטיקער און מיר באַוויזן ווי אומגערעכט זיי זיינען. ער האָט דעמאָלסט געהאַט אַרויסגעלאָזן עפּעס אַ בראָשור, ווו ער האָט זיך אָפּגערעכנט מיט זיינע קעגנער.

ער האָט מיר געפירט ווייזן דעם קעמברידזש־אוניווערסיטעט פון דרויסן, ווייל עס איז געוועזן זונטיק.

איך בין ניט געווען פרעמד דעם פראָפ. א. א. ראָבאַק. ער האָט אַמאָל עפּעס געהאַט געשריבן וועגן מיין אַ בוך.

פון דעמאָלסט אָן האָט זיך פאַרבונדן אַ קאָרעספּאָנדענץ צווישן אונדז.

דניאל טשאַרני האָב איך באַזונדערס געוואָלט באַזוכן, ערשטנס ווייל ער האָט יאָרן לאַנג געלעבט אין אַ סאַנאַטאָריום, און צווייטנס, ווייל ער איז געווען נאָענט צו מיין געמיט, ווי אַ מענטש, אין זיין שרייבן.

עפּעס האָב איך לייענענדיק טשאַרנין, אָנגעשלאָגן מיט אים אַ נאָענטן, היימישן קאָנטאַקט, און זיינע שרייבערישע רייד זיינען דערגאַנגען צו מיין האַרץ.

איך האָב זיך פאָרגעשטעלט — פון זיין אויטאָביאָגראַפישע באַשרייבונגען — אַז איך וועל זיך אָנטרעפן מיט אַ נוטה־למות, מיט אַ נעבעכדיקן, מוטלאָזן יידן, וואָס האַלט זיך קוים אויף זיינע פיס.

איך האָב זיך געהאַט אָנגעלייענט אין זיינע ביכער, וועגן אַלע זיינע מחלות וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין זיין לעבן, וועגן דער שווערער האָדעוואַניע וואָס זיין מאַמע האָט דורכגעמאַכט מיט אים. כדי אים צו דערהאַלטן ביים לעבן, וועגן אַלע שפּעטערדיקע, שווערע קראַנקייטן, אַז איך האָב דערוואַרט צו דערזען פאַר זיך אַ שאָטן פון אַ מענטשן. ערשט איך קום אַריין אין דעם צימער וואָס ער האָט געהאַט אין דעם באָסטאָנער סאַנאַטאָריום — און איך דערזע פאַר זיך אַ שלאַנקן, שטאַלטנעם, הויכן, ברונעטן מאַן, מיט פלאַמיקע אויגן, אַ פולן מיט הן, וואָס האָט אויסגעזען יינגער פון זיינע יאָרן.

פון לייענען ד. טשאַרניס מעמואַרן האָט איר געוווּסט, אַז ער האָט זיך אַ גאַנצן לעבן געראַנגלט מיטן מלאך־המוות, אַז ער האָט אַרויסגעריסן יעדן טאָג פון זיינע הענט.

אַז איר האָט דערזען טשאַרנין אין לעבן, איז ער געווען טשאַרני דער דיכטער, דער מענטש וואָס האָט געליבט און געזונגען לידער צום לעבן, אַ מענטש וואָס האָט געלעבט זיינע טעג גאַנצע, ניט קיין צעבראָכענע.

איר האָט דערזען פאַר זיך דעם טשאַרנין וואָס האָט געשריבן ראָמאַנען — און זיי געפירט — אַ מענטשן וואָס האָט ליב יעדער רגע פון לעבן, און האַלט דאָס לעבן טייער.

טשאַרני איז מיטגעגאַנגען דעם מאַרש פון די גערעכטע, אַזוי אין

1905, אַזוי אין 1917, אָבער אַז ער האָט דערשפּירט אַז ער ווערט צעדריקט אין דעם דאָזיקן מאַרש, האָט ער זיך אַרויסגעדרייט פון זייגע רייען און איז אַוועק קיין דייטשלאַנד.

פּונקט ווי ער האָט געהאַט דעם מזל צו באַזיגן די אַלע מחלות וואָס זיינען אים באַפאַלן, אַזוי האָט זיך אים אויך איינגעגעבן זיך אַרויסצובאַקומען פון אַלע פּאָליטישע מגפות מיט וועלכע די וועלט איז געשלאָגן געוואָרן.

אין 1933 איז ער אַוועק פון דייטשלאַנד קיין פּאַריז, און אין 1940 באַוויזט ער צו פאַרלאָזן די שטאָט פון ליכט, פאַר דער פינצטערער, היטלערישער אינוואַזיע און קומט אָן קיין אמעריקע.

אין דעם פרייען אמעריקע איז אים אויסגעקומען צו לעבן אין געפאַנגענשאַפט — אין דעם שפּיטאָל־צימער פון סאַנאַטאָריום אין באָסטאָן.

זיין בעט איז געווען איינגעטיילט אין דרייען — אויף דעם קישן האָט זיין קאָפּ גערוט. צו פוסנס האָט ער איגסטאַלירט אַ מין ביבליאָטעק, וווּ עס זיינען געלעגן אָנגעלייגט גאַנצע שטויסן מיט ביכער, וועלכע ער האָט דערהאַלטן פון דער גאַנצער וועלט. ער האָט די ביכער געלייענט און געשריבן וועגן זיי — און בריוו, בריוו, בריוו.

און אין מיטן איז זיין האַרץ געווען וואַך פאַרן לעבן.

אין באָסטאָנער שפּיטאָל האָט טשאַרני געפירט דעם רעגיסטער פון דער יידישער ליטעראַטור, און צו פיל איז אים אויסגעקומען אָפּצומעקן אין זיין פנקס די אַוועקגייענדיקע שרייבער.

ער האָט ניט אויסגעזען ווי קיין זקן. אַלץ אין אים האָט עס אָפּגעלייקנט, זיין באַוועגן זיך, זיין אויסדריקלעכער פּנים, זיין קאָפּ וואָס איז נאָך געווען באַדעקט מיט געגנוג טונקעלע האָר, זיין מונטערע, לעבעדיקע באַריידעוודיקייט — אַלץ — איבערהויפּט זייגע אויגן.

אין סאַנאַטאָריום איז ער איבעראַל געווען פּול. דאָ האָט ער אויסגעטייטשט עפּעס אַן עלטערן יידן — אַ סאַנאַטאָריום־ברודער — אַ שווערן שטעל אין אַ ספר, דאָ האָט ער זיך געוויצלט מיט דער „ניורס", און דאָ האָט ער, דער 71־יעריקער טשאַרני, גאָר באַזוכט די 17־יאָריקע איטאַליענערין, וואָס איז געווען אַ שוועסטער צו זיין קראַנקייט.

ער האָט אין זיין שפּיטאָל־צימער פאַרמאָגט אַ גאַנצע קאָלעקציע

פון שפּילצייג — מענטשעלעך, חיות, פויגעלעך און אנדערע ברואים.
ער פלעגט צעשרויפן זייערע געדערים און זיי לאָזן אין גאַנג.

זיין פאַנטאַזיע האָט זיך דערביי צעשפּילט און דאָס האָט אים פאַרייגעדרט — פאַרייגלט קען מען זאָגן. דאָס איז געווען אַזאַ האָבי ביי אים און אים אַרויסגענומען פון זיין עלנט.

איך האָב אים — נאָך מיין באַזוך אין באָסטאָן — פון טשילע צוגעשיקט אַ פּאָר „הואַסאָס" (טשילענער פעלדמענטשן, אָנגעטאָן אין זייער טראַכט), — אַן ער און אַ זי, וואָס טאַנצן אַ „קועקאַ" (אַ טשילענער, נאַציאָנאַלן טאַנץ).

דורך די פענצטער פון זיין שפּיטאָל, האָט ער צו זיך אַרויסגערופן טויזנטער ליבע געשטאַלטן, וואָס ער האָט אין זיין לעבן באַגעגנט, און דאָס האָט אויפגעהאַלטן זיין חיות.

ער פלעגט טאָן אַלץ קעגן די מעדיצינישע פאָרשריפטן, געטרונקען איין שוואַרצע קאַווע נאָך דער אַנדערער, און ניט אַרויסגענומען דעם ציגאַרעט פון זיין מויל.

עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געווען אימוניזירט קעגן טויט.

ווי עס ווייזט אויס האָט אים דער מלאך־המוות געכאַפּט בעת ער האָט געהאַט היסח־הדעת.

* * *

אין ברוקלין האָב איך דאָס מאָל געזען אַ שול פון 5.000 תלמידים — דאָס רוב יידישע.

די איבעריקע זיינען געווען פון אַלע פעלקער, אַריינגערעכנט אויך נעגערס.

אין דער דאָזיקער שול האָבן די שילער געהאַט דאָס רעכט אויסצוקלייבן העברעיש, אַלס איינע פון די פרעמדע שפּראַכן וואָס דער תלמיד איז מחויב צו לערנען.

פון איבער 3.000 יידישע תלמידים, האָבן קוים 200 אויסגעוויילט צו לערנען העברעיש.

איך האָב באַזוכט דעם לערער־סאַלאָן. ניט קיין יידישן לערער האָט איר דאָרטן כמעט ווי ניט געפונען.

איך האָב אין די פאַראייניקטע שטאַטן דאָס מאָל באַגייט מיין אַלטע באַקאַנטשאַפט צווישן שרייבער און זיך דערוואָרבן נייע פריינד.

איך בין געווען דער גאַסט ביי „נוסח־ווילנע״, אויף אַ פּורים־אָוונט.

דער סעקרעטאַר פון „די צוקונפט״ צו יענער צייט, דער פּעדאַגאָג ח. פּופּקאָ, האָט מיר פאַרגעשטעלט פאַרן עולם. דאָרטן זיינען געווען א סך מענטשן, וואָס האָבן מיר געקענט פון מיין קינדהייט און האָבן געקענט מיין משפּחה.

ח. פּופּקאָ אַליין האָט געוווינט אין שכנות פון אונדז, און זיין פאָטער, אביגדור פּופּקאָ, איז געווען דער גבאי און דער יום־טובדיקער בעל־תפילה פון דעם זעלבן קלויז ווו מיין פאָטער איז געווען רב.

לעבן מיר איז געזעסן חיים גראַדע. איך האָב אים געקאָנט פון לייענען, סיי זיין דיכטונג, סיי זיין פּראָזע.

מיט אַ פּאָר טעג פריער, פאַר דעם אָוונט, בין איך צופעליק געווען אין די בראָנקס ביי מלכה לי און זיך דערוווסט, אַז ניט ווייט פון איר וווינט חיים גראַדע. איך בין געגאַנגען זיך באַקענען מיט אים, און אים אין שטוב ניט געפונען.

דאָרטן, ביים טיש, אין לאָקאַל פון אַטראַן־הויז, האָט מיר אָפּגענומען דער חשק צו שליסן באַקאַנטשאַפט מיט אים.

אַלע מיינע טיש־שכנים, האָבן גאָך דעם ווי פּופּקאָ האָט מיר פאָרגעשטעלט, זיך פאַראינטערעסירט מיט מיר, מיך גענומען פרעגן וועגן טשילע, וואָס פאַר אַ לאַנד איז דאָס, ווי זעט אויס איר באַפעלקערונג, וויפל יידן לעבן דאָרטן — און נאָר גראַדע זיצט אַן אָנגעבלאָזענער, ווי אים גייט קיין זאַך ניט אָן.

אין אַ פּאָר יאָר אַרום, האָבן מיר זיך געטראָפן אין טשילע. דער דאָרטיקער יידישער ישוב האָט אים איינגעלאַדן צו האַלטן אייניקע פאָרלעזונגען.

דאָרטן איז ער שוין געווען, גאָר אַן אַנדער מענטש. ער האָט מיר, ביים באַגעגענען זיך, געזאָגט אַפילו, אז ער האָט געקענט מיין פאָטער ז״ל.

דאָס מאָל זיינען שוין אין ניו־יאָרק מער ניט געווען די פריערדיקע ליטעראַרישע קאַפעען, און די שרייבער משפּחה פלעגט זיך אָפט טרעפן אין „אַטראַן־הויז״, ווו עס איז אויך געווען אַ רעסטאָראַן.

דאָס „אַטראַן־הויז״ איז אַ קולטור־היים און טראָגט דעם נאָמען פון אַ געוועזענעם יידישן אַרבעטער מיט דעם זעלבן נאָמען, אַטראַן. ער האָט דאָס די דאָזיקע שטוב אַוועקגעשאָנקען פאַר די צוועקן וואָס זי נוצט.

אין „אַטראַן־הויז״ געפינען זיך, דער אַרבעטער קאָמיטעט, דער „ציקאָ״, „די צוקונפט״, דער ביכער־פאַרלאַג ביים „ציקאָ״ א. א.

אַ סך מענטשן פון מיין משפחה, האָב איך שוין דאָס מאָל ניט געטראָפן. זיי זיינען אַוועק אויף דעם וועג ווו אַלע גייען אַוועק מיט דער צייט. די אַלע פעטערס מיינע, וואָס איך האָב געטראָפן בעת מיין פריערדיקן באַזוך, זיינען שוין מער ניט געווען.

פון דער פינף־חדשימדיקער רייזע וואָס איך האָב דעמאָלסט געמאַכט, האָב איך פאַרבראַכט עטלעכע וואָכן אין קאַנאַדע.

מיין שוועסטער, וואָס האָט התונה געמאַכט איר יינגערע טאָכטער, האָב איך שוין ניט געזען קיין 34 יאָר. עס פאַרשטייט זיך, אַז ווען איך טרעף זי אין גאַס, וואָלט איך איר ניט דערקאָנט. זי האָט געכאַפּט דעם אָנבליק פון עפּעס מיינער אַ באָבען, און איך האָב דערפילט די פאַמיליע־נאָענטקייט מיט איר.

אירע צוויי טעכטער האָבן געהאַט דאָס גליק, אַרויסצוקומען גאַנץ פון דעם היטלער־גיהנום, צוזאַמען מיט טאַטע־מאַמען זייערע.

די חתונה איז פאַרגעקומען לויטן טראַדיציאָנעלן צערעמאָניאַל, געמישט מיט מאָדערניזם. שבע ברכות זיינען געווען געפלאָכטן מיטן נוסח־סיאַלן מאַרש, און די כלה האָט זיך געדרייט אַרום דעם חתן, פונקט זיבן מאָל.

דער יידישער שרייבער פאַראיין אין קאַנאַדע, אונטער דעם פאָרזיץ פון מלך ראַוויטש, האָט מיך איינגעלאַדן אויף אַ פאָרלעזונג אין מאָנטרעאל.

איך האָב זיך דאָרטן באַגעגנט מיט מיינע אַמאָליקע פריינד, און בין ווידער אַ מאָל געווען דער גאַסט פון דער פאַמיליע, ביי וועלכער איך האָב געוווינט אין פאַלטאַווע.

די דאָזיקע פאַמיליע איז פאַר דער צייט רעדוצירט געוואָרן אין איר צאָל, און די מוטער אירע האָט דערגרייכט צו דער העלדישער עלטער.

איך פלעג אָפט אַריינקומען צו איידע מאזע. דאָס מאָל האָב איך זיך אויך מערער באַפריינדט מיט איר מאַן.

די מאזעס האָבן דאן געהאַט שווערע פאַמיליע־איבערלעבענישן.

איין זון, דער עלטערער, האָט זיך אומגעקערט פון דער צווייטער־וועלט־מלחמה, ניט קיין גאַנצער, און דער יינגערער זון זייערער, דער געראָטענער יאָסעלע, מיט וועמען מען האָט זיך געקאָנט בענטשן, דער איצטערדיקער יונגער פּראָפעסאָר פון קעמברידזש, האָט געהאַט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ פרעמדן ווייגאָרטן — ער האָט חתונה געהאַט

מיט אַ פּרעמדשטאַמיקער — ווי בייזע צינגער האָבן געמורמלט, פון גערמאַנישן יחוס.

די מאזעס האָבן שוין דעמאָלסט געוווינט אין אַ שענערער דירה, כאָטש זיי זיינען געבליבן „דיעד דאַ באַבאַ".

ביי זיי אין שטוב איז פאָרגעקומען פאַר מיר דער געזעגענונגס־אָוונט, אונטער דעם פאָרזיץ פון רחל קאָרן.

ווען איך בין אַרייַנגעקומען צו איידען אין זאַל און דערזען די סקולפּטור פון איר אין דער גאַנצער גרויס, בין איך איבערראַשט געוואָרן פון דער דערשיינונג. איידע מאזע איז געשטאַנען פאַר מיר, ווי אַ לעבעדיקע.

זי האָט דאָס באַמערקט, און צו מיר אַ זאָג געטאָן, שטיפעריש:

— אַ יאָ, חבר פּילאָווסקי, איך זע אויס אָריגינעל־מיאוס?

* * *

פון קאנאדע בין איך געפאָרן קיין שיקאַגאָ, זיך צו באַגעגענען מיט מיין מומע שיינען. דער פעטער איצל איז שוין ניט געווען צווישן די לעבעדיקע. עס איז געווען אַ יאָר נאָך דעם ווי מיין קוזין איסרקע איז געשטאָרבן אין עלטער פון עטלעכע און פופציק יאָר — דער טייערער און געטרייער זון פון מיין פעטער און מומען.

מיין פעטער איצל, וואָס איז בעת זיין זונס פאַרלאָזן די וועלט אַלט געווען אַרום 90 יאָר, האָט ניט געקענט אויסהאַלטן זיין צער, און איז אים נאָכגעגאַנגען אין עטלעכע חדשים אַרום.

מיין מומע שיינע, וואָס איז שוין אויך אַלט געווען איבער די אַכציק, האָט זיך — מיטן כח פון גלויבן אין גאָט און אין זיין גערעכטיקייט — נאָך געהאַלטן איבער 6 יאָר.

מיין מומע איז שוין געווען שטאַרק געבויגן פון אַלטקייט און פון די קלעפּ וואָס זי האָט באַקומען, אָבער גלייך אין איר שכל און אין איר אַקטואַציע.

זי האָט נאָך אין זיך געטראָגן אַ זכר פון איר אַמאָליקער, איידעלער שיינקייט.

אַז איר האָט גערעדט מיט איר דורכן טעלעפאָן, האָט איר פון יענער זייט טרייבל געהערט פאַר זיך דאָס יונגע קול פון אַ צוואַנציק־יעריקן מיידל.

ווען איר האָט מיט איר גערעדט פּנים אל פּנים, האָט איר געהערט פאַר זיך די קלאָרקייט פון אירע געדאַנקען, און איר זייט איבערצייגט געוואָרן אין דעם וואָס זי זאָגט.

אַחוץ דעם שווערן קלאַפּ וואָס זי האָט באַקומען מיטן פאַרלירן איר טייערן זון, איר שפּייזער און באַשיצער, אַחוץ וואָס זי האָט אָנגעוואָרן איר מאַן, מיט וועמען זי האָט געלעבט איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט, האָט זי אויך געליטן פון דער באַליידיקונג פון אירע קינדער. זיי האָבן איר, אַזוי צו זאָגן, מעביר־נחלה געווען.

אירע קינדער האָבן מורא געהאַט, אַז זייער מוטער וועט צעטרעגצלען דעם זונס געלט אויף „אירע״ זאַכן, זי זאָל ניט אַוועקשענקען אַ סך געלט אויף צדקה, אָדער פאַר אַרץ־ישראל.

* * *

פון שיקאַגאָ האָב איך זיך צוריקגעקערט קיין ניו־יאָרק.

איך האָב זיך דאָרטן אויסגעלעבט צווישן יידישע שרייבער און צייטונגס־לייט.

די דיכטעריין בערטאַ קלינג, וועמענס הויז עס האָט זיך דאַן גערעכנט פאַרן ליטעראַרישן סאַלאָן, האָט געהאַט צוגעגרייט אַן אויפנאַמע פאַר מיר, בעת מיין צוריקקערן זיך פון קאַנאַדע, אָבער צום שלימזל, האָב איך זיך פאַרקילט, צוליב דעם שטאַרקן ווינטער וואָס האָט געהערשט אין ניו־יאָרק און איך האָב באַקומען היץ. די מסיבה פאַר מיר איז פאָרגעקומען, אָבער אָן מיר.

איך בין אויך דאָס צווייטע מאָל בעת מיין באַזוכן ניו־יאָרק, ווי שפּעטער דאָס דריטע מאָל, געשטאַנען ביי מיין שוואָגער און שוועגערין דוד און יהודית רייפעל.

מיין שוועגערין איז צו מיר געווען גוט, ווי אַן אייגענע, געטרייע שוועסטער. איך בין קיין מאָל אין מיין לעבן ניט געגאַנגען אַזוי געפּוצט ווי אין דער צייט, וואָס איך בין ביי איר געשטאַנען. זי האָט זייער אַכטונג געגעבן, אַז איך זאָל זיין אָנגעטאָן מיט אַלע פּיטשעווקעס און איך זאָל אויסזען אמעריקאַניש. זי האָט אַמעריקע ליב געהאַט מיט איר גאַנצן האַרצן און מיט איר נשמה.

איך האָב יעדן טאָג געמוזט אָנטאָן אַ פריש־געפּרעסטע, ווייסע העמד.

מיין שוועגערין יהודית, איז געווען געטריי צו פרעמדע און צו אייגענע, און איר גרעסטע הנאה אין לעבן איז געווען צו טאָן עפּעס גוטס פאַר יענעם, כאָטש ניט אַלע האָבן איר מיט גוטס צוריקגעצאָלט.

* * *

אויף מיין צוריקרייזע פון די שטאַטן, האָב איך פאַרבראַכט אַ פּאָר וואָכן אין אַרגענטינע. איך האָב זיך דאָרטן געפילט, ווי אַן אייגענער מענטש. איך בין געווען דער גאַסט פון דעם אַרגענטינער יידישן שרייבער־פאַראיין און פון די דאָרטיקע יידישע אַקטיאָרן.

די דאָזיקע רייזע, וואָס האָט געדויערט פינף חדשים, האָט מיר געגעבן מאַטעריאַל צו שרייבן אַ גאַנצע סעריע איינדרוקן, וואָס איך האָב זיי געדרוקט אין פאַרשיידענע אויסגאַבן.

ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט אַהיים, האָב איך געהאַט דעם כבוד אויפגענומען צו ווערן אויף אַן עפנטלעכן מיטאָג, וואָס עס האָט געגעבן פאַר מיר, צוזאַמען מיט אַ געהויבענעם שותף — מרדכי שטריגלער — דער פרעזידענט פון דער צייטונג־אונטערנעמונג „דאָס יידישע וואָרט", יחזקאל פלאטאו.

מרדכי שטריגלער האָט באַזוכט טשילע צוויי מאָל, און ער איז שטענדיק אויפגענומען געוואָרן פון די דאָרטיקע יידן מיט אָפענע אָרעמס.

מרדכי שטריגלער צייכנט זיך אויס, מיטן ריידן דירעקט צום הארץ פון צוהערער. ער האָט די געהעריקע שפּראַך דערצו און נוצט אויס יידישע מקורות פאַר מאָדערנע טעמעס.

ער איז בכלל אַ מענטש וואָס אַרבעט כסדר אויף זיך, און זיינע רייד זיינען גוט דורכגעטראַכט און דאָקומענטירט.

קומענדיק אַהיים האָב איך זיך אַריינגעוואָרפן אין מיין געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט. איך בין דאַן געווען דער פרעזידענט פון פאַרבאַנד פון פוילישע יידן און דער ערן־פרעזידענט פון דעם בעסאַראַבער פאַראיין.

איך בין אויך געווען פאַרטראָטן אין אַנדערע אינסטיטוציעס. אַחוץ דעם, האָב איך דאַן רעדאַגירט די טשילענער יידישע וועכנטלעכע אויסגאַבע, „דאָס יידישע וואָרט".

אין דער דאָזיקער וואָכנבלאַט האָב איך אַריינגעלייגט אַ סך מי, און איך האָב דאָס געטאָן מיט אינערלעכער ליבשאַפט און צופרידנקייט.

איך האָב זיך תמיד באַמיט, זי זאָל אויסזען וואָס שענער און זי זאָל זיין וואָס בעסער.

איך האָב דאָרטן געדרוקט אַרטיקלען, כראָניקעס, נאָטיצן און אָפּהאַנדלונגען אונטער מיין נאָמען און אויך מיט פּסעוודאָנימען, מיט איניציאַלן, ווי אין גאַנצן ניט קיין אונטערגעשריבענע. אַחוץ דעם האָב איך פאַרעפנטלעכט אַ סעריע גייע דערציילונגען און מיניאַטורן, וואָס זיינען נאָך דעם דערשינען אין מיין בוך „טריט אויף דער ערד״.

* * *

אין 1958 האָט באַזוכט דעם טשילענער ישוב דער דיכטער אפרים אויערבאַך.

א. אויערבאַך איז אַן אָפּשטאַמיקער פון בעסאַראַביע, פון בעלז, און די בעסאַראַבער יידן האָבן ניט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט אים. פאַר די פאָר וואָכן וואָס ער האָט פאַרוויילט אין טשילע, איז יעדער טאָג געוועזן אַ יום־טוב. די בעסאַראַבער יידן האָבן אים ארויסגעוויזן זייער גאַנצע גאַסטפריינדלעכקייט, און ער האָט זיי געצאָלט צוריק, מיט ליבשאַפט, מיט דאנקבארקייט, מיט גוטע געפילן און מיט באַגעטער צוגעלאָזנקייט.

איך האָב זיך זייער באַפריינדט מיט א. אויערבאַך און מיט זיין פרוי חנה.

ער מיט זיין פרוי דערגאַנצן זיך איינער דעם אנדערן.

ער איז דער ריכטיקער בעסאראבער ייד, און זי איז אַ ליטוויטשקע.

איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו פאָרזעצן און נאָך מער פאַרשטאַרקן אונדזער קעגנזייטיקע פריידשאַפט מיט די אויערבאַכס, בעתן טרעפן זיך מיט זיי, עטלעכע חדשים אין 1960, אין תל־אביב. שפּעטער, דעם זעלבן יאָר, אין ניו־יאָרק, און אין 1963, ווידער אין תל־אביב, אין משך פון א גאַנצן יאָר.

אַ. אויערבאַך געהערט צו די אייניקע דיכטער און גייסט־מענטשן, וואָס גיבן צו כבוד זייער באַרוף. דער מענטש אויערבאַך, פאַרשעמט ניט אויערבאַכן דעם דיכטער.

איצט, די ערשטע טעג פון דעם יאָר 1968, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, געפינט זיך ווידער אַ. אויערבאַך אין ישראל. ער איז דער גאַסט פון דעם מדינה־פּרעזידענט, מר זלמן שזר.

אשרינו, צו וואָס מיר האָבן דערלעבט און זוכה געווען, אַז אַ יידישער שרייבער קען זיין דער אָפיציעלער גאַסט פון אַ פּרעזידענט פון א יידן־לאַנד, וואָס איז אַליין אויך אַ יידישער שרייבער און דיכטער.

# מיין 60־יעריקער יובל

דעם 29־טן דעצעמבער 1958, האָב איך געדאַרפט אַלט ווערן 60 יאָר.

דער טשילענער ישוב האָט מיך ווידער באַערט, צו דעם דאָזיקן יובל, מיט אַרויסגעבן מיין אַ בוך, „טריט אויף דער ערד", און מיט פּראַוועןן אַ פּאָלקס יום־טוב.

בראש פון דעם יובל־קאָמיטעט, איז דאָס מאָל געשטאַנען דער דעמאָלסטדיקער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע פון טשילע און ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור, ישראל פּאָלאַק.

סעקרעטאַר פון יובל־קאָמיטעט, איז געווען דער קולטור־טוער, שלמה באַכראַך, און די מיטבאַטייליקטע, שמואל גאָרען — ראַטגעבער פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע, ראָבערט לעווי — גענעראַל־סעקרעטאַר פון דעם רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט פון די יידן אין טשילע, יעקב מאָגדערער — פּרעזידענט פון וועד־החינוך, יחזקאל פלאטאו — פון דער אונטערנעמונג פון וואָכנבלאַט „דאָס יידישע וואָרט", שלמה וואַלדמאַן — פּאַרבאַנד פון די פּוילישע יידן, אלכסנדר מייליכסאָן — פּרעזידענט פון בעסעראבער יידן, נח וויטאַל — שרייבער קרייז, קאַרלאָס נערדאַן — פּרעזידענט פון די בוקאָווינער יידן, ראָסאַ שטיינסאַפּיר — פּרעזידענטין פון דער „וויצאָ" (מיינע אַ געוועזענע שילערין), גרעגאָריאָ גרעקין — פּרעזידענט פון ביקור־חולים, און דוד דובינאָווסקי — פּרעזידענט פון דער חברה־קדישא פון סאַנטיאַגאָ.

עס האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן אָן דעם דאָזיקן קאָמיטעט, דער שגריר פון מדינת־ישראל צו יענער צייט, מר אליעזר דורון.

אָן קיין שום טיטל, נאָר פון פּערזענלעכער, גוטער פריינדשאַפט צום מחבר, האָט צוגעלייגט אַ האַנט צו דער איניציאַטיוו און טעטיקייט פון

דעם דאָזיקן יובל־קאָמיטעט — אינקאָגניטאָ — מיין גוטער חבר אבא־משה ביטערמאַן.

א. מ. ביטערמאַן, האָט געטאָן אַ סך געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, איבערהויפּט אין זיין פּאַרטיי, פּועלי־ציון, אָבער זיין אַרבעט איז געגאַנגען ניט אויף זיין „קוענטא" און ניט אויף זיין נאָמען.

דאָס בוך איז דערשינען אין טשילע גופא, אין מערץ 1959, אין דער דרוקעריי פון „דאָס יידישע וואָרט", מיט פאָררעדעס פון דעם יובל־קאָמיטעט, פון פריינד ראובן כץ און פון דעם מחבר.

צום יובל־קאָמיטעט זיינען אָנגעקומען בריי אַ דרייסיק באַגריסונגען און אָפּהאַנדלונגען וועגן מיין שאַפן, פון אָנגעזעענע שרייבער און קולטור־מענטשן פון דרום און צפון־אַמעריקע.

דער יובל־קאָמיטעט האָט געהאַט באַשלאָסן אָפּצודרוקן די אַלע באַגריסונגען אין דעם בוך גופא, אָבער אויף מיין פאַרלאַנג, זיינען זיי דערשינען אין אַ באַזונדערע בראָשור, אויסערן בוך.

דאָס בוך „טריט אויף דער ערד" באַשטייט פון דערציילונגען און מיניאַטורן.

מיטן אַלט ווערן 60 יאָר, האָב איך אָנגעשריבן אַ גאַנצע סעריע מעריב־תפילות. צו איינעם פון די לידער, „פאַרמאַך די טיר", איז צוגעפּאַסט געוואָרן מוזיק, פון ח. יאַבלאָקאָוו.

אין 1958, האָב איך זיך געווענדט צום שגריר פון ישראל, אַז ער זאָל אויספּועלן פאַר מיר אַן איינלאַדונג צו באַזוכן ישראל.

אָנהויב 1959 האָב איך געגומען שפּירן די קראַנקייט, וועלכער דער אַמעריקאַנער דאָקטער פון אַרבעטער־רינג האָט איר אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, און האָב זיך געדאַרפט אָפּערירן.

איך בין געווען זיכער אַז איך וועל די רייזע־איינלאַדונג קיין ישראל באַקומען, ווייל דער ראַטגעבער פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע, שמואל גאָרען, האָט מיך געטראָפן אין גאַס און מיר אָנגעזאָגט: עס איז דאָ פאַר אייך אַ רייזע.

איך בין ניט געגאַנגען בעטן די אָפיציעלע איינלאַדונג. איך האָב געוואַרט אויף כבוד.

צוליב דער פאַרשטייענדיקער אָפּעראַציע און דער פלאַנירטער רייזע, וואָס צוזאַמען האָט דאָס געדאַרפט דויערן ביי אַ האַלב־יאָר, האָב איך זיך צוריקגעצויגן פון דער רעדאַקציע פון „דאָס יידישע וואָרט".

וועגן דער רייזע־איינלאַדונג קיין ישראל, וואָס קיינער האָט זיך

וועגן איר פריער ניט פֿאַראינטערעסירט און קיינער האָט פֿון איר ניט געוווּסט, האָבן מיט אַ מאָל גענומען פּרעטענדירן נאָך אַ פּאָר חברים.

די דאָזיקע חברים האָבן זיך געווענדט צום אַמבאַסאַדאָר פֿון ישראל, וועגן זייער פֿאַרלאַנג צו באַקומען די רייזע קיין ישראל.

דער שגריר פֿון מדינת־ישראל, האָט דעם ענין איבערגעגעבן צו דער רעדאַקציע־קאָלעגיע.

מען האָט געשמועסט וועגן אַן אָפּשטימונג.

ווי ביי יעדער אָפּשטימונג דאַרף מען האָבן אַ מערהייט, און די אויבנדערמאָנטע חברים האָבן גענומען באַאַרבעטן די מיטגלידער פֿון דער קאָלעגיע.

אַזוי פֿלעגן זיך אויף די זיצונגען פֿון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע, קוים צוזאַמענקומען אַ 4—5 חברים, אָבער ביי אַזאַ אָפּשטימונג זיינען געווען 13 (אַלע).

איך האָב אויף דער זיצונג פֿאָרגעלייגט, אַז מען זאָל ניט גיין צו קיין אָפּשטימונג, כּדי ניט צו צעשטערן דעם שלום־בית צווישן די חברים, נאָר מען זאָל וואַרפֿן גורל. דער זוכה־בגורל איז געווען נח וויטאָל.

די דאָזיקע רייזע איז באַשטימט געווען אויף אַרום אַפּריל פֿון 1959.

איך בין ביי זיך געווען זיכער דאָס איז פֿאָר קיין ישראל, אַז איך בין ניט געבליבן רויק, ביז איך האָב באַזוכט די יידישע מדינה.

# איך פֿאָר קיין ישראל

אין מערץ 1960, האָב איך זיך אַוועקגעלאָזן קיין ישראל, מיט אַ ציטער אין האַרצן — איך זאָל ניט פֿאַרלירן מיין איינציקע האָפֿענונג וואָס איז מיר נאָך פֿאַרבליבן אין לעבן.

די נסיעה גופֿא, אין זשעטן — פֿון טשילע ביז תּל־אביב — האָט געדויערט אַן ערך 30 שעה, אַחוץ אַ קאַרגן מעת־לעת וואָס מיר האָבן זיך פֿאַרהאַלטן אין אַמסטערדאַם. עס איז געווען כּדאַי אָנצוקוקן אַמס־

טערדאַם, צו באַטראַכטן די שטאָט, און אויך זען אייניקע ספרדישע שולן, אַ יידישע אינסטיטוציע און די ביז גאָר פיינע, האָלענדישע מענטשן, וואָס אין שנאה צו די דייטשן, שטייגן זיי אונדז, יידן, אַריבער.

וואָס נאָענטער צו ישראל, האָבן זיך די פּאַסאַזשירן אַלץ מער רעדוצירט צו די אָפּשטאַמיקע פון דעם יידישן פאָלק.

אין מינכען, האָבן מיר געביטן דעם אַוויאָן.

מיין פוס האָט ניט אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דעם לופטפּאָרט.

איך האָב זיך געמיאוסט און געאסרט צו טרעטן אויף דייטשישער ערד.

עס האָט מיך געהידושט די זשעדנעקייט פון די יידישע פּאַסאַזשירן, וואָס זיינען באַפאַלן די סטאַנדן פון דעם לופטפּאָרט אין מינכען, כדי אַריינצוכאַפּן וואָס מערער דייטשישע מציאות.

די ישראלדיקע טוריסטן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט אהיים, האָבן געגעבן דעם „היתר” דערצו, און דעם ביישפּיל.

אפשר בין איך אַ תם. איך פיר נאָך עד־היום אַ באָיקאָט קעגן דייטשלאַנד. איך טו דאָס אייגנטלעך צוליב מיינטוועגן — איך וויל זיך ניט דערמאָנען אָן אַ בייזער זאַך — יעדעס מאָל ווען איך וועל האָבן פאַר מיינע אויגן אַ דייטשישן חפץ.

אין מינכען האָבן מיר זיך איבערגעזעצט אויף אַ שפּאָגל־נייעם זשעט, וואָס האָט קורסירט צום ערשטן מאָל אין דער לופט. לכבוד דעם, האָט מען אונדז, די פּאַסאַזשירן, געשאָנקען ספּעציעלע מעדאַלן.

די נאָענטקייט פון ישראל האָט מען שוין דערפילט. די סטיואַרדינס האָבן פאָרגעלייגט פעקלעך פון כשרע שפּייז. אַלע 65 פּאַסאַזשירן — אָבער אַלע — אַפילו די צוויי וואָס האָבן אויסגעזען ווי אַמתע גויים, איינער ווי אַ „פּאָניע”, און דער אַנדערער ווי אַן אַלטער יעקע, זענען אויך געווען יידן.

אַלע זיינען געווען אָנגעשפּאַנט.

עפּעס ווי אַ יום־טוב שפּירט זיך אין דער לופט.

יעדערער פון די פּאַסאַזשירן איז אָנגעלאָדן מיט געדאַנקען, און דאָס האַרץ פון יעדער אייגעם, קלאַפּט האַסטיקער:

— ווי וועט עס אויסזען? ווי זעט אויס די אויסגעטרוימטע וואָר?

מיין זיץ־שכן איז אַן עלטערער בחור, וואָס קומט פון פּערו. ער איז אַ תם און אַן אָנגעכמורעטער שווייגער. ער קען אויף קיין

לשון ניט ריידן. וואָס מערער מיר דערנענטערן זיך צו ישראל, אַלץ מערער עפנט זיך ביי אים דאָס מויל. ער באַקומט לשון — לשון־קודש.

מיר דערזעען די ליכטער פון פליפעלד, לוד.

מיין אַוויאָן־ברודער, זאָגט צו מיר:

— מען דאַרף מאַכן הבדלה.

איך קוק אים אָן.

ערשט אַ פאַרטייעטער פסוק, וואָס איז ערגעץ־ווו געלעגן באַהאַלטן אין זיין פאַרטעמפּטן מח — דעם פאַרטעמפּטן און פאַרטונקלטן פון איינזאַמקייט, פון אליינקייט און פון צו קיינעם ניט אָנגעהערן — וואַכט אויף אין זיין זכרון.

ער זינגט אויס אויפן קול:

— ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר!

ער קאָן ניט דעם פסוק פון מקור, אָבער ער האָט אים געהערט פון זיין טאַטן, אַ מאָל, מיט אַ פופציק יאָר צוריק, אין זיין היים, אין זיין יידישן שטעטל, ווען ער האָט אָפּגעטיילט די קדושה פון חול.

אין דער לופט פון ישראל, איז דער דאָזיקער פסוק אַרויסגעקראָכן פון אים און ער האָט זיך ריכטיק אַריינגעפּאַסט.

מיין פרייד איז פאַרווישט געוואָרן מיט אומעט, מיט פאַרדרוס.

איך האָב זיך דערמאָנט אָן ביאַליקס ליד, „אל השדה", ווו דער זינגער באַקלאָגט זיך אויף דעם, פאַרוואָס ער איז געקומען געניסן פון דעם פעלד אויף אַלעם פאַרטיקן, פאַרוואָס ער האָט הנאה פון די גוטע ריחות וואָס טראָגן זיך אין דער לופט און פון דעם פויגל־געזאַנג, דאַן, ווען ער האָט קיין האַנט ניט צוגעלייגט ביים אויפאַקערן די ערד און ביים פאַרזייען זי. מיך האָט פאַרדראָסן, הלמאי איך האָב אין מיין לעבן אַזוי ווייניק געטאָן פאַר דעם אויפקום פון דעם יידישן לאַנד, און איך גיי פון אים געניסן.

איך בין אָנגעקומען קיין תל־אביב, האַלבער נאַכט.

ווער האָט שוין געקענט שלאָפן! אַזוי לאַנג געוואַרט צו זען דאָס יידישע לאַנד, און אַז דו ביסט שוין אויף דער ישראל־ערד, טאָ גיי גאָר און לייג זיך שלאָפן!

גאַנץ פרי בין איך שוין געווען אין גאַס. יידישע מיסטקערער האָבן זיך ביים ברעג פון ים איבערגעשריען אין דער אַמאָליקער הייליקער שפּראַך און דעם היינטיקן וואָכעדיקן עברית.

איבער די גאַסן האָט מען געזען איילנדיקע מענטשן, מיט טעקעס

אונטער די אָרעמס, מיט אַרבעטס־געצייג און מיט ביכער.

איך דערקען ניט מיינע יידן.

אפשר זיינען זיי דאָ געווען אַנדערע. זיי האָבן זיך אויסגעגלייכט און אויפגעהויבן זייערע אויגן צום הימל.

איך גיי איבער די גאַסן פון תל־אביב. די גאַסן האָבן יידישע נעמען — ביאַליק, ווייצמאַן, ירמיהו, המלך ינאי און אַנדערע, און דאָך זעט תל־אביב אויס ווי אַן אינטערנאַציאָנאַלע שטאָט — ווי קליין־ניו־יאָרק.

איך האָב געטראָטן אויף דער ערד פון ישראל און ניט געשפּירט קיין אדמת־קודש אונטער מיינע פיס, נאָר אַן ערד אַ צעצאַפּלטע, אַ צעבראָכענע, אַן אויפגערודערטע און אויפגערירטע.

דאָס זיינען געקומען אירע קינדער פון דער גאַנצער וועלט, אויפצו־וועקן זי פון איר פאַרחלשטן שלומער און אַריינגיסן אין איר חיות און לעבן.

דאָס גאַנצע לאַנד איז געלעגן פאַר מיר, ווי איין גרויסע צברה, אין וועלכער עס איז שווער זיך איינצובייסן, אָבער האָסטו זיך יאָ איינגעביסן אין איר, פילסטו די חיותדיקע זיסקייט וואָס זי גיט דיר, און דו קוויקסט זיך מיט דעם אויף אייביק.

איך האָב געזען די שיינקייט פון ירושלים און פון די וועגן וואָס פירן צו איר — פון די טעראַסן וואָס רינגלען זי אַרום.

איך האָב באַוווּנדערט די גבורה פון די יידישע יונגען, וואָס האָבן אויסגעקעמפט די אומאָפּהענגיקייט פון ישראל אין 1948, און נאָך מערער די העלדישקייט זייערע פון צו באַפעלן דעם בוים, ער זאָל אַרויסוואַקסן פון צווישן די פעלדזן.

איך האָב ניט געוווּסט וואָס מער צו באַוווּנדערן, צי דאָס דעראָבערן דאָס לאַנד נאָך צוויי טויזנט־יעריקער פאַרוויסטונג, צי דאָס דערוועקן די העברעישע שפּראַך, וואָס איז צוויי טויזנט יאָר געווען טויט און פאַרחלשט. איך קען דאָס נאָך עד היום ניט באַגרייפן, ווי אַזוי אין אַ לאַנד ווו די עלטערן ריידן אויף אַלערליי לשונות פון דער וועלט, הויבן זיך אויף זייערע קינדערלעך פון דער ערד, נאָר מיט דער איינציקער שפּראַך פון לאַנד, מיט עברית.

איך האָב געמיינט אַז איך וועל זיך אָנטרעפן מיט אַ קבצנישן לאַנד, וואָס לעבט פון נדבות, און באַגעגנט האָב איך אַ מאָדערנע

מדינה, וואָס בויט זיך לויט דאָס לעצטע וואָרט פון דער טעכניק, מיט זיכערקייט און מיט אייביקייט.

איך האָב געזען דעם שטאָלץ פונעם לאנד — די הלוצים — ווי זיי לעבן, לערנען, ארבעטן, און פאַרטיידיקן זייער לעבן.

איך האָב זיך אָנגעזאַפּט מיט דער שיינקייט פון ישראל, וואָס איז אַ צאַרטע און רירנדיקע — אַזש ביז באַנגשאַפּט.

און איבער אַלץ, ליכט, ליכט און ליכט.

דאָ האָט מסתמא גאָט אויסגערופן זיין יהי אור!

איך האָב דאָ געטראָפן יידן וואָס ווילן דווקא אַ ישראל מיט מעשר, שמיטה און יובל, און אַזעלכע, וואָס ווילן אַ ישראל על פי תורת מאַרקס און לענין — און אַלעמען פאַראייניקט די אייביקייט פון פאָלק און די געפאַר פאַרן שונא.

איך האָב געזען דאָס לעבן פון די אַראַבער אין דעם המשולש און געווען צו גאַסט ביי אַ בעדויִנער, צוזאַמען מיט אַ גרופּע קיבוצניקעס.

צווישן די אַראַבער האָב איך זיך געפילט, ווי אַ פרעמדער און ווי אַ ווייטער אין אַ ווייטער וועלט — אַ וועלט אויף צוריק.

איך האָב זיך דאָ געטראָפן מיט מענטשן, וואָס איך האָב ניט געזען קיין פערציק יאָר, און זעלטן ווען האָב איך אין זיי געפונען עפּעס פון דעם אַמאָל.

פאַר מיר איז געווען אַן אייגנגעמער סיורפּריז, דאָס טרעפן זיך אין ישראל מיט מיינע אַמאָליקע תלמידים פון מאַליאַט, ליסע, און פון הײדוצישעק, לעבן ווילנע.

מיט די הײדוצישקער תלמידים האָב איך זיך געטראָפן אין הויז פון חנהלע יאָפע, מיין אַ באַליבטע שילערין, וואָס איז היינט אַ קראַנקן־שוועסטער אין ישראל. צונויפגעפירט מיט די הײדוצישקער האָט מיך חנה פייגלסאָן, אַ געוועזענע שול־טוערין, און מיין געוועזענער תלמיד זלמן אבעל, מיט וועמען איך האָב זיך צופעליק געטראָפן אין דער היים פון מיין אַ ווילנער לאַנדסמאַן.

מיט מיינע געוועזענע תלמידים פון מאַליאַט, האָב איך זיך געטראָפן אויף אַ טשיקאַווען אופן.

איך האָב זיך באַקאַנט מיט דעם פאָלקלאָריסט און שרייבער אפרים דאַווידזאָן אין דעם פאַראיין פון די בעסאַראַבער יידן אין ישראל. מיר האָבן זיך דאָרטן גטראָפן אַ פּאָר מאָל.

א. דאַווידזאָן איז דאַן אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע, פול מיט הומאָר, געפלאָכטן מיט יידישן פאָלקלאָר.

איך בין צוזאַמען מיט א. אויערבאַך און זיין פרוי חנהלען, געווען אַ פּאָר מאָל אין הויז פון א. דאַווידזאָן, אין רמת־גן.

באַקאָנענדיק זיך מיט דאַווידזאָנס פרוי, האָב איך זיך געפונען „זיכע־רער" צווישן הוילע בעסאַראַבער. עס לאָזט זיך אויס, אַז א. דאַווידזאָנס פרוי איז אַ ליטוועטשקע.

— פון וואַנען?

— פון מאַליאַט.

— פון מאַליאַט?! — שפּרינג איך אויף. איך בין דאָך געווען לערער ביי אייך אין שטעטל.

דאַווידזאָנס פרוי איז געווען אַ טאָכטער פון מאַליאַטער רב, און איך האָב פּונקט געוווינט אין דעם הויז פון איר פאָטער.

זי איז געוואָרן זייער איבערגענומען פון דער דאָזיקער טרעפונג. זי האָט זיך אָפּגערופן צו מיר:

— אויב אַזוי, קענט איר זיך דאָ טרעפן מיט אַ סך פון אייערע געוועזענע תלמידים.

— איך וואָלט זיך געפילט גליקלעך.

די פרוי דאַווידזאָן האָט אויסגעפילט מיין פאַרלאַנג און האָט איינגעאָרדנט אַ גרעסערע מסיבה פון אירע לאַנדסלייט, צווישן וועמען עס האָבן זיך געפונען אַ סך פון מיינע געוועזענע שילער.

איך האָב אָנגעקוקט מיינע באַחנטע, געוועזענע שילערינס און שילער, און געזוכט זייער אַמאָל אין זיי.

איך האָב זייער „אַמאָל" ווי עס איז אָפּגעזוכט צווישן די גרויע־געשטרייפטע האָר פון זייערע קעפּ און צווישן די קנייטשן אין זייערע פּנימער.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אויך זיי זוכן אין מיר זייער אַמאָליקן לערער פּילאָווסקי, דעם הויכן און שלאַנקן, און עס איז זיי שווער צו געפינען.

דאַן האָבן מיר צוזאַמען פאַרבראַכט און אַרויסגעבראַכט זכרונות וועגן דעם „אַמאָל" — און עס איז אונדז גוט געווען פון די שיינע דערינערונגען.

עס האָט אַפילו געטראָפן אַ פאַל, וואָס איך האָב זיך אין תל־אביב באַקאַנט מיט אַ פּאָרפאָלק פון אַמעריקע. מיר און די פרוי

פון פאַרפאַלק, איז גאָרניט איינגעפאַלן אַז מיר האָבן זיך ווען עס איז אַ מאָל באַגעגנט.

ערשט אויף אַן אָוונט ביי די ווילנער, ווו מען האָט מיך באַגריסט און מען האָט דערציילט וועגן איך בין, איז די פרוי אויפגעשפרונגען און איז צוגעלאָפן צו מיר.

לאָזט זיך אויס, אַז מיר האָבן זיך געקענט אין דער גאָר פריער יוגנט — אויף דער שוועל פון די צוואַנציקער — און צווישן אונדז איז אויך געווען אַ שטיקל משפּחה־קרובהשאַפט.

איך האָב זיך דאַן באַגעגנט מיט דער שרייבערישער משפּחה אין ישראל און זיך אויך באַוויזן מיט אייניקע דערציילונגען און לידער, אין די היגע יידישע אויסגאַבעס. אַ פּאָר פון מיינע דערציילונגען זיינען דאָ אויך איבערגעזעצט געוואָרן אין עברית. די „לעצטע נייעס" האָט זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן וועגן מיין בוך „טריט אויף דער ערד". זי האָט געשריבן: „זייער שאַפונגען זיינען מער ווי דערציילונגען. זיי שמעקן מיט פרישקייט, עקזאָטישקייט, מיט יידישער עקשנות, ליידן און נצחונות".

איך האָב דאַן פאַרבראַכט פיר חדשים אין ישראל. איך האָב קיין מאָל און אין ערגעץ אַזוי אינטענסיוו ניט געלעבט, ווי דאָ. איך האָב גאָרניט געוואָלט דורכלאָזן.

איך האָב דעמאָלסט געמיינט, אַז דאָס איז דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל וואָס איך זע דאָס לאַנד.

איך האָב אין די פיר חדשים פון מיין זיין דאָ, פאַרגעסן אָן מיין אייגענערווירקלעכקייט.

איך בין פון דאַנען אַרויסגעפאָרן סוף יולי 1960 און זיך אָוועקגעלאָזט אַנקוקן אייראָפּע.

איך האָב געהאַט צו באַזוכן איטאַליע, ענגלאַנד און פראַנקרייך.

אַרויספאָרנדיק פון ישראל, האָב איך זיך אַליין ווידער אָפּגעפונען.

עס איז מיר געווען ניט פריילעך אויפן האַרצן. איך בין די גאַנצע צייט פון מיין רייזע געווען אַליין. איך האָב קיינע פון די שפּראַכן, פון די לענדער, וואָס איך האָב געדאַרפט באַזוכן, ניט געקענט.

איך האָב זיך גאַנצע טעג אַרומגעשלעפּט מיט גרויסע טוריסטן־גרופּעס איבער די קלויסטערס, מוזעומס און חורבות, ניט אויסריידנדיק צו קיינעם קיין וואָרט — און קיינער ניט צו מיר.

איך פלעג זיך נאָכשלעפּן נאָך די טוריסטן, אַ מידער פון גיין און אַן אָנגעלאָדענער פון אַזוי פיל איינדרוקן.

איך האָב אָפּט מאָל געטראַכט: מיר האָבן געגעבן דער וועלט נביאים, און זי, די וועלט, האָט זיי אונדז אָפּגעגעבן אין געשטאַלטן, אין דער מאָלעריי און אין דער סקולפּטור.

אין פּאַריז האָב איך פאַרבראַכט אַ צען טעג. אין די לעצטע פּאָר טעג, האָט מיר געטראָפן דאָס, וואָס ביי מיין ערשטער רייזע קיין ניו־יאָרק. דאָרטן, אין ניו־יאָרק, האָט זיך אָפּגעפונען אַ מיסטער קאָהען, וואָס האָט מיר ווי עס באַדאַרף צו זיין געוויזן די שטאָט, מיט אירע זעונגס־ווירדיקע זאַכן, און דאָ — אין פּאַריז — אַן אַלטער חבר, מיט וועמען איך האָב אַ מאָל, מיט 40 יאָר צוריק, געאַרבעט צוזאַמען אַלס לערער אין דעם ליטווישן שטעטל מאַליאַט און מיר זיינען זיך נאָך דעם געוואָרן געפערלעכע „שונאים" איינער דעם אַנדערן.

און געטראָפן האָט עס אַזוי.

אין איין בייטאָג, אַרום צוויי אַ זייגער, האָב איך זיך אומגעקערט פון אַ טור־שפּאַציר איבער פּאַריז. אין מיין פּאָסט־קעסטל פון האָטעל, איז פאַר מיר געווען אַ „מעסעדזש", מיט אַ נומער פון אַ טעלעפאָן.

איך קלינג אָן און דערהער דורכן טעלעפאָן אַ ברייטן ברוך־הבא.

— פון וועמען?

— ליכטענשטיין, פון ליכטענשטיינען.

איך האָב געהאַט אַ גוטן באַקאַנטן אַרטיסט פון דעם אַרגענטינער „איפּט" (יידישער פאָלקס־טעאַטער) מיטן נאָמען ליכטענשטיין. ער האָט אויך באַזוכט אַ פּאָר מאָל טשילע און ער האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיר און אָנגעהאַלטן מיט מיר אַ לענגערע, האַרציקע קאָרעספּאָנדענץ. ער איז געווען אַ גאָר פעיקער אַקטיאָר און זייער אַ סענטימענטאַלער.

ווען איך האָב געהערט אין טעלעפאָן־טרייבל, אַז דער ברוך־הבא איז פון ליכטענשטיינען, האָב איך זיך אַנדערש ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז דאָס איז יצחק ליכטענשטיין, דער „איפּטלער".

איך האָב געמיינט, אַז דער יצחק ליכטענשטיין איז דאָס געקומען שפּילן טעאַטער אין פּאַריז און ער האָט דאָס מיר דאָ אָפּגעפונען.

ערשט אין לויף פון געשפּרעך הער איך מיין מיטשמועסער דערמאָנט מיר אין אונדזערע אַמאָליקע „יוגנט־זינד" פון מאַליאַט, און איך האָב זיך קוים געכאַפּט ווער דאָס איז.

דאָס איז געווען דער אינזשעניער קלמן ליכטענשטיין פון תל־אביב,

דער אַמאָליקער „רעאַקציאָנער", מיט וועמען איך האָב צוזאַמען געאַרבעט אין איין שול, און נאָך דעם זיך באַקעמפט.

קלמן ליכטענשטיין האָט מיך פריינדלעך באַפוילן, איך זאָל תיכף נעמען אַ טאַקסי און אַראָפּקומען צו זיין ברודער אין שטוב, וועמענס גאַסט ער איז געווען.

לאָזט זיך אויס אַז מיין געוועזענער חבר האָט באַגעגנט אין אַ דאָרטיקער יידישער צייטונג אַ נאָטיץ, אַז איך געפין זיך אין פּאַריז און אין דער רעדאַקציע האָט ער זיך דאָס דערוווּסט ווו איך בין געשטאַנען.

אין אַ פּאָר טעג האָט מיר מיין אַלטער חבר קלמן ליכטענשטיין געוויזן די לעבעדיקע פּאַריז, ניט די שטאָט פון די מוזעומס און קלויסטערס.

ער איז געווען אַ היימישער. זיין שטודיום האָט ער געמאַכט אין בעלגיע, און בעלגיע מיט פראַנקרייך, איז געווען ווי אַ שטוב מיט אַ קאַמער.

ער האָט מיר געפירט איבער די אַלע פּלעצער פון פּאַריז, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט איר געשיכטע און מיט אירע קאַמפן, און האָט מיר אויך באַקאַנט מיטן לעבן פון מאָנפּאַרנאַס.

ער האָט מיר אויך געפירט ווייזן דעם אַלטן פּאַריזער צמענטער, ווו עס זיינען געלעגן די גרעסטע פראַנצויזישע פערזענלעכקייטן און העלדן, צווישן זיי דער באַרימטער דייטשישער דיכטער פון יידישער אָפּשטאַמונג, הענריך היינע.

ביים קבר פון הענריך היינע, האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף אַן עטלעכע און דרייסיק יעריקן דייטש, וואָס האָט אין פּאַריז געטוריסטע־וועט, צוזאַמען מיט זיין פרוי און צוויי קינדער.

דער דייטש איז געווען פון מיטעלן וווּקס, מיט אַ פּאָר ברייטע פּלייצעס, ניט נאָך זיין הויך נאָך.

ער האָט געגעבן דערקלערונגען זיינע קינדער, ווער דער דאָזיקער היינע איז.

מיין חבר האָט ניט אויסגעהאַלטן און האָט אויף אים אויסגעגאָסן זיין צער און צאָרן, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך אין הארצן אויף די דייטשן.

— אַזוי — האָט ער געשריען — אַ באַרימטער דייטשישער דיכטער? פאַרנעם זיך פון דאַנען! דו פאַרשוועכסט דאָך דעם קבר פון דעם דאָזיקן גרויסן דיכטער. ווי לאַנג איז דאָס וואָס מען האָט ביי אייך אין דייטשלאַנד

זיין נאָמען ניט געטאָרט דערמאָנען, און איר האָט זיינע לידער געזונגען, ווי פון אַן אַנאָנימען דיכטער? אומפאַרשעמטע וואָס איר זייט! איר האָט דאָך אויסגעמאָרדעט זעקס מיליאָן פון זיינע ברידער.

עס איז זייער שווער אָנגעקומען מיין חבר, ביז ער האָט זיך ווי עס איז באַרויקט.

פון דאַן אָן איז פאַרבליבן אַ קאָנטאַקט צווישן אונדז, און איך האָב זיך שפּעטער, ווען איך האָב זיך באַזעצט אין ישראל, מיט אים אַ סך מאָל געטראָפן און זיך געטיילט מיט די איינדרוקן וועגן אונדזער אַמאָליקער, אידעאַליסטישער יוגנט.

איך האָב געהאַט אַ סך צייט צו טראַכטן, און דאָס טויג ניט.

איך האָב גענומען מאַכן השבונות פון מיין לעבן, און די חשבונות האָבן ניט געשטימט, און פאַרריכטן דעם טעות אין די השבונות האָב איך ניט געקענט.

איך בין אַריינגעפאַלן דאַן אין אַ מין דעפּרעסיע. עס איז מיר ניט איינגעגאַנגען די רייזע. איך האָב געזען, אַז אַ גאַנץ לעבן בין איך געשפּרונגען אין די הימלען און צום סוף האָב איך געמוזט געשטרויכלט ווערן און זיך צעמזיקן.

אָבער אַזוי איז דער מענטש. ער וויל ניט לעבן. ער האָט ניט פאַרוואָס צו לעבן און ער לעבט ווייטער, כל־זמן כה איז פאַראַן. ער שפּאַנט זיך איין און גייט ווייטער.

מיין רייזע־פּראָגראַם איז געווען פון אייראָפּע קיין צפון־אַמעריקע.

איך בין אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק אין די פייכטע און הייסע זומער־טעג.

נאָך אַ קורצער צייט פון מיין אָפּשטעלן זיך אין ניו־יאָרק, בין איך געפאָרן קיין קאַנאַדע, זיך צו זען מיט מיינע שוועסטער און זייערע משפחות.

אין טאָראָנטאָ האָב איך זיך געטראָפן מיט מיין יינגסטן ברודער, בייניש, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון אַ רייזע איבערן ראַטנפאַרבאַנד, כינע און ישראל.

מיין ברודער איז געבליבן דער זעלבער פרומער קאָמוניסט אין 1960, ווי אין 1930.

בעת זיין רייזע אין ראַטנפאַרבאַנד, האָט מען אים אין אונדזער היים־שטאָט, ווילנע, ניט אַריינגעלאָזן, ניט קוקנדיק אויף זיין גאַנצן קאָמוניסטישן יחוס.

ער האָט אויסגעמיטן צו ריידן וועגן דעם.

אַז דו האָסט אים געפרעגט וועגן דעם לעבן פון רוסלאַנד, האָט ער דיר דערציילט פון זיין נסיעה אין כינע.

דאָס איז געווען אין דער גוטער צייט, ווען כינע האָט צוגעזאָגט צו זיין דער גאָרטן פון הונדערט־קאָלירקע בלומען.

איך בין געווען צו נאָענט מיט אים און זאָלבעגאַנד אין איין צימער, איך זאָל ניט האָבן קיין צוזאַמענגשטויסן מיט אים.

מיר האָט פאַרדראָסן פאַר זיין מצדיק־הדין זיין, פאַר זיין ענטפערן אויף אַלץ מיט אַן אָמן, מיט צוגעמאַכטע אויגן.

עס איז געווען ניט לאַנג ווי כרושטשאָוו האָט באַוועלטיקט זיינע קעגנער — די וואָס האָבן געוואָלט אויפשטיין קעגן אים — און ער האָט זיי באַזייטיקט, ווייט באַזייטיקט, אַוועקשיקנדיק די גאַנצע חברה ערגעץ־ווו, צו אַלדי שוואַרצע יאָר.

איך פלעג שרייען צו מיין ברודער אַן אויפגערעגטער:

— אָבער ווי קען דאָס זיין, אַז פונקט די וואָס בלייבן ביי דער מאַכט זיינען די גערעכטע און די אַנדערע די פאַרברעכער? קומט דאָס אויס, אַז ווען יענע גרופּע געווינט, וואָלט יענע געווען די גערעכטע און כרושטשאָוו וואָלט געווען דער פאַרברעכער.

מיין שוועסטער, אסתר, און מיין שוואָגער יאַנקעלע, וואָס האָבן געוווינט אין טאָראָנטאָ — ביי וועמען מיר זיינען איינגעשטאַנען — האָבן שוין מער נישט געהערט צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, אָבער זיי האָבן נאָך אָנגעהאַלטן פריינדשאַפט מיט די אַמאָליקע חברים.

די געוועזענע חברים אָבער, זיינען שוין געווען צעטיילט.

אין טאָראָנטאָ, האָבן די עלעמענטן וואָס האָבן פאַרלאָזן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, אפילו געגרינדעט אַ מין באַזונדערע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפט.

מיין שוועסטער האָט זיך געהיט, ניט איינצולאָדן צו זיך אין שטוב, פאַר אַ מאָל, די קעגנעריש־געשטימטע פריינד צום קאָמוניזם, צוזאַמען מיט די נאָך אָנגעהעריקע.

זי האָט באַזונדער געלאַדן זאַלצמאַנען מיט ליפשיצן און זייערע אָנהענגער, און באַזונדער גערשמאַנען, דעם רעדאַקטאָר פון דער „קאַנאַדער יידישע וואָכנבלאַט”, וואָס האָט פאַרטראָטן די אָפיציעלע קאָמוניסטישע ליניע.

די באַקאַנטע פון מיין שוועסטער און שוואָגער, האָבן מיר אַ נאָמען געגעבן „דער פּאַלעסטינער", און מיין ברודער, „דער כינעזער".

די קאָמוניסטן האָבן איינגעלאַדן מיין ברודער אויף צו געבן אַ לעקציע, און ער האָט גאָרניט דערמאָנט דעם ראַטנפאַרבאַנד. ער האָט גערעדט בלויז וועגן כינע.

גערשמאַן מיט זיין גרופּע, האָבן געגרייט אַן אויפנאַמע פאַר מיר און מיין ברודער, וואָס האָט געדאַרפט פאָרקומען ביי אים, גערשמאַנען, אין שטוב.

איך האָב ניט געוואָלט וואַרטן אויף דער אויפנאַמע, ווייל איך האָב זיך געאיילט אַהיים. איך בין שוין זעקס חדשים געווען אונטער וועגס.

מיין שוועסטער האָט אָנגעקלונגען צו גערשמאַנען, אַז איך דאַרף אַוועקפאָרן.

— אויב אַזוי — האָט ער געענטפערט — קומט ניט פאַר די אויפנאַמע.

מיין שוועסטער האָט מיר שטאַרק געבעטן, אַז איך זאָל בלייבן ביז נאָכן ערשטן סעפּטעמבער.

איך האָב איר נאָכגעגעבן.

אויף דער אויפנאַמע, ביי גערשמאַנען, זיינען געווען איבער פופציק מאַן.

זי איז פאָרגעקומען מיטן גאַנצן קנאַק, מיט אכילה און שתיה, מיט באַגריסונגען און מיט רעדעס.

מיין ברודער האָט דאָרטן ניט גערעדט. ער האָט שוין אָפּגערעדט, ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, וועגן כינע.

איך האָב אָפּגעגעבן אַ גרוס פון ישראל און פאָרגעלייענט אַ פּאָר פון מיינע שאַפונגען.

נאָך מיין ריידן, האָט מען מיר פאַרוואָרפן מיט פראַגעס. די פראַגעס זיינען געווען ערנסטע און מען האָט געזען אין זיי דעם טיפן אינטערעס אין דעם גורל פון דער יידישער מדינה.

נאָר איין חבר, וואָס האָט גאָרניט אויסגעזען ווי אַ „חבר" — אַ פולער און געפּאַקטער, מיט אַ זאַט פּנים, האָט מיר געוואָלט פּראָוואָצירן, אַריינזאָגנדיק מיר, אַז אין ישראל וואַשט מען ביי די מענטשן די געהירן.

די אַלע צוהערער האָבן געמיינט, אַז איך וועל זיך דאָ אויסגליטשן און וועלן באַווייזן ווו מען וואַשט יאָ ביי מענטשן די געהירן.

איך האָב זיך ניט געלאָזט אַראָפּפירן פון דרך־הישר און אויסגעניצט

מיין ענטפער אויף צו באַווייזן די אויטענטישע דעמאָקראַטיע וואָס הערשט אין ישראל, מיט פאַקטן. איך האָב זיי באַוויזן ביז וואַנען די דעמאָקראַטיע אין ישראל דערגרייכט, אַז די איבעריקע מינדערהייטן אין לאַנד — פאַר וועמען אַ סך פון די אַנוועזנדיקע אויף דער דאָזיקער מסיבה האָבן זיך אַזוי געזאָרגט — האָבן אין דער ישראלדיקער כנסת, ניט נאָר זייערע פאָרשטייער, נאָר אַז זיי טרעטן דאָרטן אַרויס אין זייער אייגענעם טראַכט און אויף זייער אייגענעם לשון.

דער יום־טוב איז פאַרגעזעצט געוואָרן אין האַרמאָניע און אין גוטער פריינדשאַפט צו מיר, דעם קעגנער.

איינציקווייז, האָבן זיך דערנענטערט צו מיר אַ סך פון די באַטייליקטע אין דער מסיבה, און מיר אַריינגעשושקעט אין אויער אַריין:

— חבר, מיר ווייסן אַז איר זיינט גערעכט.

* * *

פון טאָראָנטאָ האָב איך זיך צוריקגעקערט קיין ניו־יאָרק.

אין ניו־יאָרק, בין איך גאַנץ וואַרעם אויפגענומען געוואָרן, דורך דער דאָרטיקער יידישער פרעסע און פון מיינע גוטע פריינד פון דער שרייבער־משפחה.

דער דיכטער א. אויערבאַך, האָט איינגעאָרדנט לכבוד מיר, ביי זיך אין שטוב, א מסיבה, ווו איך האָב געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט אַ ריי אָנגעזעענע שרייבער און דיכטער. אַחוץ דעם, האָט א. אויערבאַך אויך געשריבן וועגן מיר אין זיין קאָלום „אויפן וואָגשאָל". דאָס איז געווען אַן אָפּרוף וועגן מיין בוך „טריט אויף דער ערד".

די פאַראייניקטע־שטאַטן האָב איך פאַרלאָזט דעם 15טן סעפּטעמבער 1960.

צוריקפאָרנדיק, בין איך אַראָפּ אויף אַ טאָג צייט אין איינער אַ טשילענער פּראָווינץ־שטאָט פון צפון פון לאַנד, זיך צו טרעפן מיט אַ דאָרטיקן יידן, ביי וועמענס אַ קינד איך בין געווען סנדק.

ווי קום איך צו סנדק, און ביי אַ קינד פון אַ יידן פון אַ ווייטער פּראָווינץ־שטאָט?

צוליב דעם טאַקע דערצייל איך אייך וועגן מיין אָפּשטעלן זיך ערגעץ־ווו אויף אַ טאָג צייט.

אין דעם דאָזיקן יידן, האָב איך צום ווייפלסטן מאָל באַוואונדערט די געזונטע מאָראַל ביי וועלכע אונדזערע יידן זיינען געבליבן, ניט קוקנדיק

אויף אַלע גלגולים און וואַנדערונגען וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט אין זייער גאַנג אויף אַ פּיינטלעכער וועלט.

דאָס צונעמען ביי זיי די מקורות פון לעבן, דאָס טרייבן זיי פון איין פרעמד לאַנד איבער דעם אַנדערן, דאָס באַרויבן זיי אויף אַלע וועגן, דאָס באַשמוצן זיי, באַשפייען זיי און פאַרפאָלגן, האָט ביי זיי ניט צוגענומען די ריינקייט פון זייער נשמה, האָט ניט צעקאַלעטשעט זייערע מענטשלעכע עטישע געפילן.

דער ייד, וועגן וועלכן איך דערצייל אייך, האָט געשטאַמט פון רוסלאַנד.

ער האָט, האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, דערגרייכט די ברעגעס פון טשילע. אים איז אַוועק דורך טיר און דורך טויער. ער האָט נאָך באַוויזן אַראָפּצוברענגען אַהין זיין שטעטלשע מיידל און חתונה האָבן מיט איר.

ער איז געוואָרן אַ גרויסער אימפּאָרטער. געלט האָט ער געהאַט, וויפל ער האָט אַליין געוואָלט. נאָר איין זאַך האָט אים געפעלט — פרייד — אַ קינד אין שטוב.

וואָס האָט געטאָן דער דאָזיקער ייד?

ער האָט גענומען זיין ווייבל און זיי זיינען אַוועקגעפאָרן קיין ישראל. דאָרטן האָט ער זיך פאַרשטענדיקט מיט אַ דאָקטער, אַז ער זאָל אים רעקאָמענדירן ווי אַזוי צו באַקומען אַן אָקאָרשט־געבוירענעם קינד, כדי דאָס צו אַדאָפּטירן.

דער ייד האָט דווקא געוואָלט, אַז זיין קינד זאָל זיין אַ יידישס.

אין קורצן האָט ער זיך אומגעקערט אַהיים מיט אַ יינגעלע.

דאָס קינד איז אויסגעוואַקסן. ער איז שוין אַלט געווען אַ יאָר פיר.

אָבער וואָס איז איין קינד?! ער האָט געוואָלט האָבן כאָטש נאָך איינס. האָט ער זיך צוזאַמענגעשריבן מיט דעם זעלבן דאָקטער.

דאָס מאָל, האָט ער עס געמאַכט אַנדערש.

ער האָט אַוועקגעשיקט פאַר דער פרוי וואָס דאַרף געבוירן איר קינד, אויף הוצאות, און האָט איר אַראָפּגעבראַכט קיין טשילע.

נאָענט צו דעם געבורט, איז דער ייד אַראָפּגעקומען קיין סאַנטיאַגאָ. ער האָט דער פרוי באַזאָרגט מיט איינעם פון די עלעגאַנטסטע געבורט־אַנשטאַלטן.

איך בין געווען דער אינטערפּרעטער צווישן דער פרוי און דעם

אַדוואָקאַט פון דעם יידן, וואָס האָט געדאַרפט דורכפירן, אָפיציעל, די אַדאָפּטירונג פון קינד.

דער דאָזיקער אַדוואָקאַט איז געווען מיינער אַ גוטער פריינד, און ער האָט מיר אויסגעפונען פאַר דעם פּאַסנדיקן איבערזעצער. די פרוי האָט אין מיר געזען אַ גואל. זי האָט געהאַט מיט וועמען זיך דורכצוריידן. די עלנט האָט זיך פון איר אויף אַ ווײַלע אָפּגערוקט. זי האָט פאַר מיר ביטער געוויינט. זי איז שוין געווען אין געבורטס־אַנשטאַלט און יעדן טאָג דערוואַרט דאָס קינד.

דאָס קינד דאַרף קומען, און עמיצער וואַרט שוין אויף דעם. ער וועט עס פון איר אויף אייביק צוגעמען. זי קאָן ניט דעם עמיצן. זי ווייס אַפילו ניט, ווו דאָס קינד וועט מגולגל ווערן, אין וואָס פאַר אַ שטאָט.

איך האָב איר נאָר געקענט טרייסטן, אַז איר קינד וועט אַרײַנפאַלן אין גוטע הענט.

די לעצטע טעג פאַרן אונטערשרייבן די פּאַפּירן, האָט די פרוי אַרויסגעשטעלט גרעסערע געלט־פאָדערונגען ביי דעם יידן.

דער ייד האָט איר סיי ווי סיי געוואָלט באַשענקען מיט אַ געוויסער סומע געלט. אָבער ווען זי האָט עס געפאָדערט, האָט ער זיך קעגנגעשטעלט. ער האָט געטענהט, אַז זי פּרעסט ביי אים אַרויס וואָס מער געלט.

אָבער מיט עטלעכע גוטע ווערטער, אויפווייזנדיק אים וואָס די פרוי לעבט איבער, און אַז זי דאַרף זיך מיט עפּעס פאַרזאָרגן — איז ער ווייכער געוואָרן און האָט איר אַלץ נאָכגעגעבן.

ווי די געווינערין איז בעסער געוואָרן, איז זי אַריבער אין אַ האָטעל.

דערווייל האָט דער פּאָטער, וואָס האָט אַדאָפּטירט דאָס קינד, אַרויסגערופן זיין ווייבל קיין סאַנטיאַגאָ און זיי האָבן אין דעם געבורטס־אַנשטאַלט, געפּראַוועט דעם ברית.

אָט ביי דעם יינגעלע, בין איך דאָס געווען סנדק, דאָס אײנציקע מאָל אין מיין לעבן.

איצט בין איך געווען בייגעריק צו זען דעם דאָזיקן יידן מיט זיינע צוויי אַדאָפּטירטע זין.

דער עלטערער איז דאַן אַלט געווען אַ יאָר זעקס־זיבן. ער איז שוין געגאַנגען אין שול.

ער האָט אויסגעזען, מיט זיין שיינעם, קלאַסישן פּנים, מיט זיין פרייען שטעל, ווי אַ פּירשט. דער צווייטער, מיין סנדק, אַ יינגעלע

צווישן צוויי און דריי יאָר, האָט געטראָגן אין זיין פּנים אַלע סימנים פון אָריענטאַלישן יחוס און אַ סך איידלקייט.

די דערציִונג וואָס דער דאָזיקער ייִד האָט געגעבן זיינע צוויי אַדאָפּטירטע זין, איז געווען אַ מוסטערהאַפטע.

איך האָב געקוקט דאָ אויף די קינדער, דאָ אויפן פאָטער און גע־טראַכט — ווי קומט עס צו אים? פון וואַנען האָט ער גענומען אַזאַ צוגאַנג צו דערציִען קינדער?

אין דער צווייטער העלפט פון סעפּטעמבער, האָב איך זיך צוריק־געקערט אַהיים.

עס איז מיר געווען שווער זיך איינצובירגערן און איינהיימען צוריק אין טשילע.

איך בין אַריינגעפאַלן, ווי אין אַ ניט רעאַלער וועלט.

איך האָב פאַרזוכט, אין ישראל, דאָס ערשטע מאָל נאָכן אָפּלעבן כמעט אַ גאַנצן לעבן, דעם טעם פון לעבן אויף דער וועלט סתם אַזוי, ווי אַ מענטש, אָן אַ באַזונדערן, יידישן פּעקל. צוריק אַזאַ לעבן, האָב איך שוין ניט געפונען.

אָבער, איך בין פאָרט אַוועק אין שפּאַן.

איך האָב אָפּגעגעבן באַריכטן וועגן ישראל, אַז מיינע צוהערער האָבן געריסן פון אָרט.

ניט אין דער עליה פון איין טשילענער יידן האָב איך געהאַט אַ חלק.

די טשילענער יידן האָבן מיר תמיד געגלויבט.

איך האָב זיי דערציילט אַלץ וואָס איך האָב געזען אין ישראל און וואָס איך האָב געפילט.

איך האָב זיך צוריק אַריינגעוואָרפן אין מיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, און געשריבן אַ ריי דערציילונגען און אַ סעריע לידער, אונטערן נאָמען „מעריב־תפילות".

מיינע הויפּטגעשעפטן האָב איך שוין געהאַט אויפגעגעבן אין 1957.

איך האָב געהאַט אַ שטיקל באַשעפטיקונג.

ווען איך בין געווען אויף מיין צוריקרייזע פון ישראל אין לאָנדאָן, האָב איך דאָרטן באַקומען אַ רעפּרעזענטאַנץ פאַר אָפּשיקן פּעקלעך קיין רוסלאַנד. אָבער קיין סך צייט האָט די דאָזיקע באַשעפטיקונג ביי מיר ניט צוגענומען.

אין דעצעמבער 1961 האָט מיין ייִנגסטער זון געענדיקט דעם יורידישן

פֿאַקולטעט אין טשילע און אָנהייב פֿעברואַר 1962, ווען ער איז פּונקט אַלט געוואָרן 22 יאָר, איז ער אָפּגעפֿאָרן קיין ישׂראל.

געהייסן האָט עס, אַז ער פֿאָרט אויף השתלמות (פֿאַרפֿולקאָמונג), אַלס פֿירער פֿון דער יידישער סטודענטישער יוגנט פֿון טשילע — ער איז געווען אַ לענגערע צייט דער פֿאָרזיצער פֿון דעם צענטער פֿון די יידישע אוניווערזיטאַריער („סענטראָ אוניווערסיטאַריאָ כודיאָ״) — נאָר איך האָב געוווּסט אַז ער וועט זיך קיין טשילע ניט אומקערן. איך האָב גוט געקענט מיין מוזיניק. איך האָב געוווּסט, אַז ער וויל לעבן אַ גאַנצן לעבן, אַז אינטעגרירן זיך מיט די טשילענער וועט ער ניט און אַז צו דערגרייכן צו זיין אַ פּרעזידענט פֿון דער ציוניסטישער פֿעדעראַציע, צו דעם אַספּירירט ער ניט.

איך בין געקומען פֿון באַגלייטן אים אויפֿן לופֿטפֿעלד אַ צעבראָכענער. איך בין געבליבן אין אַ גרויסער שטוב, אַליין מיט מיין פֿרוי.

דער עלטסטער זון מיינער האָט געוווינט אין וויניאַ דעל מאַר און די אַנדערע צוויי זיינען געווען תמיד פֿאַרנומען מיט זייער אומרויִקער פּראָפֿעסיע (דריי פֿון מיינע זין האָבן אויסגעקליבן די אַדוואָקאַטור־פּראָ־פֿעסיע). מיטן אַוועקגיין פֿון מיין יינגסטן זון פֿון דער היים, האָט זיך אָפּגעטאָן ביי אונדז די פֿרייד פֿון שטוב.

מיין יינגסטער זון האָט אין צוויי חדשים אַרום נאָך זיין אָנקומען קיין ישׂראל, פֿאַרלאָזט דעם צוגרייטונגס־אינסטיטוט פֿאַר מדריכים (דער־ציִער) אין גלות, און איז אַריין אין דעם ירושלימער אוניווערסיטעט, אויף הומאַניסטיק. ער איז אויך געוואָרן אַ תּלמיד פֿון דער קאַטעדרע אויף יידיש פֿון פּראָפֿעסאָר דבֿ סדן.

ער האָט אַזוי צו זאָגן, אין ישׂראל, דעזערטירט פֿון גלות.

מיין לייבעלע איז שוין היינט אַ גאַנצער לייב. ער האָט זיך דאָ פֿאַראייניקט מיט אַ ישׂראלדיקער טאָכטער, ורדה בר־שלום, וואָס אַרבעט איצט אויף איר דאָקטאָראַט פֿאַר יידישע געשיכטע אין דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט.

אין מערץ איז געקומען צו מיר מיין עלטסטער זון מיט זיין אַ פֿאַר־טיקן פּלאַן, אַז ער פֿאָרט מיט דער גאַנצער משפּחה זיינער — זיין פֿרוי און פֿיר קינדערלעך — קיין ישׂראל. ער האָט זיך באַוואָרנט, אַז ער פֿאָרט זעהן נאָר אויף צוויי יאָר, און אַז דאָרטן וועט ער באַשליסן צי ער פֿאַרבלייבט אויף תמיד, אָדער ער קערט זיך אום צוריק קיין טשילע.

זיין פּלאַן האָט מיר אַ ריר געטאָן פֿון אָרט. איך האָב באַשלאָסן אויך

מיטצופאָרן. מיין פרוי איז אויך מסכים געווען צו פאָרן, כאָטש זי האָט זיך נאָך עד היום דאָ ניט אַקלימאַטיזירט. דאָ וואָלט מען דאָס געדאַרפט אָנרופן „אַקליטהטיזירן".

מיר האָבן געמאַכט דעם חשבון — צוויי זין דאָ, צוויי זין דאָרטן — און אויסגעקליבן דעם „דאָרטן".

עס איז אָנגעקומען ניט אַזוי לייכט דאָס פאַרלאָזן טשילע, ווו מיר האָבן אָפּגעלעבט קאַרגע 40 יאָר.

איך בין דאָך געשטאַנען ביים צוקאָפּנס פון דעם אויפקום פון דעם יידישן ישוב אין טשילע. איך האָב אים געטראָפן ווען ער איז נאָך געווען אין די ווייקעלעך. איז דען פאָרגעקומען איין פאַרזאַמלונג אין דעם יידישן טשילע וואָס איך האָב זיך אין איר ניט באַטייליקט?

איז דען געווען אין דעם יידישן טשילע אַ געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיווע, איך זאָל אין איר ניט האָבן קיין חלק?

אַחוץ דעם האָט זיך אָנגעקליבן פאַר אַזוי פיל יאָרן אַ היימישע באַלעבאַטישקייט און אַ ביבליאָטעק פון אַ טויזנט ביכער. דאָס אַלץ האָב איך געמוזט ליקווידירן. איך האָב געוווּסט וואָס פאַר אַ דוחק אין ישראל איז אויף דירות.

דעם 30סטן אויגוסט 1963 האָב איך פאַרלאָזט טשילע.

דאָס געזעגענען זיך מיטן לאַנד און באַזונדערס מיטן ישוב, איז געווען אַ רירנדיקער. אויפן פליפעלד פון „לאָס סעריזשאָס" זיינען זיך געקומען געזעגענען מיט אונדז עטלעכע הונדערט מענטשן, אַחוץ די פאַרשיידענע אָפּשיידס־אָוונטן, וואָס אינסטיטוציעס האָבן איינגעאָרדנט פאַר מיר.

איך האָב זיך געזעגנט מיטן לאַנד, אין אַ ליד וואָס האָט געהייסן „אַ לויב צו טשילע". דאָס דאָזיקע ליד האָט אַרויסגערופן גערירטקייט ביז טרערן ביי די טשילענער יידן, ווען איך האָב עס פאָרגעלייענט אויף מיין אָפּשיידס־אָוונט.

דאָס ליד איז קאָמענטירט געוואָרן אין דער טשילענער פרעסע (דער ניט־יידישער) און אויך איןביידע יידישע טעגלעכע צייטונגען פון בוענאָס איירעס, אין „די יידישע צייטונג" דורך שמואל ראָזשאַנסקי און אין „די פּרעסע" דורך יעקב באָטאָשאַנסקי.

אין דעם דאָזיקן ליד זיינען געווען אַזעלכע שורות:

...דו האָסט מיך אויפגענומען,

אַ פרעמדן,

מיט מיין אַלטן גלות־יחוס,
אַ פאַרטריבענער פון גלות...

איך בין געקומען צו דיין שוועל,
אַ מידער,
מיט הענגענדיקע פּאָלעס,
— פון בייזע הינט צעריסן —
מיט צעבאָרכענע גלידער
און דאָס לייב — צעשמיסן.

איך האָב אין דיינע אָרעמס, געפונען רו
פאַר מיין קאָפּ, דעם מידן.
דיין ערד איז ווייך געווען
פאַר מיינע פיס,
צעבלאָנקטע, צעוווּנדיקטע,
אַנטלאָפענע, געיאָגטע.
האָסט מיט די פליגלען פון דיין זון
אויסגעווישט מיין טרער,
אויסגעגלעט דעם צער פון מיין געביין,
דעם פּיין אין די קאַרבן פון מיין שטערן
און מיט דעם שניי פון דיינע אַנדן
אויסגעקילט דעם בראַנד
פון מיינע אויסגעוויינטע אויגן.

איך האָב בכיוון געבראַכט אַ פראַגמענט פון דעם ליד, כדי דער לייענער זאָל זען ווי אַזוי איך בין געווען פאַרבונדן מיט טשילע.

איך האָב געוווּסט פון אַלע שוועריקייטן אין ישראל.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז פאַר אַ מענטשן אין עלטער פון קאַרגע 65 יאָר, איז שווער זיך צו אַקלימאַטיזירן מיט די חמסינען און די פייכט־קייטן, נאָכן אָפּלעבן צענדליקער יאָרן אין אַ מילדן קלימאַט.

איך האָב אויך געוווּסט די שוועריקייטן זיך צו קענען איינגלידערן אין דער געזעלשאַפט ביי דעם דאָזיקן עלטער און פון קענען זיך אַריינ־וואַרפן אין דעם שמעלצטאָפּ פון מזוג־גלויות. איך האָב דאָך שוין געזען די ישראלדיקע ווירקלעכקייט, די שטעט וואָס זעען אויס ווי קאָסמאָפּאָלי־טישע, ווו איר זעט פאַרשיידענע פּנימער און איר הערט אַלערליי שפּראַכן.

איך האָב געוווסט ווי שווער עס קומט אָן, איידער מען דערזעט דיין פּנים אין דער געזעלשאַפט און אין דער ליטעראַטור.

איך האָב פון דעסט וועגן באַשלאָסן זיך צו לאָזן אויף דעם נייעם, אומבאַקאַנטן וועג, אַפילו אויפן חשבון פון פערזענלעכע קרבנות.

איך האָב דאָס געטאָן, ווייל איך האָב געוואָלט זיין קאָנסעקווענט און גאַנץ מיט זיך אַליין.

איך בין געקומען — אין די לעצטע יאָרן — צו דער איבערצייגונג אַז דער גורל פון דעם ווייטערדיקן קיום פון דעם יידישן פאָלק, איז דורכויס פאַרבונדן מיט דעם גורל פון דער יידישער מדינה.

איך זע ניט ווי עס קען ווייטער עקסיסטירן דאָס יידישע פאָלק, אָן דעם פאַקטאָר פון דער יידישער מדינה, בעת מיר לעבן אין אַזאַ צייט און אין אַזאַ טעמפּאָ, וואָס די אַרומיקע וועלט רייסט שטיקער פון אונדזער נאַציאָנאַלן גוף און גייסט אונדז אַריין אין דעם ים פון פרעמדקייט.

איך גלויב, אַז אונדזער אייביקייט האָט זיך פאַרבונדן מיט דעם קיום פון אונדזער לאַנד און דערפאַר האָבן מיר ניט קיין ברירה, ווי נאָר זיגן אין אַלע אונדזערע קאַמפן און מלחמות — אַפילו אין דער מלחמה קעגן זיך אַליין, אין דער מלחמה פון זיך קענען באַפרייען פון דעם אויסגעדוכטן ווילטאָג — ווייל קיין נייעם חורבן זיינען מיר ניט מסוגל איבערצוטראָגן.

און דערפאַר האָב איך באַשטימט עולה צו זיין.

איך האָב צו זיך אַליין געזאָגט, אויב דו זאָלסט אַפילו ניט קענען נעמען קיין אָנטייל אין דרייען דעם ראָד פון דעם יידישן גורל, טאָ דריי זיך כאָטש מיט אין דעם גורל־ראָד פון דיין פאָלק.

איך האָב געטראַכט ביי זיך: אמת, דו גייסט טאַקע קיין ישראל מיט שוואַכע, וואַקלענדיקע טריט פון אַן עלטערן מענטשן, אָבער דאָך קענסטו הייסן אַ חלוץ, אין דעם זין פון „והחלוץ הולך לפני המחנה" — וואָס דו וועסט דינען מיט דיין עליה ווי אַ ביישפּיל פאַר דיין אַרום, און וואָס מיט דיר וועט ישראל זיין נומעריש גרעסער כאָטש מיט נאָך איין יידן.

איך האָב טשילע פאַרלאָזט דעם 30סטן אויגוסט 1963. דעם זעלבן טאָג בין איך אָנגעקומען קיין ב. איירעס, וווּ איך בין פאַרבליבן ביזן 4־טן סעפּטעמבער.

דער יידישער ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין אַרגענטינע, אויפן נאָמען פון ה. ד. נאָמבערג, האָט באַוויזן זיך צו געזעגענען מיט מיר ביי אַ גלעזל וויין.

דעם טאָג פאַר די רעדעס פון דער דאָזיקער מסיבה האָט געגעבן דער

דעמאָלסטדיקער פּאָרזיצער פון דעם פאַראיין, יעקב באָטאָשאַנסקי ז״ל, און אויפן שטייגער פון דרום־אַמעריקע זיינען געווען ביי אַ פופצן רעדנער. אַלע האָבן אונטערגעשטראָכן, אַז מיט מיין פאַרלאָזן טשילע האָט זיך צוגעמאַכט דאָס לעצטע בלעטל פון דער יידישער ליטעראַטור אין טשילע.

דער דאָזיקער אָפּשייד איז געווען אַ חבריש־וואַרעמער און ער האָט מיר באַלויכטן אין מיין ווייטערדיקן גאַנג.

דעם 4־טן סעפּטעמבער האָבן מיר, אַ שיף מיט 500 יידן, פאַרלאָזט די ברעגעס פון לאַ פּלאַטאַ־טייך.

ווען אונדזער שיף האָט זיך גענומען רירן פון ברעג, זיינען מיר באַגלייט געוואָרן פון אַ מילדער, פאַרנאַכטיקער פרילינגס־זון, און פון הונדערטער יידן, וואָס זיינען זיך געקומען געזעגענען מיט זייערע קרובים און פריינד, וועלכע האָבן עולה געווען קיין ישראל. אין דער לופטן האָבן געוויייעט טראַנספּאַראַנטן מיט פאַרשיידענע לאָזונגען.

פלוצלונג האָבן די מענטשן אויף דער ערד אויסגעבראָכן מיטן געזאַנג פון התקווה און דער עולם אויף דער שיף האָט אים אויפגעכאַפּט מיט התלהבות.

מיר זיינען געפאָרן מיט אַ בראַזיליאַנער שיף, „אנא נערי״. די סוכנות האָט איר אָפּגעדונגען אויף עטלעכע רייזעס, פון ב. איירעס קיין ישראל און צוריק.

די שיף איז מיט גאָרניט געווען ענלעך צו די שיפן אויף וועלכע די אַמאָליקע עמיגראַנטן האָבן זיך געשלעפּט פון אייראָפּע קיין ניו־יאָרק אָדער בוענאָס איירעס.

דעמאָלסט איז דאָס פאָרן געווען אַן אָפּקומעניש. מען איז געשלאָפן אין די צענדליקער אין איין קאַיוטע און מען איז קוים אָנגעקומען לעבע־דיקערהייט אויף די ערטער וווהין מען איז געפאָרן.

„אַנאַ נערי״ איז געווען אַן אמתע לוקסוס־שיף, מיט אַ שווים־באַסיין, מיט אַ גרויסן זאַל פאַר פאַרוויילונגען און טענץ און מיט אַ קלענערן זאַל מיט אַ באַר, ווו די פּאַסאַזשירן האָבן פאַרבראַכט דעם גרעסטן טייל פון טאָג. די מאַנשאַפט פון שיף און אירע באַדינערס זיינען געווען איידל און העפלעך, ווי דאָס קענען זיין נאָר די בראַזיליאַנער.

אויף דער שיף איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט, וואָס האָט באַדינט די מענטשן מיט פאַרוויילונג און אויך מיט קולטור־גענוס. במשך פון דער רייזע זיינען געלייענט געוואָרן לעקציעס אין יידיש און שפּאַניש און עס איז אויך איינגעאָרדנט געוואָרן אַ מין קינדער־גאָרטן און אַ אולפּן

פאַר העברעיִש פאַר די דערוואַקסענע מענטשן. אויף דער שיף איז געװאָרן אַ גוטער לערער פון העברעיִש פון מאָנטעווידעאָ, סאַראַגאָוויטש האָט ער געהייסן.

איך האָב פון סוכנות באַקומען אַ באַקוועמע קאַבינע, בתנאי איך זאָל אין משך פון דער רייזע פירן אויף דער שיף אַ קולטורעלע טעטיקייט. איך האָב דאָס געטאָן מיט חשק. איך האָב דאָרטן גערעדט וועגן עטלעכע יידישע שרייבער און אויך פאָרגעלייענט אייניקע פון מיינע שאַפונגען.

די גרויסע מערהייט פון די 500 עולים זיינען געקומען פון אַרגענטינע, אַחוץ עטלעכע פאַמיליעס, וואָס זיינען געווען פון טשילע, אורוגוואַי און בראַזיל. די עולים זיינען באַגלייט געוואָרן פון אַ פאָרשטייער פון דער מחלקת־העליה פון ב. איירעס און פון אַ פאַר ישראל־מענטשן.

איינער פון די ישראל־באַגלייטער האָט געהאַט אַ טשיקאַווען און מיסטעריעזן אויסזען. ער איז געווען אַ נידעריק־וווּקסיקער, מיט אַ פּאָר גרויסע, דיקע שוואַרצע וואָנצעס — אַ זכר פון די קעמפער אין דער באַפרייונגס־מלחמה פון 1948 — מיט אַ פּאָר טיפע אויגן, וואָס האָבן אַזוי אומהיימלעך געשוויגן, ווי ער אַליין. זיינע וואָנצעס האָבן פאַרדעקט אַ שטיק פון זיין פּנים און זיינע אומשולדיקע ליפּן.

וואָס האָבן זיך ניט משער געווען די פּאַסאַזשירן פון „אַנאַ נערי" וועגן אָט דעם דאָזיקן באַגלייטער, וואָס האָט קיינעם ניט באַגלייט ?!

אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ טבע זיך אַריינשטעלן ביים אַריינגאַנג פון באַר, ווו די פּאַסאַזשירן האָבן פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג — און דאָרטן אָפּשטיין שעהן־לאַנג, גאָרניט טועגדיק אַחוץ פּיפּקען פון זיין לולקע, האָבן זיי באַשלאָסן אַז ער איז אַן אַגענט פון דער ישראלדיקער פּאָליציי.

איך האָב זיך דווקא באַקאַנט מיט אים און איך קען עדות זאָגן, אַז ער איז געווען גאָט די נשמה שולדיק. ער איז געווען אַן איידעלער מענטש, וואָס איז אין דער יוגנט געווען באַגייסטערט מיט דער אידעע אָפּצוגעבן זיין לעבן פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער באַפרייונג. ער האָט געהערט צו דער הרות באַוועגונג, און דאָס מיסטעריעזע, דער גייסט פון קאָנספּיראַציע, איז ביי אים פאַרבליבן ביז היינט.

איצט, אין 1963, איז ער שוין געווען אַן אָפּגעקילטער אזרח (בירגער), וואָס האָט געזוכט אַ רייזעלע קיין בוענאָס איירעס, און צוריק, און דערביי פאַרדינען אַ פּאָר לירות. דער פאָרשטייער פון דער מחלקת העליה פון בוענאָס איירעס האָט, ווי ער האָט נאָר באַטראָטן דעם

„אַנאַ נערי״ — וואָס ער האָט אים מסתמא גערעכנט פֿאַר ישראלדיקער טעריטאָריע — פֿאַרלאָרן די איידלקייט און די העפֿלעכקייט פֿון די דרום־אַמעריקאַנער יידן, און איבערגעלאָזן דעם „גוטמאָרגן״ אין אַרגענטינע.

די עטלעכע אָפֿיציעלע פֿאַרשוויגענע האָבן זיך זעלטן געגריסט מיט די פּאַסאַזשירן.

צווישן די פֿינף הונדערט עולים האָט מען ווייניק באַמערקט אָרגאַניזירטע הלוצישע עלעמענטן. עס איז דאָרטן געווען אַ קליינע גרופּע פֿון עלית־הנוער, אַ ביסל ווירדיקע און באַוווסטזיניקע מענטשן — צווישן זיי אַ צאָל פּראָפֿעסיאָנאַלן — און די איבעריקע האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט אַ מין ערב־רבֿ.

צווישן זיי זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבן אין אַרגענטינע באַנקראָטירט, אַזעלכע וואָס האָבן געוואָלט אָנהייבן זייער לעבן פֿון דאָס ניי, און מענטשן וואָס האָבן געמיינט, אַז אָנקומענדיק אין אַ נייעם לאַנד, וועלן זיי פּטור ווערן פֿון זייערע „פּראָבלעמען״.

צווישן די פֿינף הונדערט יידן אויף דער שיף, איז געווען היבש פֿאַרטראָטן די יוגנט, וואָס האָט זיך ניט געקענט איבערנעמען מיט איר האַלטונג און פּירונג. די שיף איז פֿאַרהילכט געוואָרן מיט ווילדע קולות, ביז אין דער טיפֿער נאַכט אַריין.

כאָטש די מערסטע פֿון די פּאַסאַזשירן זיינען געפֿאָרן קיין ישראל אויפֿן חשבון פֿון דער סוכנות, האָבן זיי זיך דאָך געוואָרפֿן ביים בופֿעט פֿון דער שיפֿס־קאַנטינע מיט זייערע לעצטע דאָלאַרן און אויך ביים איינקויפֿן די מציאות אין אַלערליי פּאָרטן.

עס איז געווען אַ ווייטיק צוצוקוקן זיך אויף דעם צעשטערערישן כּח זייערן, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דעם פֿאַרברענגען מיט זייערע ציגאַרעטן די פֿריש אינסטאַלירטע מעבל אויף דער נייער שיף, און מיט רייסן שטיקער פֿון זיי, מיט מעסערלעך. עס זיינען אויך געווען פֿאַלן פֿון גנבֿות ביי די פּאַסאַזשירן.

איך האָב מיר געטראַכט: „הזאת היא נעמי — אָט אַזוי זעט אויס אונדזער יוגנט?! אָט מיט דער דאָזיקער יוגנט וועלן מיר דאָס דאַרפֿן בויען אונדזער לאַנד?!

איך מיין, אַז די „אנא נערי״ האָט מיט זיך געפֿירט די שיריים פֿון דער גרעסערער עליה וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו יענער צייט אין דרום־אַמעריקע. איך בין זיכער, אַז די בעסערע עלעמענטן פֿון דער דרום־אַמעריקאַנער עליה האָבן זיך שוין געפֿונען אין ישראל און

די דאָזיקע, וואָס זיינען איצט געפאָרן מיט דער „אנא בערי", זיינען נאָר געוועזן ציפערן פאַר דער מחקלקת העליה.

אין נעאַפּאָליס זיינען געקומען איבערצונעמען די שיף ביי אַ צוועלף פונקציאָנאַרן, צווישן זיי אַזעלכע וואָס האָבן קיין שום פונקציע ניט דורכגעפירט, נאָר געוויזן זייערע שטייפע, אָנגעצויגענע פּנימער, אָן אַ שלום אויף זייערע ליפּן.

זיי זיינען דאָס געקומען, כדי די עולים זאָלן ניט דאַרפן דורכמאַכן די אַלע פאָרמאַליטעטן אין פּאָרט און זאָלן גלייך באַטרעטן די לאַנג־דערוואַרטע ישראל־ערד.

זיי האָבן אָבער דערביי דורכגעפירט אַ „דערציערישע" אַרבעט. אַנשטאָט דורכצופירן די פאָרמאַליטעטן גלייך ווי זיי זיינען אַרויפגע־קומען אויף דער שיף, האָבן זיי דאָס געלאָזן אויפן לעצטן טאָג, כדי דער עולה זאָל שוין אויף דער שיף פאַרזוכן דעם טעם פון זיך שטופּן אין תור (ריי).

אין דער נאַכט וואָס מיר האָבן זיך דערנענטערט צו די ברעגעס פון ישראל, האָבן מיר שוין פאַרנומען אין אונדזערע טראַנזיסטערס די אוידיציעס פון ישראל.

דער עולם איז געוואָרן ערנסטער פאַרן באַגעגענען זיך מיט דעם נייעם גורל.

צוליב דעם וואָס די ישראל־פונקציאָנאַרן האָבן דורכגעפירט דעם קאָנטראָל פון די עולים אויפן וועג צווישן נעאַפּאָליס און חיפה, איז די פּראָצעדור פון אַראָפּשטייגן אין חיפה געוועזן אַ שגעלע.

איך האָב נאָך אין טשילע באַשטעלט אַן אָרט אין בית בראָדעצקי (אַ הויז ווו נייע עולים קענען וווינען אַ געוויסע צייט ביז זיי אָרדענען זיך איין אין לאַנד), און גלייך געהאַט אַן אייגענעם, באַקוועמען ווינקל. די צימערן פאַר צוויי פּערזאָן זיינען אין בית־בראָדעצקי רחבותדיקע און פאַרמאָגן געוויסע באַקוועמלעכקייטן.

דאָס הויז געפינט זיך אין אַ פּרעכטיקער געגנט, אין רמת־אביב.

אַ גרופּע גוטע פריינד פון טשילע זיינען מיר געקומען באַגעגענען אין פּאָרט פון חיפה, און אַ סך טשילענער יידן, וואָס זיינען שוין געוועזן וותיקים אין לאַנד, זיינען געקומען אין בית־בראָדעצקי, מיר אָפּצוגעבן זייער פריינדלעכן שלום־עליכם.

פון מיינע באַגעגענישן האָב איך אַרויסגעדרונגען, אַז די הויפּט־פּראָבלעם פון אַן עולה אין לאַנד, איז אַ דירה — אַ דאַך איבערן קאָפּ.

מען האָט פון די אַלע רייד געזען און געלערנט, אַז דירה איז קודם פּרנסה.

דעם ערשטן פייער וואָס דער עולה שיסט אויס, איז אין אַרומלויפן זוכן אַ דירה — אַ שיכון.

די טאַקטיק פון דער רעגירונג אין הסכם מיט דער סוכנות איז, אַז יעדער בירגער פון ישראל זאָל זיך באַזאָרגן מיט אַן אייגענער דירה. צוליב דעם ווערן אַלע עולים אייגנטימער פון זייערע וווינונגען.

קען מען אפשר זען אין אַזאַ טאַקטיק אַ פּאָזיטיווע זאַך. די סוכנות מיידט דערביי אויס די ספּעקולאַציע פון דירות, פון באַדן און אויך פון הויכע דירה־געלט. זי גיט אויך די מעגלעכקייט דעם עולה, ער זאָל קענען צוקומען צו אַ שטיקל נחלה מיט די פאַרלייכטערונגען אויסצוצאָלן דאָס הויז, אַ טייל אויף מזומן און דאָס איבעריקע אין משך פון 30 יאָר.

די דירה ווערט דעם עולה פאַרקויפט אָן קיין שום הנחות — אויף איר רעאַלן ווערט און דער חוב ווערט באַצאָלט פאַררעכענענדיק אַלע באַנק־פּראָצענטן, נאָך מיטן פאַרזיכערן דעם ווערט פון דעם חוב לויטן אינדעקס.

איז אָבער דאָ אַ צרה דערביי. דער עולה האָט דעם געפיל, אַז ניט מען פאַרקויפט אים די דירה, נאָר מען „גיט" זי אים.

ער ווערט באַלד שפּל ביי זיך, ווי ער טרעט נאָר אַריבער די שוועל פון דער סוכנות.

ערשטנס, ווערט ער מבולבל ווען ער דערזעט פאַר זיך דעם ריזן־בנין פון דער סוכנות — די „גראַמאַדע". צו וואָס — טראַכט זיך דער עולה — אַזאַ פאַרוואשענדונג, אַזאַ לוקסוס, ווען יעדער מעטער ערד אין תל־אביב איז אַזוי טייער? באמת זעט אויס דער בנין פון דער סוכנות אימפּאָזאַנט. פון אויסנווייניק און פון אינעווייניק, מיט זיין פאַרנעם, מיט די רחבותדיקע, ליכטיקע, באַזונטע צימערן, מיט די הויב־ווינדעס און מיט הכל בכל מכל.

אַחוץ דעם אַלעמען, די באַציִונג. איך שרייב וועגן דעם ניט פון אויסנווייניק, ווי אַ צוקוקער, נאָר פון אייגענער עקספּעריענץ, פון אייגע־נער פּראַקטיק.

דעם טאָג וואָס איך פלעג דאַרפן גיין אין סוכנות, האָט ער געמעגט זיין אַ זוניק־ליכטיקער, איז ער פאַר מיר פאַרטונקלט געוואָרן, דערזעענ־דיק פאַר מיינע אויגן די אָנגעבלאָזענע און כעסנע פּנימער פון די סוכנות־פּקידים, וואָס האָבן דערנידעריקט און אָוועקגערויבט ביי יעדן „פּעטענט" זיין אייגן־ליבע, זיין ווערדע און זיין מענטשלעכן שטאָלץ. איך האָב געזען

ווי די טויזנטער עולים, וואָס זיינען אין יענעם יאָר (1963) אָנגעקומען קיין ישראל פון דרום־אַמעריקע גייען מיט נידעריקע קעפּ און טראַכטן: „הזאת היא נעמי״ — אַזוי באַהאַנדלט מען דאָס אַ יידן, וואָס איז געקומען קיין ישראל מיט אַ פולן הארץ, מיט ליבשאַפט צו זיין פאָלק און לאַנד? אַזוי באַגייט מען זיך דאָס מיט יידן, וואָס האָבן צענדליקער יאָרן געלעבט אויפן אַמעריקאַנער באָדן, אין פרייהייט און אין דעמאָקראַטיע, און האָבן אָוועקגעגעבן זייערע פרייע טעג און נעכט, כדי אויפצוהאַלטן דעם יידישן קיום אין דער פרעמד און וואָס זיינען סוף כל סוף געגאַנגען פאַרווירקלעכן זייער חלום וועגן לאַנד אין דער רעאַלער ווירקלעכקייט?

איך האָב געזען ווי אָט די ניט גענוג אויסגעוואַקסענע פקידים מאַכן פון דעם יידן וואָס איז דאָרטן, אין דעם לאַנד פון וואַנען ער איז געקומען, געווען אַ „עפּעס״ — אַן „אפס״, אַ גול, אַ גאָרניט.

איך האָב געזען די אויבנאַראָפּיקע באַהאַנדלונג פון די פקידים צו די עולים — ניט ווי צו ברידער וואָס קומען כדי זיך צו פאַרבינדן מיטן גורל פון אונדזער פאָלק און לאַנד, נאָר ווי ברוטאַלע טשינאָווניקעס צו „גרינע״ — צו „גרינע חיות״.

מיינע פיס פלעגן זיך אַנטזאָגן צו פאָלגן, ווען איך האָב געדאַרפט אַרויפשטייגן אויף די עטלעכע טרעפ, וואָס פירן צום בנין פון דער סוכנות.

דאָרטן זיינען געווען גענוג פקידים, אַז זיי זאָלן האָבן דעם געדולד צו באַהאַנדלען די עולים ווי זייערס אַ גלייכן, נאָך מער ווי געגוג, לויט אַלע פּאָליטישע געשמאַקן, אין ספּאָרט־העמדער און אין קראַוואַטן, מיט טשופּרינע־קעפּ און מיט פּיצינק מאַנטשיקע יאַרמלקעס אויף די קעפּ, און דאָך זיינען תמיד די געוואַלדן אין סוכנות געווען גרויס און די ריי לאַנג.

הייסט דער „קום מאָרגן״ — פּונקט ווי אין דרום־אַמעריקע — „מאַניאַנאַ״.

די סוכנות האָט תמיד געהאַט דעם חשבון ווי צו פאַרטיילן די פּאָסטנס, קיינעם ניט צו „באַעוולהן״. זי האָט אויך געהאַט אירע געפלאַנטע, אויסגערעכנטע געלט־ביודזשעטן. עס האָט איר אָבער געפעלט נאָר איין „ביודזשעט״ — דער ביודזשעט פאַר איידלקייט און העפלעכקייט.

גאָט זאָל מיר ניט שטראָפן פאַר מיינע רייד — איך האָב די סוכנות פאַרגליכן צו דעם טרערן־אינדזל פון עליס איילאַנד.

אין אַ שמועס מיט אַ רעדאַקטאָר פון אַ יידישער צייטונג אין תל־

אביב, האָב איך די דאָזיקע פאַרגלייכונג געבראַכט, און זי איז נאָך דעם, אַזוי צו זאָגן, געוואָרן אין אַ געוויסער מאָס באַקאַנט.

מיר האָט זיך אויסגעדוכט אַז דער פּקיד וואָס זיצט ביי זיין טיש אָדער טישל אין סוכנות, דערזעט ניט ווי די ביטערע טרער פון דעם עולה פאַלט אַריין אין זיין טיי, וואָס ער מישט צוזאַמען מיט צוקער.

איך פּערזענלעך, האָב ביים זוכן מיין דירה, געהאַט די זעלבע ביטערע דערפאַרונג ווי אַלע אַנדערע.

איך האָב מיך לכתּחילה געקערט צו מיינעם אַ „לאַנדסמאַן" פון טשילע, וואָס האָט געאַרבעט אין סוכנות, אַ יונגער, געזונטער מענטש, וואָס האָט געקענט זיין נוציק ביי אַ מער פּראָדוקטיווער אַרבעט ווי אַרומקריגן זיך מיט עולים און ווירקן אויף זייערע נערוון מיט זיין „מאַניאַנאַ". ביי אים איז דער „מאַניאַנאַ" געווען אַן עכטער, אַן אָריגי־נאַלער.

איך האָב דעם דאָזיקן ניי־אויסגעבאַקענעם פּקיד געקאַנט פון סאַנטיאַגאָ, ווען ער איז נאָך געווען אַ ייִנגלינג. ער מיר האָט אויך געקענט. ער האָט געשטאַמט פון אַ ספרדישער משפּחה, וואָס האָט אַרויס־געגעבן פיר זין ציוניסטן. אַנשטאָט אַרויסצוווייזן צו מיר דרך־ארץ און דינסט־גרייטקייט, האָט ער מיר געליגנערט, ווי אַלע אַנדערע עולים, מיט זיין „מאָרגן, איבערמאָרגן, די אַנדערע וואָך".

איך האָב געהאַט דעם גליק און דעם מזל זיך אָפּצוטשעפּען פון מיין יונגן „לאַנדסמאַן" און זיך איבערצוגעבן אין אַנדערע הענט, אין די הענט פון אַ פּרוי, וואָס האָט זיך צו מיר באַצויגן ווי אַן אייגענע שוועסטער און איז מיר אַנטקעגנגעגאַנגען און פאַרלאָפן דעם וועג.

איך האָב אין איר דערזען די אַנדערע ישראל. דאָס איז געווען די פרוי רות לעוו.

אַ דאַנק איר האָב איך אין אַ פּאָר וואָכן באַקומען אַ צוויי־צימערדיקע וווינונג אין רמת־יוסף. איך האָב דווקא געוואָלט אַ ביסל אַ גרעסערע — ניט אַזאַ גרויסע ווי אין טשילע — נאָר אַזאַ וואָס זאָל כאָטש האָבן נאָך אַ קליינעם צימערל, ווו איך זאָל קענען אָוועקשטעלן אַ שרייבטישל פאַר מיר.

מיין פּראָטעקטאָרין, רות לעוו, האָט מיר אָבער אַ זאָג געטאָן: איך ראַט אייך צו נעמען די דירה, און איך האָב איר געפאָלגט.

אַפילו אין „עמידר", ווו מען האָט שוין געמאַכט די לעצטע טריט פאַרן באַקומען דעם שיכון, ווו מען איז שוין געקומען אויסצופירן די

פאָרמעלע ענינים, באַצאָלן און קריגן דעם שליסל, איז די באַציִונג צום עולה געוועזן די זעלבע — אַן אויבנאַראָפּיקע.

איך בין דאָרטן געשטאַנען ביי אַ טישל, ווו עס איז געזעסן אַ יונג מיידל, וועמעס זיידע איך האָב שוין ניט געקענט זיין. פון דער אַנדער זייט טישל איז געשטאַנען אַ בענקל און זי האָט אַפילו ניט געהאַלטן פאַר נויטיק מיר איינצולאַדן זיך זעצן, ביז איך האָב צו איר אַ זאָג געטאָן:

— גברת, דער שטול איז, דוכט זיך, געמאַכט געוואָרן צו זיצן, און איך האָב זיך אַוועקגעזעצט.

איצט, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות (יאַנואַר 1968) שטייט די געביידע פון סוכנות אַ פּאַרלאָזענע. מען הערט ניט די טענות פון די עולים צו די פּקידים.

וואָס טוען זיי היינט די פּקידים? זיי זיינען זיכער רעדוצירט געוואָרן. זיי פאַרנעמען זיך מסתמא מערער מיט רעגולירן די חובות און מיט איבערנעמען די שיכונים פון די געוועזענע עולים — היינטיקע יורדים.

אין אַלע שופרות הערט מען שאַלן: עליה! עליה! — און קיין עליה איז ניטאָ.

די יידן האָבן ליב ישראל, ווי גאָט, מיטן גאַנצן האַרצן, מיט דער גאַנצער נשמה און אויך מיט זייער פאַרמעגן — דאָס זעט מען ביי יעדן קריזיס וואָס די מדינה לעבט איבער — נאָר ניט מיטן גוף. דעם גוף לאָזן זיי איבער אין גלות.

ישראל קען באַזיגן אירע מעכטיקע שונאים, אָבער ניט געווינען אירע בעסטע פריינד — די יידן פון דער וועלט.

מען פאַרגלייכט לעצטנס די וויכטיקייט פון דער עליה מיט דער וויכטיקייט פון אונדזערע זיכערקייט־כוחות. אויב אַזוי, איז פון די וואָס זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער עליה באַגאַנגען געוואָרן אַ בגידה קעגן זיך אַליין. זיי מוזן מודה זיין אין דעם, זיך קלאַפּן על חטא און ערנסט תשובה טאָן.

* * *

אַ פּאָר חדשים נאָך מיין אָנקומען אין לאַנד, האָט מיך דער יידישער ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פּאַראיין אין ישראל אויפגענומען אויף אַן אָוונט. פּרעזידירט דעם אָוונט האָט דער דעמאָלסטדיקער פאָרזיצער פון פאַראיין, דער רעדאַקטאָר פון די „לעצטע נייעס”, מ. צאַנין.

איך געדענק ווי ער האָט מיר דאַן געוווּנטשן אַ גוטע קליטה.

ער האָט מיר דאַן „צוגעזאָגט", אַז איך וועל האָבן צו זינגען און צו זאָגן, ביז איך וועל די קליטה דורכמאַכן.

וויל איך זאָגן, אַז די קליטה האָב איך דווקא דורכגעמאַכט אָן באַזונ־דערע שוועריקייטן.

איך האָב זיך צוגעפּאַסט צום לאַנד, אַלץ אויפגענומען אָן טענות. גאָרניט ביי קיינעם געמאָנט. פאַרקערט, איך האָב נאָך געהאַט טענות צו זיך, פאַר וואָס איך בין אַזוי שפּעט געקומען אין לאַנד און איבערגעלאָזט מיינע בעסטע יאָרן, דאָרטן, אין די מרחקים. ועזבו לאחרים חילם איז מיר תמיד געקומען אויפן רעיון. איך האָב אַפילו אָנגעשריבן אַ ליד אונטערן נאָמען „מיר קומט גאָרניט", וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שטיקל פּאָלעמיק. אַ שליח פון ישראל אין טשילע, וואָס האָט זיך דערוווּסט וועגן מיין אַקטואַציע דאָרטן, האָט אַפילו אָנגעשריבן אַן אָפענעם בריוו אין דער פּרעסע, אַז אדרבא, מיר קומט יאָ.

די אַלע נויטן צו שאַפן זיך אַ נייע היים, אַ פּאָזיציע אין דער געזעל־שאַפט, האָבן אַרויסגערופן ביי מיר די ענערגיע, וואָס איך האָב פאַראָמגט אין זיך.

די ערשטע דריי יאָר בין איך געווען געגוג טעטיק, סיי אין די ענינים פון פערזענלעכן לעבן, סיי אין דער געזעלשאַפט.

איך בין געווען אין משך פון צוויי קאַדענצן אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון יידישן שרייבער פאַראיין אין ישראל, אַ פּאָר יאָר דער פּאָרזיצער פון אַ יידישער קולטור־געזעלשאַפט, וואָס איז באַשטאַנען מערסטן טייל פון דרום־אַמעריקאַנער יידן און אויך מיטגליד פון פּרעזי־דיום פון דער געזעלשאַפט פון געוועזענע יידישע לערער און שילער פון די וועלטלעכע שולן. די לעצטע געזעלשאַפט האָט צו מיר באַזונדערס אַפּעלירט, צוליב דער ליבשאַפט צו מיינע געוועזענע תלמידים, וואָס לעבט נאָך ביז היינט אין מיר.

נאָך דריי יאָר אָפּזיין אין לאַנד, איז פּלוצים מיין געזונט געשלאָגן געוואָרן און איך האָב זיך געמוזט צוריקציען פון מיינע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן און ווערן אַ יושב אוהל.

אַ גאַנץ לעבן — פון צען־יעריקן עלטער אָן — איז מיין היים געווען די וועלט, און היינט גייט ניט אַריין „מיין וועלט אין מיין היים"...

איך בין תמיד געווען געוווּנט, אַז מיינע טעג זאָלן זיך אויסציען

אין די נעכט אַריין, און היינט איז פאַרקערט, די נאַכט ציט זיך אויס אין דעם טאָג אַריין.

אין סעפּטעמבער 1966 האָב איך אין מיטן פון אַ נאַכט, פאַרזוכט דעם ישראלדיקן שפּיטאָל, און פון דאַן אָן בין איך אַן אָפטער באַזוכער פון די דאָקטוירים פון קופּת־חולים.

קראַנקערהייט לעבט מען אָבער אויך.

איך האָב שוין פאַרזוכט און איבערגעלעבט אַ מלחמה אין ישראל. איך, ווי אַ סך אַנדערע, האָבן איר איבערגעלעבט טאַקע דערפאַר וואָס זי האָט זיך אַזוי שנעל און אַזוי נצחונדיק פאַרענדיקט.

ווי אַזוי האָט דאָס פּאַסירט? צו מיין שכל דערגייט דאָס ניט. דאָס איז געווען אַ מין והשם ילחם בעדכם. אַ מלחמה פון זעקס טעג און פאַרטיק. זי האָט געמוזט זיין פון זעקס טעג און פאַרטיק... לענגער וואַרטן האָבן מיר ניט געקענט.

איך בין אַרויס פון מקלט שטאָלץ וואָס איך בין אַ ייד.

דעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה זיינען מיר געלאָפן צען מאָל אין מקלט אַריין.

איך האָב געזען ווי יעדער איינער פון די שכנים האָט פאָרזיכטיק געטוליעט אַ קליינעם פּעקל צום קערפּער.

— וואָס טראָגן זיי?

— זייער צירונג.

מיר איז איינגעפאַלן: צירונג? צו וואָס דאַרף איך דאָס אַז מיט מיר וועט עפּעס פּאַסירן? האָב איך אויך גענומען אַראָפּגיין מיט אַ פּעקל אין האַנט — מיט מיינע כתבים.

אָבער, דער עיקר, קיין סך לויפן האָט מען ניט געדאַרפט. דעם דריטן טאָג פון דער מלחמה זיינען מיר ניט געלאָפן אין מקלט, ווייל אונדזערע שונאים זיינען זיך צעלאָפן ווי די האָזן, פאַר דעם פּחד וואָס אונדזערע קינדער האָבן אויף זיי אָנגעוואָרפן.

אויפן צווייטן טאָג ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָב איך דער־האַלטן צוויי טעלעגראַמען — איינע פון מיין שוועסטער פון קאַנאַדע און די צווייטע פון מיינע זין פון טשילע — אַז איך זאָל צוזאַמען מיט מיין פרוי אַוועקפליִען אין די וויטע לענדער.

איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון די איבערגעגעבענע עצות.

איך האָב געוווּסט, אַז סיי ווי סיי וועט מיין לעבן ניט ווערט זיין מער ווי אַ שפּײַ, אויב ישראל זאָל חס ושלום ליידן אַ מפּלה.

צוזאַמען מיטן פֿאָלק פֿון ישראל האָב איך אויפֿגענומען דעם נצחון מיט איבערראַשונג, אָבער אָן רעש, אָן לויפֿן איבער די גאַסן און בלאָזן אין די שופרות, שאַלן אין די טרומייטן.

מען האָט אויפֿגענומען דעם נצחון פֿון דער זעקס־טאָגיקער מלחמה פֿון 1967 מיט דעם ערנסט פֿון דאַנקבאַרקייט און מיט דעם אַריינטראַכטן זיך אין זיך אַריין מיט דעם פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט־געפֿיל:

— און וואָס ווייטער?!

* * *

אין אָקטאָבער 1967 איז דערשינען אין תל־אביב מיין בוך „אין גאַנג", אין י. ל. פּרץ־פֿאַרלאַג, מיט אַ געוויסער פֿאַרשפּעטיקונג, צוליב דעם איבערשלאָג פֿון דער מלחמה.

יעדעס מאָל, נאָכן דערשייגען פֿון מיינס אַ בוך, פֿיל איך זיך בבחינת יענעם זינגער, וואָס נאָך יעדן קאָנצערט פּרוּווט ער אויס זיין שטימל:

צי וועל איך נאָך ווייטער קענען זינגען?

דערווייל טראָג איך צו פֿאַר דעם לייענער מיינע זכרונות, וואָס איך האָב זיי געשריבן צווישן יאַנואַר 1967 און יאַנואַר 1968.

אפשר וועט ער אין זיי עפּעס פֿון דער וועלט דערזען, פֿון אַ יידן וואָס איז געגאַנגען איבער דער וועלט, ווי ער איז געגאַנגען און נכשל געוואָרן, אָבער פֿון זיין יידישן דרך־הישר איז ער קיין מאָל ניט אַראָפּ.

# אַ כמו שלוסוואָרט

יעקב פילאָווסקי האָט זיינע זכרונות אָפּגעגאַרט ביים מלאך־המות. ער האָט זיי אָנגעשריבן ווען אַ שווערע נירן־קראַנקייט האָט געהאַט געחתמעט זיין גורל.

אין די ערגסטע שטאַפּלען פון זיין חולאת, ווען זיינע לעצטע פינף לעבנס־חדשים האָבן זיך צעטיילט אַ העלפט אויף אַ העלפט צווישן זיין קראַנקן־בעט און דער שפּיטאָל, האָט ער נאָך געהאַט אין זיך די גייסטיקע כוחות אויף צו קאָרעגירן דעם ערשטן געדרוקטן פּערטל פון זיין בוך.

ווי ער אַליין האָט זיך אויסגעדריקט אין זיין „נאָכוואָרט פון מחבר״:

„איך האָב דאָס שרייבן פון מייגע זכרונות אַלץ אָפּגעלייגט און פון דעם זיך אַרויסגעדרייט. דערווייל האָט אַ קראַנקייט אָנגעקלאַפּט אויף דער טיר פון מיין לעבן און מיר אָנגעזאָגט — האָסטו עפּעס צו טאָן, טאָ אייל זיך צו, אַז ניט וועט זיין צו שפּעט.

איך האָב די דאָזיקע זכרונות אָנגעשריבן — ווי איך האָב שוין אויבן געזאָגט — צווישן יאַנואַר 1967 און יאַנואַר פון 1968, מיט געוויסע הפסקות, צוליב מיינע וואַנלדונגען איבער די שפּיטעלער.

איך האָב אין די זכרונות מיינע דורכגעלאָזט דאָס אינטימע פון מיין לעבן, וואָס איז געבליבן אָפּגעזעצט אויפן גרונט פון מיין נשמה און קען פון דאָרטן ניט אַרויסקומען אויף דער פלאַך. דאָס גלייכן האָב איך דורכגעלאָזט דעם לעצטן קאַפּיטל פון מיין לעבן, אַ קאַפּיטל וואָס באַשטייט בלויז פון געראַנגל פאַר דער עקזיסטענץ, דעם קאַפּיטל פון שפּיטאָל־לעבן, ווו דו זעסט זיך אָן מיט מענטשלעכע ליידן און פּיין, געמישט מיט דער אייביקער האָפענונג, ווו דו טרעפסט זיך אָן פּנים אל פּנים מיט דעם מלאך־המות, וואָס באַפאַלט דעם קראַנקן מיט אַ מאָל, הינטער אַרום, און דער מענטש, דיין בעט־שכן, איז איננו, מער ניטאָ.

אויף אָנצושרייבן דעם לעצטן קאַפּיטל האָט מיר שוין פאַרפעלט כוח — סיי קינסטלערישער קראַפט, סיי פּשוטער פיזישער כוח.

פאַר אַלע בלויזן אין מיינע זכרונות און פאַרן „פאַרטשעפּען״ אייניקע פערזאָנען, בעט איך מחילה.

דער מחבר.

אַפּריל, 1969

פרייטיק, כ׳ בסיון תשכ״ט, דעם 6־טן יוני 1969, איז יעקב פילאָווסקי נפטר געוואָרן.